# אַלע ווערק פון שלום-עליכם

## לכבוד יום-טוב

ערשטעם בוך

שלום-עליכם פאָלקס-פאָנד אויסגאַבע — ניו-יאָרק, 1927

# אינהאַלט

# אַרבַּע כּוֹסוֹת

איהר ווייסט דאָך, אַז איך בּין אַ וויינשענקער. איך בּין אַ וויינשענקער פון כמה וכמה יאָהרען. בּיי מיר אין קעלער קאָנט איהר געפינען אַלטע וויינען, וואָס זענען שוין אַלט... שאַ, אַט וועל איך אייך זאָגען. אויב איהר געדענקט — נאָר איהר קעהרט אודאי געדענקען — פאַר דעם ערשטען טערקישען קריעג בּין איך געווען דער ערשטער, וואָס האָט זיך אוועקגעלאָזט קיין אַקערמאַן און קיין פעאָדאָסיע איינקויפען אַ ראַמשעל מיט וויין. מילא, די חידושים פון'ם דאָזיגען לאַנד, וואָס איז באמת איין „ארץ זבת חלב ודבש", און דער פחד מיט דער מורא פון דער מלחמה, — דאָס איז אליין כדאי, כּלעבען, בּאַשרייבּען צו ווערען אין אַ אידיש בּלאַט; נאָר אַזוי ווי עס איז איצט ערב יום־טוב, און די הויפּט־לייזונג איז בּיי מיר פאַר פסח, מחמת — איהר ווייסט דאָך — ווען דאַרף אַ איד וויין? — פסח אויף ארבע כּוסות; לכן, בּין איך אַצינד שטאַרק פאַרנומען מיט די קונים און קאָן זיך נישט אָפּגעבּען מיט אַזעלכע זאַכען, ווי אַ פעליעטאָן צו שרייבּען, וואָס בּיי מיר איז דאָס, איינגענטליך, גאָר אַ דבר־שיבוש, גאָר אַ קליינינגקייט, אַ שפּיעלכּעלע. וואָרום, באמת, למאי זאָלען מיר זיך נאַרען? אַ אידישען פעליעטאָן, אַ פעליעטאָן אויף פּשוט אידיש, — אויך מיר איין עסק! וועלכער איד קאָן ניט אָנשרייבּען אַ אידיש בּריוועל? מע נעמט אַ פּען, מע שרייבּט — שרייבּט זיך...

בקיצור, בין איך געווען איין מאָל אין מיין לעבען אין אַקערמאַן און האָב געבראַכט פון דאָרט אַ ראַמשעל מיט ווייז, זאָג איך אייך, אַז עס איז געווען אַ דבר פּלא; און איבערהויפּט האָב איך געבראַכט פון דאָרט אַ „ווימאַראַזיג", וואָס עס שטעהט נאָך עד היום פון איהם אַ פּעסעל ווימאַראַזיג, שוין אַ געמישטער, פאַרשטעהט איהר מיך, מיט אַ „באַרדיטשעווער טענעדאָס", שוין עטליכע מאָל געמישט, דערגאָסען, פאַרפּראַוועט, איבערגעמאַכט און צוגעזעצט מיט אַ „בעסאַראַביער־רהיין־וויין" — און האַלט זיך נאָך עד היום הזה מיט זיין שטאַלט, מיט זיין לויטערקייט, מיט זיין מתיקות, מיט זיין גלאַטקייט, מיט זיין געשמאַק, מיט זיין וואַסער... דאָס הייסט מיט זיין וואַסערקייט... מיט זיין... מיט... מיט... מיט...

פון דעמאָלט אָן, דאָס הייסט, פון דער ערשטער מלחמה אָן, בין איך שוין קיין קרים מעהר ניט געפאָהרען, מחמת וויין האָב איך געבראַכט דעמאָלט זעהר אַ סך, אַ גוזמא וויין, אַזוי אַז ס'איז געווען גענוג פאַר מיר אויף עטליכע יאָהר — און דאָס שטעדטעל, ווייסט איהר דאָך, איז אַ קליין שטעדטעל — און נאָכדעם, אַז אייניגע סאָרטען וויין האָבען ביי מיר אָנגעהויבען אויסצוגעהן, האָב איך שוין מסתמא אָנגעהויבען צו באַציהען וויין פון... דאָס הייסט, איך באַציה איהם שוין דאָרטען; איך האָב שוין וויין אַלע יאָהר, לאָז זיך אייך דאַכטען, ניט קיין גאָר שלעכטער וויין, וואָרום קיין אַקערמאַן פאָהר איך שוין ניט — דאָס איז אמת, אָבער אַ מבין בין איך, ברוך השם, גלייך מיט אַלע באַרדיטשעווער וויינ־שענקערס, און די קונים, וואָס איך האָב, וועלען די באַרדיטשעוו־ווער ווייןשענקערס ניט האָבען צייט זיי וועלען לעבען, דען מיינע קונים אַליין זענען אויך גרויסע מבינים אויף וויין. מיינע קונים זענען פאַרשיידענע קונים: ס'איז דאָ אַזעלכע קונים ביי מיר, וואָס זיי קומען־אַריין צו מיר אין קעלער „פאַרזוכען ארבע־כוסות־וויין" תיכף נאָך שושן־פּורים; און ס'איז דאָ קונים, וואָס קומען צו מיר „אויסקלויבען ארבע־כוסות־וויין" אַ צוויי־דריי טעג פאַר

פסח; און ס'איז דא ביי מיר ווידער אזעלכע קונים, וואס טרע־טען ניט אריין צו מיר ביז'ן ערב פסח אריין, און די מחיה געהט כמעט ביז ליכטבענטשען. אזעלכע „האפערס" האב איך פיינט; איך קאן זיי ניט סובל זיין; זיי געב איך שוין איבער מיין פלונית'־טע, און זי רעכענט זיך שוין מיט זיי אפ, ווי זי פארשטעהט — און זי איז גאנץ גערעכט, בלעבען: למאי זאל א איד אפלעגען „ארבע כוסות" אויף לעצט? וואס איז? פאר וואס איז דאס א קלענערע מצוה פון אלע אנדערע מצוות?

דער בעסטער, דער לייטישטער פון אלע מיינע קונים, וואס איך האב ליעב — איז מיכאל־מנשה דער שטילער, א גאנץ לייטישער איד, א שטילער מענטש, א בארוהטער מענטש.

— זייט זשע מוחל, — זאגט ער צו מיר, אריינקומענדיג תיכף נאך שושן־פורים מיט צוויי גרויסע גרינע סלאיעס, מיט דריי פלעשער און מיט א קליין פלעשעלע — און מיר לאזען זיך אראפ אין קעלער אריין מיט צוויי גלעזלעך אויף צו פארזוכען. די גלעזלעך צאפ איך אן פול, און מיר טראגען זיי ביידע צו צום מויל. דעם ערשטען זופ שלינגט מיכאל־מנשה נישט אראפ; ער האלט איהם עטליכע מינוט אויף די צייהן און דרעהט מיט דער צונג אין מויל א היבשע ווייל, און ערשט נאכדעם נעמט ער איהם ארויף אויף די ליפען. זאגען זאגט ער גארנישט — ער איז, בכלל, א גרויסער שווייגער, — ער טהוט נאר א מאך מיט'ן קאפ, און איך פארשטעה שוין, וואס דאס הייסט.

— דאס איז דער אקערמאנער, רב מיכאל־מנשה! — זאג איך איהם. — אצינד וועלען מיר זיך נעמען צום „זמירער ווייז"... נו, וואס זאגט איהר עפיס אויף דעם „זמירער", רב מיכאל־מנשה?

— גוט! — ענטפערט ער מיר.

— נו, און ווי געפעלט אייך דער „ליסאבאנער בארדא", רב מיכאל־מנשה?

— גוט!

— נו, וואָס וועט איהר עפּיס זאָגען, רב מיכאל־מנשה, אויפ'ן „טערקישען פּאָרט־וויין“?

— גוט!

— אַט דער דאָזיגער „קאָוועשאַנער פּראָנצוויין“ איז מיין אַרבּייט, רב מיכאל־מנשה. נישקשה? הא?

— גוט!

— איהר ווילט אַט דעם, רב מיכאל־מנשה? דאָס איז אַ „היימישער פּאָרטוגאַל“. ווי געפינט איהר איהם?

— גוט!

הכלל, מיכאל־מנשה ווייסט, אַז קיין שלעכטען וויין האָב איך נישט, און ווען איך זאָל אפילו יאָ האָבען אַ שלעכטען (ס'איז גאָר ניטאָ קיין שלעכטער וויין; וואָס הייסט שלעכטער וויין?), וואָלט איך איהם אויך נישט געגעבען. דערפאַר איז ער צופריעדען פון מיר, און איך פון איהם.

דער צווייטער מבין ביי מיר איז — גדליה־לייזער דער הויכער. ער איז אפילו אַ ביסעל איין אויסטראַכטער, — סע מאַכט זיך אַמאָל אַ מפונק, — דאַך קאָן מען אויף איהם ניט זאָגען, אַז ער איז חלילה ניט קיין מבין.

— אַנו, קום נאָר, קום! — מאַכט ער צו מיר און שלעפּט מיך אַראָפּ פאַר אַ האַנט אין קעלער אריין. מיר „איהרצען“ זיך ניט, מיר האָבען אין איין חדר געלערענט אַמאָל, חברים געווען. — אַנו, וויין נאָר, וויין אַקאַרשט דעם אַקערמאַן! ער הייסט נאָך אַלץ ביי דיר „אַקערמאַן?“ ס'וואָלט שוין צייט געווען, ער זאָל הייסען ביי דיר „באַרדיטשעוו“, ניט „אַקערמאַן“.

— וואָס עפּיס „באַרדיטשעוו“?

— וואָס עפּיס „באַרדיטשעוו“, פרעגסט דו? שוין דאָ, דאַכט זיך, אַ יאָהר מיט אַ מיטוואָך, אַז דו ביזט געווען אין אַקערמאַן, און פון דעמאָלט אָן הייסען ביי דיר נאָך אַלץ אַלע ווינען „אַקערמאַן“... נו, וויין שוין, וויין אָהער דיין פּראָנצוויין פון צימוקים.

— פון וואָסערע צימוקים?

— פון די ראזינקעס, וואס דו מאכסט דעם פראנצוויין. קוק איהם אן, ווי ער מאכט זיך עס א ביסעל גע'פגר'ט! פאר מיר האסט דו זיך ניט וואס צו באהאלטען, ברודער! היינט געב מיר נאך א צוויי קווארט פונ'ם „זמירער"; נאר איך בעט דיך, ס'זאל זיין א ביסעל ווייניגער צוקער אין איהם, מחמת ביז איך וועל איהם דערטראגען אהיים, וועט ווערען פון איהם אדער ספירט, אדער עסיג.

— ביזט משוגע, צי חסר־דעה, גדליה־לייזער?!

— נו־נו־נו! ווייסט דאך, אז איך האב פיינט את די אנ־שטעלען! היינט געב מיר א קווארט וויין א ריינעם, א כשר'ען, ניט קיין גע'שמד'טען, אהן וואסער, אהן סיראפ, אהן ראזינקעס און אהן את די אלע דיינע צוזעצעכצען. איך קען דאך דיך: צו דיר אז סע קומט אריין אין עמער וויין, קאנסט דו זיך ניט איינ־האלטען און פראוועסט איהם אזוי לאנג, ביז סע ווערט פון איהם א גאנצע פאס, און דו טראכסט איהם צו משונה־ווילדע, משוגענע נעמען, און דער עולם לעקט פון איהם די פינגער, גלייך ווי פון עפיס רעכטס.

— געה שוין, געה, גדליה־לייזער, דו ביזט א גוטער לץ...

דער דריטער קונה, פון די מבינים, איז ביי מיר דוקא א גע־מיינער איד, א איד א שוחט, רב וואליקע דער שוחט. רב וואליקע האט אפילו ליעב אויסקאכען דאס וואסער און הייסט זיך אפט־מאל געבען אזא וויין, וואס ניט נאר אין אקערמאן, אפילו אין שפאניען וואכסט נישט אזעלכער; דאך איז רב וואליקע דער שוחט א מבין אויף א גלעזעל וויין, און וויבאלד א מבין, אזוי איז ער מיר שוין איינגעבאקען אין הארצען.

— אייער „זמירער" — זאגט רב וואליקע דער שוחט און קנייטשט מיט דער נאז — אייער „זמירער" איז היינטיגס יאהר עפיס ניט געראטען.

— דהיינו, רב וואליקע, מיט וואס?

— דהיינו, מיט דעם, וואס ער האט ניט אין זיך די ווייניגקייט, די מאַסטקעקייט מיט׳ן גלאַטקייט, וואס ער האט געהאט פאַראַיאָהרען.

— ווייסט איהר זשע, רב וואָליקע, פאר וואס דאס איז אזוי?

— פאר וואס? אדרבה?

— דערפאר, וואס ער האט זיך נאך באַדאַרפט א קאפּ אויסשטעהן; פאַראַיאָהרען איז געווען איין עבור־יאָהר, איז ער מעהר אויסגעשטאַנען...

— ס׳קאן זיין, — ענטפערט רב וואָליקע דער שוחט, פאַרזוכט דעם רויטען וויין און מאַכט מיט די ליפּען.

— נו, וואס וועט איהר זאגען, רב וואָליקע, אויפ׳ן „פּוילישען באַרדאָ" עפּים? איא, סע נעמט?

— נעמען נעמט עס; ס׳האט אבער ניט אין זיך דאס „שפּיצעל", וואס פאַראַיאָהרען.

— וואסער שפּיצעל?

— דאס שפּיצעל, וואס עס שפּיצעלט אויפ׳ן שפּיץ צונג.

— א? דאס מיינט איהר? דאס קאן ניט זיין, רב וואָליקע. איך מוז עס אייך מסביר זיין, געבען צו פאַרשטעהן. די מעשה דערפון איז אזוי: יעדער וויין, בשעת ער איז נאך ווין, האט ער אין זיך אי א מתיקות, אי א זיסקייט, אי א ווייניגקייט. די מתיקות גופא האט אויך אין זיך א ווייניגקייט, און די ווייניגקייט האט אין זיך א זיסקייט... יא, איז אז עס קומט זיך צונויף די זיסקייט פונ׳ם ווייניגקייט און די ווייניגקייט פונ׳ם זיסקייט, קומט שוין דערפון ארויס א זיס־ווייניגקייט, אדער א ווייניג־זיסקייט. דערפאר קאן עס שוין ניט האבען אין זיך דאס... דאס... ממשות, דעם רעכטען, דעם שאַרפען שפּיץ פונ׳ם... איהר פאַרשטעהט?

— איך פאַרשטעה, איך פאַרשטעה! — זאגט רב וואָליקע דער שוחט, און דערפאַר האב איך איהם ליעב, וואס ער פאַרשטעהט א זאך, אז מע גיט זי איהם צו פאַרשטעהן.

די איבעריגע קונים מיינע, פון די מבינים, האָט דאָך נישט קיין שיעור און קיין ערך צו באַשרייבען, דען יעדערער האָט זיך זיינע מעלות מיט זיינע חסרונות, זיינע קאַפּריזען מיט זיינע משוגעת׳ען, און דער וויינשענקער מוז עס אַלעמען אויסשטעהן און איבערטראָגען.

נאָר דאָס איז נאָך אַלץ גערעדט געוואָרען עטליכע טעג פאַר פּסח; אָבער דעם טאָג פון ערב פּסח דאַרף מען זיין טאַקי ממש פון אייזען, אז מע זאָל עס קאָנען איבערטראָגען; דעמאָלט מיש איך זיך שוין מעהר ניט, און לאָז איבער דעם גאַנצען פּדיון אויף מיין זוגתי, וועלכע איז, ניט צו פאַרזינדיגען, דערצו אַ בריה נפלאה, אַ געשלייפטע זאַך.

— גיט מיר פון׳ם רויטען, שרה־דבורה, פון׳ם רויטען! — שרייט מען צו איהר פון אַלע זייטען.

— ווי טייער איז ביי אייך ווין, שרה־דבורה?

— גיט מיר פון דעם, וואָס פאַראַיאָהרען!

— איך וויל ניט פון׳ם פאַראַיאָהריגען; פאַראַיאָהרען האָט איהר מיר געגעבען באַרשטש, ניט קיין ווין!

— איך האָב ביי אייך געבעטען רויטען, און איהר האָט מיר געגעבען ווייסען!

— וואָס פאַר אַ ביסעל עסיג האָט איהר מיר געגעבען, שרה־דבורה?

— גיט מיר פון דעם, וואָס מיין טאַטע האָט ליעב!

— גיט מיר פון דער גרויסער פּאָס, שרה־דבורה, פון דער גרויסער פּאָס איז בעסער!

— גיט מיר אַ האַלבע קוואַרט רויטען און אַ האַלבע ווייסען.

— גיט מיר וואָסערע איהר וועט מיר געבען, אַבי וואָלוועל.

— גיט מיר גיכער, שרה־דבורה. שוין צייט אין שוהל אריין.

— אין שוהל אריין! מען געהט שוין אין שוהל אריין! דער עולם לויפט שוין אין שוהל אריין!...

* * *

אמת, אמת. דער עולם לויפט שוין אין שוהל אריין... אך, ווי שעֹ דאס איז! ווי גרויסארטיג! מלכים בני מלכים!... אנגע־טהאן געהט מען אין בגדי־מלכות. די נייע קאפאטקעלעך ביי די קליינע קינדער, ביי די ווייסע־חברה'ניקעס, קנאקען. די שטיוועלעך סקריפען. די היטעלעך גלאנצען. און אויפ'ן הארצען? — אך, אויפ'ן הארצען איז עפּיס אזוי אויפגעלעגט, אזוי גוט, אזוי פריי!

— שרה־דבורה! פארשלים שוין דעם קעלער! שרה־דבורה, איין עק! אוים פּדיון! געגוג! אוים וויינשענק! שוין יום־טוב! יום־טוב!...

# בחפזון

[חאפּענדיג]

(אַ בריעף פון מנחם־מענדלען צו שלום־עליכם׳ען).

געשריבען אין יאַהר 1900.

# בְּחִפָּזוֹן

**כי בחפזון יצאת מארץ מצרים** —
וואָרום ה א פ ע נ ד י ג ביזט דו
ארויסגעגאַנגען פון׳ם לאַנד מצרים.
(דברים ט״ז, ג׳).

שלום לכבוד ידידי היקר וכו׳ וכו׳ מוהר״ר שלום־עליכם נ״י.

ר א ש י ת באתי להודיעכם, אַז איך בין, ברוך השם, בקו החיים והשלום; השם יתברך זאָל העלפען, מע זאָל תמיד הערכען איינס פון׳ם אַנדערען נאָר גוטס מיט בשורות טובות ישועות ונחמות, אמן. ו ה ש נ י ת, הנה זייט ווינסען, אַז איך בין מיט גאָט׳ס הילף אַ „מלך", דאָס הייסט, איך בין געקומען בשלום אויף פסח אהיים קיין כתרילעווקע צו מיין ווייב און קינדער, צו מיין שוועהר און שוויגער און צו אַלע מיינע ליעבע און געטרייע, און איך אייל מיך, מיין ליעבער טייערער פריינט, אייך מודיע זיין וועגען דעם חאַטש אין קורצען, מחמת לאַנג מאריך זיין קאָן איך נישט, ס׳איז ערב פסח, און ערב פסח באַדאַרף אַ איד טהון אַלס־דינג ב ח פ ז ו ן, אויף איין פוס, ווי אין פסוק שטעהט געשריבען: „כי — וואָרום, בחפזון — איילענדיג, יצאת — ביזט דו ארויסגעגאַנגען, מארץ מצרים — פון׳ם לאַנד מצרים". נאָר פון וואָס זאָל איך אייך שרייבען פריהער — ווייס איך אַליין נישט. מיר דאַכט, אַז איידער עפּיס־וואָס בין איך מחויב אייך צו געבען

א שענעם דאנק און א גרויסען שבח פאר אייער קלוגער עצה, וואס איהר האט מיר געגעבען, אז איך זאל ווערען א שדכן. איך וועל אייך, גלויבט מיר, אייביג און אייביג נישט פארגעסען, וואס איהר האט מיט מיר געטהאן: איהר האט מיך ארויסגעצויגען מעבדות לחירות, איהר האט מיך ארויסגעשלעפט פונ׳ם גיהנם פון יעהופעץ, און איהר האט מיך אויסגעלייזט פון דער וויסטער פינס־טערער פרנסה, פונ׳ם מעקלעריי, און איהר האט מיר געגעבען אין האנט אריין א שענע פרנסה, א לייטישע, א בכבוד׳ע, — לפיכך דערפאר בין איך מחויב אייך צו לויבען און צו ריהמען, צו בענטשען און באשענען אייער נאמען, אזוי ווי איהר האט דאס ביי מיר עהרליך פארדיענט, און לאז אייך גאט באצאהלען בכפל כפלים, אמן! אמת, איך האב נאך אפילו קיין שידוכים ביז אהער נישט אויסגעפיהרט, נאר עס פיהרט זיך ביי מיר, עס דרעהט זיך, און ווי־באלד עס דרעהט זיך, איז א האפענונג, אז עס וועט זיך מסתמא, מיט׳ן אויבערשטענ׳ס הילף, עפּיס אויסדרעהען. ובפרט, איך אר־בייט נישט אליין. איך ארבייט בשותפות מיט נאך שדכנים, מיט די גרעסטע שדכנים פון דער וועלט: מיט רב אליקום דעם לאנד־שדכן, מיט רב מענדעל בראדער, מיט׳ן שמארגאנער שדכן, מיט מאטעל שאפראן, און מיט יענטיסען, און מיט רב שלום שדכן, און מיט נאך א סך אנדערע, — און געלויבט איז השם יתברך, איך האב א נאמען אויף דער וועלט. וואוהין איך קום און שטעל מיך פאר „מנחם־מענדעל פון יעהופעץ“, בעט מען מיך זיצען, מע דער־לאנגט טיי מיט איינגעמאכטס און מע פארנעמט זיך מיט מיר, ווי מיט א ליעבען גאסט, און מע באווייזט מיר די כלה, און די כלה באווייזט מיר וואס זי קאן, זי צערעדט זיך מיט דער גובערנאנטקע אויף פראנצויזיש, שיט ווי פון א זאק, און די מחותנת׳טע זיצט אקעגען איין אויסגעשלייערטע און לאזט נישט אראפ פון מיר קיין אויג, ווי איינער רעדט: „נו, ווי געפעלט זי אייך? איא, זי קאן?“... איך אליין האב אויך געחאפט א פאר ווערטער אויף פראנצויזיש און פארשטעה שוין א ביסעל די שפראך; למשל, אז

מע זאָגט מיר: „פּאַרליי וואו פראַנזי?“ (וואָס מאַכט איהר עפּים איז געזונט?), זאָג איך: „מערסי באַנדזשור“ (געלויבט איז השם יתברך). נאָכדעם זעצט מען אוועק די כּלה, זי זאָל מיר אַ ביסעל שפּיעלען אויפ'ן פּערדעפּיאַן שטיקלעך פון „גאַלדאוני“ און פון „שולמית“ — מחיה נפשות, ממש עס צעגעהט זיך אין יעדען אבר! און דער מחותן מיט דער מחותנת'טע דערווייל פאַרבעטען מיך, איך זאָל בלייבען אויף וואַרמעס. מהכתיתי, פאַר וואָס ניט? ביי'ם טיש רוקט מען מיר אונטער דאָס שענסטע שטיקעל פלייש און מע האָדעוועט מיך מיט צימעסען אין דער וואָכען. נאָכ'ן עסען מאַך איך אַ שמועס מיט דער כּלה: „וואָס, זאָג איך, איז אייער באַגעהר — אַ יוריסט, אַ הינדזשיניר, צי אַ דאָקטער?“ — „געוויינטליך, זאָגט זי, אַ דאָקטער“. און זי הויבט־אָן ווידער שיטען אויף פראַנצויזיש מיט דער גובערנאַנטקע, און דערווייל קומט־אונטער די מחותנת'טע און באַווייזט מיר דער טאָכטער'ס האַנטאַרבייט. „איהר אויסנייהעכץ מיט איהר שטיקעכץ פאַרנעמט איין אויג, זאָגט זי; היינט איהר גוטסקייט פאַרמאָגט נישט קיי־נער; שטיל, זאָגט זי, ווי אַ טויב, און קלוג, ווי דער טאָג!“ אויך דער מחותן פון זיין זייט מאַהלט מיר אויס דעם יחוס זיינעם, פון וואַנען ער שטאַמט און וועמענ'ס איידעם ער איז, ווער איז געווען זיין זיידע און זיין עלטערזיידע, און ווער זענען זיינע מחותנים — אַלץ פיינע מענטשען, גבירים, אדירים, און מיוחסים, די שענסטע אין דער וועלט! „ניטאָ ביי אונז, זאָגט ער, קיין פּראָסטער מענטש אין דער משפּחה“... „און קיין אָרעמעלייט, זאָגט זי, אויך ניט“... „נישטאָ קיין איינציגער בעל־מלאכה“, זאָגט ער... „נישט קיין שניידער, זאָגט זי, נישט קיין שוסטער“... „קיין שאַרלאַטאַנעס, זאָגט ער, איז ביי אונז נישט פאַרהאַן“... „און קיין משומדים, זאָגט זי, אודאי ניט“... און נאָכדעם, ביי'ם געזע־גענען שויז, טהו איך אַ זאָג דעם מחותן, אַז די הוצאות, וואָס קאָסט היינט אין וועג, איז ניט אויסצושטעהן... און אויב ער איז ניט קיין גראָבער נאַר, שטויסט ער זיך, וואָס מע מיינט, און

קעהרט־אום פאַר הוצאות... **איך זאָג אייך, ידידי יקירי,** דאָס שדכנות איז גאָר נישט קיין שלעכטע פּרנסה, און ווער שמועסט, אַז גאָט העלפט, מע פיהרט נאָך אויס אַ שידוך! ביי מיר האָט זיך דערוויילע, ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט, נאָך נישט אויס־געפיהרט גאַרניט, עס קלעפּט זיך עפּיס נישט! תּחילת באַווייזט זיך דאָס, דאַכט מיר, גאָר גלייך, וואָס גלייכער קאָן שוין ניט זיין, אַנגעמאַסטען משׁשת ימי בראשית, צום סוף לאָזט זיך אויס, אַז סע הויבט זיך גאַרנישט אָן: דעם געפעלט ניט די מויד, דאָרט איז צו אַלט דער בחור, דאָ איז צופיעל יחוס, דאָרט איז ווינציג געלט, דער וויל דאָס טעלערעל פונ׳ם הימעל, און דער ווייסט אַליין נישט וואָס ער וויל, — וואָס זאָלט איהר קלערען, ס׳איז פּאַרהאַן דערביי גענוג צרות, מיט יסורים, מיט בזיכוועהטיג, מיט וואָס איהר ווילט! אַט שטעה איך איצט אין אַ פּאָר שידוכים, געוויינטליך, מיט נאָך שדכנים, וואָס אַז דער אויבערשטער זאָל רחמנות האָבען און זיי פיהרען זיך אויס, וואָלט מיט זיי געקלונ־גען די וועלט.ביידע צדדים זענען גבירים אדירים, און מיוחסים — איינע אין דער וועלט, און זייערע טעכטער זענען ביידע יפת־תּוארס, וואָס מע קריגט זיי ניט, פלאַי־פלאים, ביידע העכסט־גע־בילדעט, ביידע געראָטענע, גוטע, קלוגע, שטילע, און מיט אַלע מעלות, און איך האָב דוקא גענוג סחורה פון זייערטוועגען. אַט האָב איך, למשל, אַ דאָקטער פון אַ ד ע ס, וויל ער נישט ווינ־ציגער פון למ״ד אלפים קאַרבען נדן, און ער מעג ווערען, וואָרום וועדליג די פּראַקטיקע, וואָס ער האָט, איז ער ווערטה, זאָגט ער, אַ סך מעהר; און איינעם האָב איך פון שדה־לבן, איין אַנטיקעל, אַ קאַרעפּירער אתרוג׳על, ער איז אַ מציאה צוואַנציג טויזענט. און נאָך איינעם האָב איך אין יעהופּעץ, וויל ער נישט חתונה האָבען. און נאָך אַ סך דאָקטוירימלעך האָב איך, וואָס געהען־אויס חתונה האָבען. היינט האָב איך יוריסטען אַ גאַנצען פּאַק, פון פופצעהן טויזענט און פון צעהן טויזענט, און קליינע יוריסטלעך, אַזעלכע, וואָס מע וועט ביי זיי פועל׳ען פאַר זעכס טויזענט און פאַר פינף

טויזענט, און אפשר פאר ווינציגער אויך. היינט האב איך הינד־זשינירען א פאר, וואס פארדיענען שוין אליין געלט, און עטליכע הינדזשינירלעך, וואס זוכען זיך שטעלעס. היינט האב איך א מיש־מאש פון חתנים, אויסגעשפּיעלטע, אנטיקען שבאנטיקען, פון טעטרעוויץ, פון מאקארעווקע, פון יאמפּעלע און פון סטרישטש, ניט קיין שטודירטע, נאר גלאט אזוי פיינע, אויסגעצייכענטע בחורים׳לעך, משכילים, ציוניסטען — הקיצור, ס׳איז פארהאן ביי מיר, קיין עין־הרע, פון וואס אויסצוקלויבען. דער חסרון איז נאר, וואס דער חתן, וואס וויל יענע כלה, וויל איהם יענע כלה דוקא ניט; און יענע כלה, וואס וויל דוקא יענעם חתן, וויל זי דער חתן ניט. וועט איהר דאך מסתמא פרעגען א קשיה: פאר וואס זאל יענער חתן ניט נעמען יענע כלה, וואס יענער חתן וויל זי ניט, און פאר וואס זאל יענע כלה ניט נעמען יענעם חתן, וואס יענע כלה וויל איהם ניט? בין איך שוין אבער אליין אויך געפאלען אויף דער עצה, נאר סע געהט נישט. ווייסט איהר, פאר וואס? עס מישען זיך אריין אין מיטען פרעמדע מענטשען, גוטע פריינט, מיינען נישט דערביי חלילה קיין שום זאך, און רעדען־אן אויף ביידע חתנים מיט ביידע כלות; ווערט קאלי דאס גאנצע שפּיעל. דערווייל לויפען בריוולעך הין און צוריק, מיט דעפּעשען — עס קעהרט זיך די וועלט! און דא איז אונטערגעשפּרונגען דער פּסח אין מיטען, האט זיך געשטעלט ווי א ביין אין האלז און האט אנ־געמאכט א שטיקעל איבערשלאג. האב איך מיך מיישב געווען: מיינס וועט פון מיר ניט אנטלויפען, ס׳איז אזא סחורה, וואס ליגט זיך אויס, — פאר וואס זאל איך מיך ניט אראפּחאפּען אהיים אויף יום־טוב קיין כתרילעווקע, איך בין דארט אזא צייט נישט געווע־זען? ס׳איז ניט קיין יושר פאר ווייב און קינדער, ניט שוין פאר לייט־טען, און זיך אליין איז דאס שוין אויך א ביסעל פּריקרע. בקיצור, איך בין געקומען אויף פּסח אהיים און שרייב אייך פון דאנען דעם דאזיגען בריעף. וועט איהר דאך מיך פרעגען, למאי האב איך אייך נישט געשריבען ביז אהער? איז דער תירוץ: א איך איז

פארמאטערט, א איד האט קיינמאל קיין צייט ניט, תמיד בחפזון, נאר געהאפט און נאר געלאפען; איך האב אלץ גערעכענט, ניט היינט איז מארגען, אט־אט פיהר איך אוים מיט גאט'ס הילף עפים א שידוך א רעכטען, וועל איך אייך שוין אויסשרייבען אלסדינג אין פריידען. נאר אז עס האט זיך געמאכט אזוי, אז מיינע אלע שידוכים האבען זיך א ביסעל פארצויגען און געבליבען הענגען אין דער לופטען, ניט אהין, ניט אהער, האב איך שוין אפגעלעגט מיין שרייבען צו אייך אויף שפעטער, ביז גאט וועט מיך ברענגען בשלום אהיים.

אצינד באדארף מען אייך באשרייבען, ווי אזוי איז געוועזן מיין קומען אהיים צו מיין ווייב און קינדער, באשרייבען אלסדינג, אזוי ווי איהר האט ליעב; נאר טאמער וועט די באשרייבונג אויסקומען נישט אזוי קיילעכיג, ווי ביי אייך, זאלט איהר קיין פאראיבעל ניט האבען; איטליכער דרש'עט אזוי ווי ער קאן.

אנגעקומען אהער בין איך, הייסט דאס, מיט דער באהן נאך נעכטען, נאר מחמת די בלאטעם זענען דא זעהר גרוים, האב איך מיך געשלעפט א גאנצע נאכט מיט דער פוהר, שיער ניט געבליבען דארטען פסח האלטען מיט'ן בעל־עגלה מיט די פערדלעך אינאיינעם. אייך באדארף זיין באקאנט די היגע בלאטע נאך פון אמאל; נאר פון זינט מע האט פארקלערט אויספלאסטערען די שטאדט מיט שטיינער, איז די בלאטע, ווי אויף צו־להכעים, געווארען נאך גרעסער. איהר קאנט פארשטעהן, אז מע געהט שוין ביי אונז גאר אהן קאלאשען, הפקר א וועלט, און ווייבער זענען געפאלען נאך אויף א שענערע עצה: זיי געהען גאר אין די זאקען, א ברכה אויף זייערע קעפ! געקומען אין דער פריה אין שטאדט אריין, האבען מיר, אלע פארשוינען, געמוזט ארוים פון דער בויד און געהן מחילה צופוס איבער אלע גאסען און איבער'ן גאנצען מארק. עס האט מיר געפלאמט דאס פנים. באקענטע האבען מיך אפגעשטעלט אין מיטען דער בלאטע, אפגעשטעקט שלום־עליכם איטליכער מיט איין אנדער חכמה'לע: „א, וואס מאכט א איד?"...

„וואָס הערט זיך עפּיס אין יעהופּעץ אויפ'ן יריד?"... „זעהט נאָר זעהט, ער געהט שוין אין אַ קאַפּעליש מיט גומענע קאַליאָשען!"... — „לאַכט, לאַכט, — זאָג איך, און קוים־קוים וואָס איך שלעפּ די פיס פון דער בלאָטע, — איהר מעגט טאַקי לאַכען; אויף דער גאַנצער וועלט באַדאַרף מען נאָך קאַלאָשען, און דאָ איז מען פּטור; ביי אייך איז טאַקי ארץ־ישראל"... בקיצור, מיר האָבען זיך יאַקאַש דערשלעפּט אַהיים. אין דער היים האָב איך געטראָפען אַ גיהנם. פונ'ם כשר'ען מיט'ן ראָמען, מיט'ן בראָטען, מיט'ן ברע־נען, שטעהט אַ רויך, און פונ'ם געשריי מיט'ן געפּילדער פון די בעל־הבית'טעס מיט די דיענסטען איז אַ טאַרעראַם, אַ גוואַלד, מע קאָן טויב ווערען — אַ קליינינקייט, ערב פּסח! די ערשטע, וואָס איז מיר געקומען אַקעגען, איז געווען די שוויעגער זאָל לעבען, די אייגענע וואָס געווען, נישט געמינערט אויף אַ האָר. געשטאַנען איז זי אין דרויסען פון פאַרענט איבער עפּיס אַ הילצערן בעטעל, דאָס טיכעל פאַרבונדען ארונטער מיט צוויי שפּיצען, אין איין האַנט האָט זי געהאַלטען אַ שערבעל מיט קאַרעסין, אין דער אַנ־דערער האַנט אַ פלעדערוויש, און געפּרעגעלט די וואַנצען. מיך דערזעהען, איז זי ווינציג־וואָס נתפעל געוואָרען, זיך געטהאָן איהר אַרבייט ווייטער און גערעדט גלייך ווי צו זיך אַליין, געשאָטען ווי פון אַ ראָזשעק:

— סקאַצעל קומט, מע זאָל דערמאָנען משיח'ן... אָט איז ער דאָ, דער גענייעדעם... אז עס געהט ניט אין היזק, זוכט זיך עס אָפּ... אַ ציעג אַנטלויפט, אַ הוהן ווערט פאַרפאַלען, און אַ מאַן קומט צו פאָהרען... צוריק קומט מען נישט נאָר פון יענער וועלט... סע זאָל ניט זיין ערב פּסח, וואָלט איך צעוואָרפען דעם אויוועז... ניט אומזיסט האָט זיך נעכטען די קאַץ געוואַשען, און דער הונט האָט אויפגענעסען די קישקעלעך... שיינה־שיינדעל מאַכטער, אַנו, קום נאָר אַהער, אָט איז דער תּכשיט דיינער, די גילדענע קרוין פונ'ם קאָפּ, דאָס ארון־קודש'על אונזערס, נעם גיס אויס די פּאָמעניצע!...

אויף די ווערטער לויפט־ארויס מיין ווייב א דערשראָקענע.

— טפו זאָלסט דו ניט ווערען! — מאַכט זי צו מיר. —
אָפּגעזוכט א צייט ווען צו קומען אהיים — דערויף טאַקי באַ־
דאַרפט האָליען דאַרטען אין דער קרענק ימים ושנים, אויסוואַל־
גערען זיך אויף אַלע בוידעמס, דיענען אַלע עבודה־זרהס, און אויס־
קראַצען זיך קומען אהיים פּונקט ערב פּסח, ווען מע רייניגט־ארויס
דאָס לעצטע ביסעל חמץ, און נישט קאָנען רעדען א וואָרט אפילו,
אָדער נעמען אויף זיך איין אנדער קליידעל, נישט געהן ווי א
שלעפּערין, אַזאַ יאָהר אויף דיינע יעהופּעצער דאַמען, ברענען זאָלען
זיי, ווי זיי האָבען דיך צוגעהאַלטען דאָרטען מיט קלעשטשעס, זיי
זאָלען גאָר נישט דערלעבען די אנדערע טעג פּסח, רבונו של עולם!
ער זאָל דאָס אפילו פרעגען, א מכה איהם, וואָס מאַכסט דו גוטס,
אָדער די קינדער וואָס טהוען? שרה'לע, פייגעלע, יוסילע, נחמה'־
ניו, משה־הערשעלע! דער טאַטע איז געקומען צו פאָהרען, קוים
מיט צרות דערמאַנט זיך, אַזאַ יאָהר אויף מיינע שונאים, וואָס
פּאַר א פּנים דו האָסט ביי מיר מיט דעם שענעם קאַפּעליש! וואָס
זאָגסט דו אויף דעם קינד, מיר זאָל זיין פּאַר זיינע ביינער, לאָזט
זיך ניט אויסצוואַגען דאָס קעפּעל, א מיתה משונה, גענוג מע מו־
טשעט זיך מיט זיי א גאַנץ יאָהר, נאַ דיר איין ערב פּסח, גאָט
זאָל ניט שטראָפען פּאַר די רעד!...

דעם אמת מוז איך אייך זאָגען, ליעבער פריינט, אז איך
האָב מיינע קינדער כמעט ניט דערקענט, און זיי מיך — אודאי
ניט, און חאָטש מיין ווייב האָט מיר געמאַכט ניט אזאַ שענעם
ברוך־הבא, ווי איך האָב געמיינט, פון דעסטוועגען האָב איך
ארויסגעזעהען, אַז זי איז צופריעדען, וואָרום אז איך האָב מיך
צעקושט מיט די קינדער, איז זי אָפּגעטראָטען אויף א זייט, מע
זאָל ניט זעהען, ווי זי וויינט... בעסער און פריינטליכער פון אַלע
האָט מיך באַגעגנט דער שוועהר. ער האָט זיך דערפרעהט טאַקי
ווי איין אייגענער מאַמע, אָדער ווי א קינד, אָדער ווי א מענטש,
וואָס זיצט לאַנג־לאַנג אין געפענגעניש, און פלוצים דערזעהט ער

נאָך איינעם אַ געפּאַנגענעם... מיין שוועהר, זעהר אַ שענער איד מיט שענע שוואַרצע אויגען און מיט אַ שענער באָרד, האָט זיך אין די עטליכע יאָהר אַ שטאַרקען רוק געטהאַן, געוואָרען ווייס ווי אַ טויב. ער האָט מיר אָפּגעגעבען שלום, מיך אַ פרעג געטהאַן „וואָס מאַכסט דו“, און מיט אַ וואונק האָט ער מיך פאַררופען צו זיך אין אַלקיר, און ערשט דאָרטען האָט ער זיך ארומגעחאַפּט מיט מיר קושען.

— ווייסט דו, מענדעל, וואָס איך וועל דיר זאָגען? — מאַכט ער צו מיר מיט אַ זיפץ. — מע ווערט אַלט! איך בין דערגאַנגען, אַז וואָס אַ יאָהר, וואָס אַ יאָהר ווערט מען עלטער. זעץ זיך קאַרשט אַנידער און דערצעהל מיר, וואָס האָרכט זיך עפּיס נייעס? ביזט אויסגעוועזן אַ וועלט. וואָס טהוט זיך עפּיס מיט אידען, ווי אַזוי איז געוועזן די אמת'ע מעשה מיט דרייפוסען, וואָס זאָגט מען מכּח מלחמה, און וואָס שמועסט עפּיס דער עולם וועגען פּליטינע? דאָ ווייסט מען נישט אַ לעק, גאַלע בהמות!

דער שוועהר האָט זיך ערשט פאַרקאַטשעט מיט אַ לאַנגען אַ ברייטען שמועס. נאָר פּלוצים לאָזט זיך הערען פון דרויסען אַ קול־נגינה פון דער שוויגער:

— ברוך! ברוך? (דער ערשטער „ברוך“ געהט מיט איין אויסגעשריי, און דער אַנדערער „ברוך“ שווין מיט איין איבערפרעג, מיט אַ לשון בתמיה: ברוך! ברוך?).

— אַט באַלד, תּיכּף ומיד, אַטאַ געה איך, איך געה, איך געה!

אַזוי זאָגט דער שוועהר, און עס טהוט איהם אַ טראַג אין דער לופטען. עטליכע מאָל האָט ער זיך פאַרקאַטשעט אויף צו רעדען מיט מיר, און אַלע מאָל האָט זיך געלאָזט הערען אַ קול־נגינה פון דער שוויגער: „ברוך! ברוך?“ און אַלע מאָל האָט דאָס איהם אויפגעטראָגען אין דער לופטען: „אַט באַלד, תּיכּף ומיד, אַט געה איך, איך געה, איך געה!“... אַ נייע נשמה האָט מען אין דעם דאָזיגען מענטשען אריינגעזעצט. אַז מע האָט איהם

נאָכ'ן אָפּחאַפּען דעם ערב־פּסח'יגען אָנבּייסען און נאָכ'ן „בּעור חמץ" געגעבּען אַ העמד און געזאָגט איהם, אַז מיר קאָנען געהן אין מרחץ. דאָרטען, האָט ער זיך געטראַכט, וועט מען חאָטש קאָנען רעדען אַ וואָרט. צום סוף האָט ער נעבּאַך געהאַט אַ טעות, און אַ גרויסען. אין מרחץ האָט מען מיך בּאַפּאַלען, ווי די בּיענען, ווי די היישעריקען אין אַ הונגער־יאָהר. מע האָט מיך שיער ניט אויפגעגעסען אַ לעבּעדיגען. איטליכער האָט נאָר געוואָלט, איך זאָל איהם דערצעהלען, וואָס טהוט זיך אין יעהופּעץ, צי ס'איז אמת מיט די דאָרטיגע אַנזעצען, וואָס מע זאָגט, און צי בּראָצקי האָט נאָך עפּים געלט, און וואָס וועט זיין דער סוף מיט דרייפוסען, למאי איז דאָס אַנשוויגען געוואָרען, און ווי קומט דאָס, וואָס ענגלאַנד זאָל זיך אַזוי לאַנג פּאַטשקען מיט די בּוירען? און נאָך אַ סך אַזעלכע שאלות האָט מען מיר פאָרגעבּען פון אַלע זייטען, מיך צעריסען אויף שטיקלעך, נישט געלאָזט מיך מיט'ן שוועהר אליין אויף אַ מינוט, נישט געגעבּען אונז אַ וואָרט אויסרעדען. דאָס אייגענע איז געוועזן אויך בּיי די „ארבּע כּוסות" איינקויפען. געקומען מיט'ן שוועהר צו רב יודעל וויינשענקער אין קעלער אריין, האָט מען מיר גענומען שטעקען שלום־עליכמס פון אַלע זייטען, און ס'איז געוואָרען אַ שמועס וועגען „ארץ־ישראל־וויין". יודעל וויינשענקער (שטאַרק פאַרעלטערט געוואָרען, אַהן צייהן) האָט געשריגען אין איין קול, אַז ס'איז גאָר נישטאָ אין ערגיץ קיין ארץ־ישראל־וויין, לא היה ולא נברא, ס'איז ניט געוועזן און סע וועט ניט זיין! און איינער עפּים אַ יונגערמאַן פון היינטיגער וועלט האָט גע'טענה'ט, אַז ער האָט אַליין געלייענט אויף די בּלעטער...

— וואָס מיר בּלעטער, ווער מיר בּלעטער? — שרייט יודעל וויינשענקער. — שקרים וכזבים! הולטאַיעם האָבּען אויסגעטראַכט, היינטיגע ציניסטען!...

— איך זאָל אַזוי זעהען בּיי זיך אַלדאָס גוטס, — טענה'ט נעבּאַך יענער יונגערמאַן — ווי איך האָבּ אַליין געזעהען ארץ־

ישראל־וויין; אַ סימן, ער הייסט „כרמל" און פאַרקויפט זיך אין אַלע קלייטען אין יעהופּעץ.

— אין יעהופּעץ, זאָגט איהר? — מישען זיך אַריין עטליכע מיט אַ מאָל. — אַט האָט איהר אַ אידען פון יעהופּעץ, מנחם־מענדעל ברוך־הערש לאַה־דוואָסי׳ס! לאָז מען פרעגען מנחם־מענדלען, ער ווייסט!

איך וויל אָנהויבען רעדען, לאָזט מען מיך ניט; אויף איטליכם וואָרט פאַרגיט מען מיר צעהן שאלות, און איידער איך ענטפער־אָפּ איינעם אויף איין שאלה, פרעגט מיך שוין דער אַנדערער פרישע צעהן שאלות: „פאַר וואָס הייסט דער ארץ־ישראל־וויין „כרמל"?... דער וויין איז טאַקי פון ארץ־ישראל, צי פון כרמל?... ווי אזוי געהט ער פון ארץ־ישראל אַהער און וויפיעל קאָסט ער?... ווער מאַכט איהם דאָרטען?... אידישע קאָלאָניסטען, טאַקי „אונזערע" קאָלאָניסטען הייסט דאָס?... וויפיעל קאָלאָניעס האָבען מיר אין ארץ־ישראל, ווי אזוי הייסען זיי און וואָס פאַר אַ שייכות האָבען זיי צום באַראָן רויטשילד?... רויטשילד? וויפיעל שאַצט מען איהם?... ווער האָט מעהר געלט — בראָצקי, צי רויטשילד?... פאַר וואָס איז רויטשילד אַ ציוניסט און בראָצקי ניט?... ס'איז טאַקי אמת, וואָס מע זאָגט, אַז הערצעל דער דאָקטער קויפט אָפּ ארץ־ישראל ביי׳ם טערק פון די ציוניסטען׳ס וועגען?... ווי אזוי האָבען געהייסען יענע אַקציעס אין יעהופּעץ, וואָס שלום־עליכם באַשרייבט זיי אין די ביכלעך? ווער איז ער, אַט דער שלום־עליכם? טאַקי אמת, אַז ער איז אונזערער אַ כתריל עווקער?"...

— קום, — זאָגט צו מיר דער שוועהר, — מע לאָזט ניט רעדען אַ וואָרט אין ערגיץ ניט!

ערשט העט־שפּעטער, ביי׳ם חרוסת רייבען, קאָן דער שוועהר קוים חאַפּען מיט מיר אַ פּאָר ווערטער, אָבער טאַקי נישט מעהר ווי אַ פּאָר, מחמת די שוויעגער לאָזט זיך אַלע מאָל הערען מיט איהר קול־נגינה:

— ברוך! ברוך?

— אַט באַלד, תיכּף ומיד, אַטאָ געה איך, איך געה, איך געה...

דערווייל האָבען זיך די ווייבער אָנגעטהאָן יום־טוב'דיג, אויס־געפּוצט און אויסגעציערט, ווי מלכּות. די שוויעגער האָט אָנגע־טהאָן א טונקעל־גרין־פּאָפּעליאַטע זיידען קלייד מיט א געלער קווייטענדיגער זיידענער פּעטשיילע אויפ'ן קאָפּ, און שיינה־שיינ־דעל — א געל זיידען קלייד מיט קווייטען און א טונקעל־גרין־פּאָפּעליאַטע זיידענע פּעטשיילע אויפ'ן קאָפּ. און אויך איך האָב מיך אריינגעהאַפּט צו זיך אין אַלקיר אריין, זיך איבערגעטהאָן יום־טוב'דיג, ווי עס פּאַסט פּאַר א „מלך", און דערווייל האָב איך גע־חאַפּט א בויגען פּאַפּיער און שרייב אייך דעם דאָזיגען בריעף, און איך בעט אייך, ליעבער פריינט, איהר זאָלט קיין פּאַראיבעל ניט האָבען, וואָס דער בריעף איז אויסגעקומען אזוי בחפּזון'דיג — ס'איז ערב פּסח! אם ירצה השם, חול־המועד, אז גאָט וועט שענ־קען דאָס לעבען און איך וועל קאָנען, וועל איך אייך ארויסשרייבען אַלסדינג באריכות.

פון מיר אייער בעסטער פריינט

מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל.

ע י ק ר  ש כ ח ת י. ניט באַשערט א אידען הנאה האָבען פון דער וועלט. געווען, דאַכט זיך, גאָר שען און פיין און יום־טוב'דיג אַרום און אַרום, באַדאַרף זיך טרעפען איין אומגליק — אַ הונט האָט זיך אַריינגעהאַפּט אין קיך, מע ווייסט ניט ווי אזוי, און האָט אויפגעגעסען די „זרוע" מיט'ן „גערגעלע" מיט די אי־בעריגע שאַלעמוויזען, וואָס מע האָט צוגעגרייט צום סדר. עס איז געוואָרען פּלוצים א גוואַלד, אַ געשריי — הימעל עפען זיך! איך האָב נאָר געמיינט, אז מע קוילעט זיך, אָדער ס'איז א שרפה, אָדער מע האָט חלילה אָפּגעקאָכט עמיצען מיט זודיג וואַסער פונ'ם אויווען. איינער האָט געשריגען אויפ'ן אַנדערען, אין אַלע

געשרייען האבען זיך צונויפגעגאסען אין איין געשריי. שייגה־שיינדעל האט געשריגען אויף דער דיענסט, די דיענסט האט געשריגען אויפ׳ן בעל־הבית: „דער בעל־הבית, זאגט זי, איז אינגאנצען שולדיג, ווארום דער בעל־הבית אז ער געהט, זאגט זי, געהט ער אהן הענט, מאכט קיינמאל נישט צו די טיר, ווי עס געהער צו זיין“... נאר מעהר פון אלע האט זיך געלאזט הערען די שוויגער:

— אוי, א צרה, א שלאק, א דונער! אז די וועלט זאגט משוגע, זאל מען גלויבען... א נאר איז א גזר, איין אייביגער צער, און ערגער פון א הולטאי... געה זיי א נביא׳טע און טרעף, אז ער וועט לאזען אפען די טיר, און עס וועט זיך פלוצים ערב פסח אריינחאפען א הונט אין קעך... פאר וואס האט ער עפים געטראפען גראד צו די גערגעלעך?... אז סע געהט, לויפט דאס... דאס איז יא, ווי מע זאגט: דעם בעסטען ביסען חאפט אוים דער הונט, און דער קוגעל גערעט נאך די געסט (דאס מיינט זי מיך)... נו, וואס טהוט מען, אשטייגער, איצט? ברוך! ברוך?

— אט באלד, תיכף ומיד, אטא געה איך, איך געה, איך געה...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך טהו א קוק אויפ׳ן שוועהר׳ס פנים און טראכט מיר בשעת מעשה: אז אך און וועה איז דיר, שלים־מזל׳דיגער „מלך“, און אז אך און וועה איז צו דיין „מלוכה“!...

זייט געזונט און האט א כשר׳ען פסח!

ה ג " ל.

# אויף פּסח אַהיים

אַ מעשׂה, ווי אזוי פישעל דער מלמד איז געפאהרען
פון באַלטע קיין האַשטשעוואַטע אויף פּסח אַהיים און
וואַס מיט איהם האַט זיך געטראָפען.

געשריבען אין יאָהר 1903.

# אויף פסח אַהיים

---

א.

צוויי מאָל אין יאָהר, פינקטליך ווי אַ זייגער, ראש־חודש ניסן און ראש־חודש אלול, פאָהרט פישעל דער מלמד פון באַלטע קיין חאַשטשעוואַטע אהיים צו זיין ווייב און קינדער — אויף פסח און אויף סוכות. כמעט דאָס גאַנצע לעבען זיינס איז איהם באַשערט צו זיין אַ גאַסט ביי זיין ווייב און קינדער, אפילו זעהר איין אָנ־געלעגטער גאַסט, אָבער אויף אַ קורצער צייט, אויף יום־טוב; און אוועקגעגאַנגען דער יום־טוב — איז מאַרש צוריק קיין באַלטע, צוריק צו דער קנעלונג, צוריק צום קאַנטשיק, צו דער גמרא, צו די גראָבע פאַרשטאָפּטע קעפּ, צום נע־ונד זיין, צום וואַלגערען זיך אין דער פרעמד און צום בענקען שטילערהייט אהיים.

דערפאַר אָבער, אַז פישעל קומט אהיים, איז ער אַ קיסר! בת־שבע זיין ווייב געהט איהם אַרויס אַקעגען, רוקט־אָן דאָס טי־כעל, ווערט רויט ווי פייער, טהוט איהם אַ פרעג פאַרבייגעהענדיג, נישט געקוקט, חלילה, גלייך אין די אויגען: „וואָס מאַכסט דו?“ און ער ענטפערט איהר: „וואָס מאַכסט דו?“ און פרויקע זיין זוהן, אַ בר־מצוה־יונגעל, גיט איהם אָפּ שלום, און דער טאַטע טהוט אַ פרעג דעם זוהן: „וואו האַלסט דו, אפרים, אין לערנען?“... און רייזעל זיין טאָכטער, נישט קיין מיאוס מיידעל, מיט אַ קליין פאַרפלאָכטען צעפּעל, חאַפּט איהם אַרום קושען.

— טאַטע, וואָס האָסט דו מיר געבראַכט אַ מתּנה אויף יום־טוב?

— סיץ אויף אַ קליידעל, און דער מאַמען אַ זיידענע פּע־טשיילע. נאָ, גיב דער מאַמען די פּעטשיילע.

און פישעל נעמט־אַרויס פון טלית־זאַק אַ נייע אַ זיידענע (מאַהלט אייך — אַ האַלב־זיידענע) פּעטשיילע, און בת־שבע ווערט נאָך רויטער, רוקט־אָן דאָס טיכעל איבער די אויגען, כאַפּט זיך צו בעל־הבּתי׳שקייט, דרעהט זיך אַרום איבער׳ן שטוב און שטעהט אויף איין אָרט.

— ווייז נאָר, אפרים, די גמרא, לאָם איך דיך פאַרהערען, וואו האַלסט דו אין לערנען?

און פרויקע איז דאָך דאָס וואוילע יונגעל, דער גרויסער מתמיד, די שענע תּפיסה מיט׳ן גוטען זכּרון, און וויל לערנען! און פישעל הערט איהם, ווי ער זאָגט די גמרא, פאַררעכט איהם, און דאָס הארץ וואַכסט, קוועלט, די נשמה פרעהט זיך — אַ וואויל יונגעל פרויקע! אַ צאַצקע!

— אויב דו ווילסט געהן אין מרחץ, ליגט אָט דאָ אָנגעגרייט אַ העמד!

אזוי זאָגט איהם בת־שבע פאַרבייגעהענדיג, נישט געקוקט, חלילה, גלייך אין די אויגען אריין, און פישעל פיהלט זיך עפּיס משונה גוט, ווי אַ מענטש, וואָס האָט זיך אַרויסגעחאַפּט פון גע־פענגעניש אויף דער פרייער ליכטיגער וועלט, צווישען אייגענע, נאָהענטע און געטרייע. און עס שטעלט זיך איהם פאָר אַ שטאַרק אָנגעהייצטע באָד מיט אַ סך היץ; ער ליגט שוין גאַנץ הויך אויף דער אויבערשטער באַנק מיט נאָך אידען און שוויצט, און בעזעמט זיך, און שמייסט זיך, און וויל נאָך.

— אוי, נאָך, נאָך! גוואַלד, אידען, נאָך!...

און געקומען פון באָד אַ פרישער, אַ צאַפּעלדיגער, כּמעט אַ נייגעבוירענער, נעמט ער זיך קודם צו דער יום־טוב׳דיגער קריאה,

טהוט אַז די שבת'דיגע קאַפּאָטע מיט'ן נייעם גאַרטעל, האָפּט אַ קוק פאַרבייגעהענדיג אויף בת־שבע'ן אינ'ם נייעם קליידעל מיט דער זיידענער פּעטשיילע: נאָך גאָר אַ היבש ווייבעל, בלעבען, אַ צנועה און אַ צדיקית. און ער געהט מיט פרויקען אין שוהל אריין. געקומען אין שוהל אריין, פליהען שלום־עליכמס פון אַלע זייטען: „ברוך־הבא, אַ איד רב פישעל, וואָס מאַכט אַ איד אַ מלמד?“ — „אַ איד אַ מלמד קנעלט“. — „וואָס הערט זיך עפּים אויף דער וועלט?“ — „וואָס זאָל זיך הערען אויף דער וועלט? די וועלט איז אַ וועלט“. — „וואָס הערט זיך אין באַלטע?“ — „באַלטע איז באַלטע“... אַלע מאָל, אַלע האַלבע יאָהר דער אייגענער נוסח, נישט געמינערט אַ וואָרט. און ניסעל דער חזן שטעלט זיך אַוועק דאַווענען מעריב, צעלאָזט זיך אויף זיין שטימע, וואָס געהט וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, און אַז עס קומט צו „וידבר משה את מועדי ה׳ אל בני ישראל“ — דערלאַנגט ער הויך, כמעט ביז'ן הימעל. און פרויקע שטעהט ביי דער זייט און דאַ־ווענט, דאַווענט געשמאַק, און פישעל'ס האַרץ וואַכסט, קוועלט, די נשמה פרעהט זיך — איין עהרליך קינד פרויקע, אַ כשרם!

— גוט יום־טוב! גוט יום־טוב!

— גוט יום־טוב! גוט יאָהר!

פאַרטיג דער גאַנצער סדר אויפ'ן טיש: די ארבע כוסות, דער מרור, די זרוע מיט די ביצים מיט'ן חרוסת מיט אַלע זיעבעצעהן זאַכען. פאַרטיג דאָס „הסב־בעט“, צוויי בענקלעך מיט אַ גרויסען קישען. אָט באַלד ווערט פישעל אַ מלך, אָט באַלד זעצט זיך פּי־שעל „על כסא מלכותו“, מיט'ן ווייסען קיטעל אויפ'ן טראָן, און בת־שבע די מלכה מיט דער נייער זיידענער פּעטשיילע נעבען איהם, אפרים דער פּרינץ מיט'ן נייעם קאַשקעט און די פרינצעסין רייזעל מיט'ן צעפּעל אַקעגען זיי — דרך־ארץ, אידען, רעשפּעקט! פישעל דער מלמד האָט זיך געזעצט אויף דער שטוהל געוועל־טיגען!

## ב.

די חאשטשעוואטער וואוילע יונגען, די וואס האבען ליעב
חוזק מאכען, אפ׳לצ׳עווען פון דער גאנצער וועלט, און ווער שמור־
עסט פון א אידען א מלמד, האבען אויסגעקלערט אויף אונזער
פישלען, אז ער האט איינמאל ערב פסח ארייגעשיקט צו זיין
בת־שבע׳ן א דעפעש בזה הלשון: „רעביאטא סאבראני. דענגי
וועזו. פריגאטאוו פולי. יעדו צארסטוואוואט”. דער פשט פון
דער דעפעש איז אזוי: „א קנעלונג צונויפגעשטעלט. שכר־למוד
פיהר איך. מאך קניידלעך. איך פאהר געוועלטיגען”... די דע־
פעש, זאגען די לצים, האט מען אין באלטע איבערגעחאפט אויף
דער סטאנציע, בת־שבע׳ן האט מען באזוכט און נישט געפונען
גארניט. און פישלען האט מען געבראכט צו פיהרען, מחילה, מיט׳ן
עטאפ אהיים. נאר איך קאן אייך זאגען בהן שלי, אז ס׳איז
שקר וכזב. פישעל האט קיינמאל אויף זיין לעבען קיין דעפעש
נישט געשיקט, בת־שבע׳ן האט קיינער נישט באזוכט, און פישלען
האט מען מיט׳ן עטאפ קיינמאל נישט געפיהרט. דאס הייסט,
פיהרען האט מען איהם אמאל געפיהרט מיט׳ן עטאפ, נאר נישט
פאר קיין דעפעש — פאר א פאס גאר האט מען איהם געפיהרט!
אי דאס — נישט פון באלטע, נאר פון יעהופעץ, און נישט ערב פסח,
נאר אין מיטען זומער איז דאס געווען. עס האט זיך איהם פאר־
גלוסט, פארשטעהט איהר מיך, אוועקלאזען זיך קיין יעהופעץ זוכען
א קנעלונג, און האט פארגעסען נעמען מיט זיך א פאס: ער האט
געמיינט, ס׳איז אין באלטע. האט ער זיך מיאוס אריינגעחאפט,
און האט שוין פארזאגט קינד׳ס קינדער, אז זיי זאלען אין יעהו־
פעץ קיין קנעלונג נישט זוכען...

פון דעמאלט־אן פאהרט ער קנעלען קיין באלטע, און קומט
ערב פסח, ווערט ער פארטיג מיט א פאר וואכען פריהער און
הויבט זיך אן באצייטענס שניידען אהיים חאטש אויף שבת־
הגדול. ווען זשע איז דאס געווען? אז עס שניידט זיך,

דאָס הייסט, אַז דער וועג איז אַ וועג, און מע קאָן קריגען אַ פּוהר, און מע קאָן אַריבערפאָהרען דעם בוג אָדער איבער׳ן אייז, אָדער מיט׳ן פּאַראָם. ווי זשע איז אָבער דער דין, למשל, אַז דער שניי לאָזט, די בלאָטע איז גרויס, קיין פּוהר איז נישט צו קריגען, דער בוג האָט זיך נאָר־וואָס אָפּגעריסען, דער פּאַראָם געהט נאָך נישט, און מיט אַ שיפעל איז מסוכן־נפש, און דער יום־טוב איז אָט־אָט אויף דער נאָז, — וואָס טהוט מען דעמאָלט? איז דער תירוץ: למאי וואָס טהוט מען, אַז מע פאָהרט ערב־שבת פון מאַחניוווקע קיין באַרדיטשעוו, אָדער פון סאָחאַטשאָוו קיין וואַרשאַ, אַרויף אַ באַרג, ביינאַכט אין דער פינסטער, אין אַ שלאַקס־רעגען, מע איז טוידט הונגעריג, און סע לאָפּנעט איין אַקס אויך? — איז טאַקי נישט גוט, וואָס זאָלט איהר קלערען?

פישעל דער מלמד ווייסט שוין דעם טעם פון „נישט גוט". ער האָט שוין געהאַט אויף זיין לעבען, פון זינט ער איז אַ מלמד און פאָהרט פון חאַשטשעוואַטע קיין באַלטע און פון באַלטע קיין חאַשטשעוואַטע, אַלערליי נסיעות און טרעפעניסען! ער האָט שוין געפּרובט געהן העכער האַלב וועג צופוס, און נאָך העלפען אונטער־שטופּען דעם וואָגען אויך. ער האָט שוין געפּרובט ליגען מיט אַ גלח אין בלאָטע, דער גלח פון אויבען און ער פון אונטען. ער האָט שוין געפּרובט אַנטלויפען פון אַ טיטשקע וועלף, וואָס זענען נאָכגעלאָפען נאָכ׳ן וואָגען פון חאַשטשעוואַטע ביז פּעטשאַני, און נאָכדעם האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז ס׳איז גאָר געוועןהינט, נישט קיין וועלף... נאָר אַזאַ צרה, ווי די, וואָס איז פאַרגעקומען דעם ערב פּסח, האָט זיך איהם נאָך נישט געטראָפען קיינמאָל.

די צרה האָט זיך גענומען פונ׳ם בוג, דאָס הי־סט, פון דעם, וואָס דער בוג האָט זיך געעפענט אַ ביסעל צו שפּעט און צע־שפּילט זיך סאַמע אין דער צייט, ווען פישעל דער מלמד האָט זיך געאיילט אַהיים. און געאיילט האָט ער זיך שטאַרק, ווייל ס׳איז געווען פרייטאָג ערב־שבת און ערב־פּסח, דאָס הייסט יענעם יאָהר איז געפאַלען פּונקט שבת ערב־פּסח.

## ג.

געקומען צום בוג איז פישעל מיט א גויישער פוהר דאַ־נערשטאַג פאַרנאַכט. דאָס הייסט, לויט זיין חשבון נאָך, האָט ער באַדאַרפט קומען דיענסטאַג אין דער פריה, ווארום פון באַלטע איז ער ארויסגעפאָהרען זונטאָג נאָכ'ן מאַרק. דער רוח האָט איהם געטראָגען, ער זאָל ארויסגעהן אויפ'ן מאַרק נאָכפרעגען זיך אויף איין איבערגעהאַפּטער פוהר! נעחאי וואָלט ער בעסער געפאָהרען מיט יענקעל־שייגעץ (א באַלטער בעל־עגלה) אויף דער „רעשעטע־וואַניע", מחילה פון הינטען הייסט עס, מיט'ן פנים צוריק, און די פיס זאָלען איהם קליאַקנען, און ס'זאָל איהם ארויסנודען די נשמה אפילו, — אלץ וואָלט ער שוין ביז אהער לאַנג געווען אין דער היים און וואָלט פאַרגעסען פון דער גוטער נסיעה! האָט זיך איהם אָבער געוואָלט א וואָלוועלע פוהר — און דאָס איז דאָך איין אַלטער כלל, אז וואָס וואָלוועל קאָסט טייער. יונה דער שכור, דער וואָס רייהעט פוהרען אין באַלטע, האָט איהם אָבער געזאָגט: „פאָלגט מיך, פעטער, גיט בעסער צוויי קאַרבוינים, וועט איהר זיצען, ווי א שררה, ביי יענקלען אין דער עגלה פאַריטש, פון הינ־טען אין בויך; געדענקט זשע, איהר שפּיעלט זיך מיט פייער, ס'איז ערב יום־טוב!" באַשערט איין אומגליק, האָט אָבער דער שוואַרץ־יאָהר אונטערגעטראָגען א באַקאַנטען ערל פון חאַשטשעי־וואַטע.

— ע, טשאָיעש, ראַבין! טשי נע פּאַיידעמאַ טשאַסאַם ־א חאַשטשעוואַטע * ?

— דאַברע, א סקילקאַ, למשל, קאַשטאַוואַטעמע ** ?

וויפיעל סע וועט קאָסטען — דאָס האָט ער געפונען פאַר גויטיג צו פרעגען, און צי וועט ער איהם ברענגען אויף פסח

* עי, הער נאַר, רבי! אפשר פאָהרען מיר קיין חאַשטשעוואַטע? —

** גוט, וויפיעל, למשל, וועט דאָס קאָסטען?

אַהיים — איז פישלען אַפילו אויף די געדאַנקען נישט געקומען; וואָרום מע זאָל אפילו, דאַכט זיך, געהן צופוס נאָכ'ן וואָגען פון באַלטע ביז חאַשטשעוואַטע און מאַכען קליינע טריט, ווי בשעת מע שטעהט־אוים שמונה־עשרה, קאָן מען אויך אין אַ וואָך צייט אָנקומען אויף יום־טוב אַהיים.

אַרויסגעפאָהרען פון 'שטאָדט, האָט פישעל שוין באַלד חרטה געקריגען אויף דער פוהר, חאָטש ס'איז געווען גראָם, איינער אַליין אויפ'ן גאַנצען וואָגען, ווי אַ גראַף. ער האָט אַרויסגעזעהען באַשיינפערליך, אַז מיט אַזאַ שלעפען זיך, ווי דעם ערל'ס פערדעל שלעפּט זיך, וועט ער ווייט נישט איינפאָהרען, וואָרום ער איז גע־פאָהרען און געפאָהרען אַ גאַנצען טאָג, און איז נאָך געווען גאָר פון פאַרענט. און וויפיעל ער האָט נישט געמוטשעט דעם ערל, ער זאָל איהם זאָגען, צי ס'איז נאָך עפּים ווייט, האָט איהם דער ערל נישט געענטפערט קיין האַלב וואָרט, אַ חוץ: „אַ כטאָ יאהאָ זנאַ *? ערשט העט־העט, שוין אָרום פאַרנאַכט, האָט איהם אָנגעיאָגט מיט אַ הוק און מיט אַ פייף און מיט אַ קנאַק יענקעל־שייגעץ מיט זיינע פיער ברענענדיגע אָדלערס, באַהאַנגען מיט גלעקלעך, און מיט דער גרויסער בויך, אָנגעפּאַקט מיט פאַרשוינען אינוועניג, פון פאָרענט און פון הינטען אויף דער רעשטעוואַניע. דערזעהן דעם מלמד זיצען ביי'ם ערל אין וואָגען, האָט יענקעל־שייגעץ געגעבען אַ קנאַק מיט דער בייטש אין דער לופטען און האָט אויסגעשאָלטען ביידען, דעם בעל־עגלה מיט'ן פאַרשוין, אויף אַלע זייטען, אויסגעלאַכט זיי מיט'ן פערדעל, ווי יענקעל־שייגעץ קאָן, און אַז ער איז אָפּגעפאָהרען אַ ביסעל ווייטער, האָט ער באַ־וויזען דעם ערל אויף איינע פון זייערע רעדער.

— עי, טשעלאָוויטשע, דיווים! אָן אַ טעבע קאָלעסע דרעהט זיך **!

---

* ווער ווייסט דאָם? — ** עי, מענטשעל, זעה נאָר! אַ ראָד דרעהט זיך ביי דיר!

— טפררררו! — האָט זיך דער ערל אָפּגעשטעלט, אַראָפּ־געקראָכען אינאיינעם מיט'ן מלמד פון וואָגען, גענומען קוקען אויף די רעדער, אויף די פלעקלעך, אַרונטערגעקראָכען אונטער'ן וואָגען, געזוכט, און נישט „עפּונען געפונען" גאָרניט.

פאַרשטאַנען, אז יענקעל האָט איהם געפיהרט אין באָד אריין, האָט ער זיך אַ קראַץ געטהאָן אין דער פּאָטיליצע פון הינטען, אונטער'ן קאָלנער, און האָט אָנגעהויבען שעלטען יענקלען און אַלע אידען מיט אַזעלכע קללות, וואָס פישעל האָט נאָך אויף זיין לע־בען אַזעלכעם נישט געהערט; דאָס קול איז געגאַנגען אַלע מאָל העכער, דער כעס איז געוואָרען אַלע מאָל שטאַרקער:

— אַ, שאָב טובי „אַברא נע בולאָ! שאָב טי נע דאָזשדאָוו! שאָב טובי ליחאָ האָדינאָ! שאָב טי נע דאָייחאָוו! שאָב טי פּראָ־פּאָוו! טי! אי טוואָיאָ סקאָטינאָ! אי טוואָיאָ זשינקאָ! אי טוואָיאָ דאָטשקאָ! אי טיטקי! אי דיאָדקי! אי קומי! אי־אי־אי־אי ווסי וואָשי זשידי נעווירנעיע, נעכריסטי פּראָקלאָטעיע*!!!

עס האָט לאַנג געדויערט, ביז דער ערל האָט זיך געזעצט אויפ'ן וואָגען און האָט זיך אַלץ נישט באַרוהיגט, אַלץ נישט אויפגעהערט לעגען די תוכחה אויף יענקעל בעל־עגלה און אויף אַלע אידען, ביז מע איז געקומען מיט גאָט'ס הילף אין אַ דאָרף אויף נאַכט־לעגער.

אין דאָרף האָבען זיי אונטערגענעכטיגט, און אויף מאָרגען האָט זיך פישעל געפעדערט כאור הבוקר, אָפּגעדאַווענט, אָפּגעזאָגט אַ פּאָרציע „חוק־לישראל", אַ ביסעל תהלים, איבערגעביסען מיט

---

* אַ, קיין גוטס זאָלסט דו נישט האָבען! זאָלסט נישט דערלעבען! זאָל דיר זיין אַ שלעכט יאָהר! זאָלסט נישט דערפאַהרען! זאָלסט די כפּרה ווערען! דו, און דיינע פערד, און דיין ווייב, און דיין טאָכטער, און דיינע מוהמעס, און דיינע פעטערס, און דיינע מחותנים, און־און־און אַלע אייערע אידען די פאַרשאָלטענע!!!

א בייגעל און איז פאַרטיג געווען צו פאָהרען ווייטער. איז אָבער דער חסרון, וואָס חוועדאָר (אַזוי האָט מען גערופען דעם בעל־עגלה זיינעם) איז נישט געווען פאַרטיג; חוועדאָר האָט זיך פאַר־זעסען מיט זיינעם אַ מחותן (אַ „קום״), פאַרטרונקען און פאַר־הוליעט זיך, און איבערגעשלאָפען דעם טאָג מיט אַ שטיק נאַכט, און ערשט דעמאָלט זיך געלאָזט אין וועג אריין.

— סטייטש — האָט איהם פישעל געזאָגט מוסר, שוין זי־צענדיג אויפ׳ן וואָגען — סטייטש, חוועדאָר! טשאָרטבע טוואָיאַ מאַמע, היתכן? יאַ טובי נאַימאיעט בפירוש נאַ פּראַזניק!... דע באָג? דע יושר*?

און נאָך מוסר־ווערטער האָט איהם פישעל אריינגעזעצט, נישט אויפגעהערט איהם צו זעגען און צו פּיילען אויף זיין שפּראַך, ווי ווייט ער קאָן, האַלב אויף גוייש, האַלב אויף לשון־קודש, דאָס איבעריגע איהם מסביר געווען מיט די הענט. חווע־דאָר האָט, נישקשה, גוט פאַרשטאַנען וואָס פישעל מיינט, נאָר געענטפערט האָט ער איהם גאָרנישט, קיין האַלב וואָרט אפילו. מסתמא האָט ער געפיהלט, אַז פישעל איז גערעכט, האָט ער גע־שטומט, ווי אַ קעצעלע, ביז ער האָט זיך אויפ׳ן פערטען טאָג באַ־געגענט אויף יענער זייט פעטשאַני מיט יענקעל־שייגעץ, וואָס איז געפאָהרען שוין צוריק פון חאַשטשעוואַטע מיט אַ הוק און מיט אַ קנאַק און האָט אָנגעזאָגט אונזער פישלען מיט זיין בעל־עגלה אַ גוטע בשורה:

— איהר מעגט זיך שוין איבערקעהרען צוריק קיין באַלטע — דער בוג האָט זיך אָפּגעריסען!

ביי פישלען האָט זיך אָפּגעריסען אין האַרצען פונ׳ם וואָרט „אָפּגעריסען״. און חוועדאָר האָט גערעכענט, אַז יענקעל מאַכט ווידער אַ מאָל פון איהם אַ בער, האָט ער איבערגע׳חזר׳ט די

---

* סטייטש, חוועדאָר! דער רוח דער מאַמע דיינער, היתכן? איך האָב דיך באַשטעלט בפירוש אויף יום־טוב! וואו איז גאָט? וואו איז יושר?

קללות מיט די חרמות, אויסגע׳בטל׳ט אלע בייזע חלומות אויף יענקעל׳ס קאפ און אויף זיינע הענט און פיס, און עס האט זיך איהם נישט צוגעמאכט דאס מויל, ביז ער איז דאנערשטאג פאר־נאכט געקומען צום בוג. צוגעפאהרען איז ער גלייך צו פראקאפ באראניוק דעם פאראמשטשיק, פרעגען, ווען לאזט ער דעם פאראם, און דערווייל האבען ביידע ערלים, חוועדאר און פראקאפ, גענו־מען צו ביסלעך בראנפען, און פישעל האט זיך געשטעלט דאוונען מנחה.

## ד.

די זון האט געהאלטען ביי זעצען זיך און האט באגאסען מיט איהרע רויטע שטראהלען די הויכע בערג, וואס פון ביידע זייטען טייך, ערטערווייז נאך באדעקט מיט שניי און ערטערווייז שוין געגרינט, דורכגעשניטען מיט קליינע ריטשקעלעך, וואס האבען זיך געשלענגעלט בארג־אראפ און מיט א זשומען זיך אריינגעגא־סען אין טייך אריין, באגעגענט זיך מיט רינענדיגע וואסערען פונ׳ם נאר־וואס צעשפאלטענעם אייז און פון דער געהענדיגער קריהע. ווי אויף א טעלער איז געלעגען גאנץ חאשטשעוואטע מיט׳ן שפיץ קלויסטער, וואס האט פון דער פארגעהענדי־גער זון אויסגעזעהען, ווי איין אנגעצונדען ליכט. געשטעלט זיך שמונה־עשרה מיט׳ן פנים צו חאשטשעוואטע, האט פישעל פאר־שטעלט די אויגען, געטריבען פון זיך די מחשבות זרות, וואס זע־נען איהם געקראכען אין קאפ אריין: בת־שבע מיט דער נייער זיידענער פעטשיילע, פרויקע מיט דער גמרא, רייזעל מיט׳ן צעפעל און די הייסע באד מיט דער אויבערשטער פאליצע, און פרישע מצה מיט גוטע געפעפערטע פיש, מיט הארבען חריין, וואס פאר־געהט אין נאז אריין, מיט פסח׳יגען בארשט מיט מצה, וואס איז טעם גן־עדן, מיט נאך גוטע זאכען, וואס דעם מענטשענ׳ס יצר־הרע קאן אויסטראכטען... און וויפיעל פישעל האט זיי נישט גע־

טריבען, די מחשבות זרות, זענען זיי אַלץ מעהר געקראַכען אין מח אריין, ווי זומער־פליעגען, נישט געלאָזט איהם דאַווגען, ווי סע געהער צו זיין.

אויסגעשטאַנען שמונה־עשרה און אויסגעשפּיגען צו „עלינו“, האָט זיך פישעל אָוועקגעלאָזט צו פראָקאָפּען און האָט זיך אַריינגעלאָזט מיט איהם אין אַ שמועס מכּח פּאַראָם און מכּח ערב־יום־טוב, געגעבען איהם צו פאַרשטעהן, האַלב אויף גוייש, האַלב אויף לשון־קודש, און דאָס איבעריגע מסביר געווען איהם מיט די הענט, וואָס פאַר אַ יום־טוב פּסח איז ביי אידען און וואָס הייסט שבת ערב־פּסח: אַז טאָמער, חלילה, פאָהרט ער נישט אַריבער ביז מאָרגען אין דער צייט דעם בוג, איז ער אַ פאַרפאַלענער; וואָרום אַ חוץ, וואָס מע קוקט אויף איהם אַרוים אין דער היים, זיין ווייב און קינדער (דערביי האָט פישעל געטהאָן אַ טיעפען זיפץ, אַז עס האָט אויסגעריסען אַ שטיק האַרץ), וועט ער, חלילה, אַכט טאָג כּסדר נישט טאָרען נישט עסען, נישט טרינקען, חאָטש נעם וואַרף זיך אַריין אַ לעבעדיגער אין טייך אַריין! (דאָ האָט זיך פישעל אָפּגעקערעוועט אָן אַ זייט, מע זאָל נישט זעהען, ווי עס שטעהען איהם טרערען אין די אויגען).

פּראָקאָפּ באַראַניוק האָט פאַרשטאַנען, אין וואָס פאַר אַ לאַגע נעבאַך פישעל איז, און האָט איהם דערויף געענטפערט, אַז ער ווייסט, אַז מאָרגען איז ביי זיי אַ יום־טוב; ער ווייסט אפילו, ווי אַזוי דער יום־טוב הייסט ביי'ם נאָמען; ער ווייסט אפילו, אַז מע טרינקט ביי אידען ווײַן און שטאַרקען בראַנפען, אַז סע קומט דער דאָזיגער יום־טוב; ער ווייסט אפילו, אַז עס איז פאַרהאַן נאָך אַ יום־טוב ביי אידען, וואָס מע דאַרף טרינקען בראַנפען, און ער הייסט „האמאַנע אוחאַ“; ער ווייסט, אַז ס'איז פאַרהאַן נאָך אַ יום־טוב, וואָס אַלע אידען דאַרפען זיין שכּור, נאָר ווי אַזוי מע רופט איהם, דעם דאָזיגען יום־טוב, האָט ער שוין פאַרגעסען...

— דאָברע, האַרנע! — האָט איהם פישעל איבערגעשלאָגען אין מיטען די רעד מיט אַ וויינענדיגער שטימע. — אַלע שאַ

בודע איז נאשע פראזניק? טאמער זאווטרא, חלילה, אל תפתח פה לשטן, שאב טאי טשאס נעבולא *?...

דערויף האט איהם פראקאפ גארנישט געענטפערט. ער האט איהם נאר אנגעוויזען מיט דער האנט אויפ'ן טייך, ווי איינער רעדט: „נא, זעה, וואס עס טהוט זיך!"

און פישעל האט אויפגעהויבען די אויגען אויפ'ן טייך און האט דערזעהען דאס, וואס זיינע אויגען האבען נאך קיינמאל אויף זיין לעבען נישט געזעהען, און ער האט דערהערט דאס, וואס זיינע אויהערען האבען נאך קיינמאל אויף זיין לעבען נישט געהערט. ווארום כמעט קאן מען זאגען, אז פישעל דער מלמד האט נאך קיינמאל נישט געזעהען דעם אמת'ען „אינדרויסען", און אז ער האט איהם געזעהען, האט ער איהם געזעהען נאר בדרך הלוכו, דורכלויפענדיג פארביי פון חדר אין בית־המדרש און פון בית־המדרש אין חדר אריין. דער שענער בלויער בוג צווישען די צוויי גרויסארטיגע בערג, דאס זשומען פון די שלענגעלדיגע ריטש־קעלעך, וואס קאטשען זיך אראפ פון בארג, דאס רוישען פון דער געהענדיגער קריהע, דאס באלייכטען פון דער פייעריגער פארגע־הענדיגער זון, דער ברענענדיגער קלויסטער, דער פרישער געזונטער ריח פונ'ם ערב־פסח'יגען אינדרויסען, און ועל־כולם דאס זיין אזוי נאהענט צו דער היים און נישט קאנען גרייכען, — די אלע זאכען אינאיינעם האבען אונטערגעהאפט אונזער פישלען, ווי אויף פליג־לען, און האבען איהם אוועקגעטראגען אין א נייער וועלט אריין, אין איין „עולם־הדמיון", און עס האט זיך איהם פארגעשטעלט, אז אריבער דעם בוג איז אזוי גרינג, ווי א שמעק טאבאקע, אבי דער אויבערשטער וויל נאר טהון א שטיקעל נס, מצליח זיין...

אזעלכע און כדומה אזעלכע מחשבות האבען געווידמעט זיך אויף און אפ ביי פישלען אין קאפ, איהם געטראגען אין דער

---

* נוט און פיין! וואס וועט אבער זיין מיט אונזער יום־טוב? טאמער מארגען, חלילה, אל תפתח פה לשטן, די שעה זאל גאר נישט זיין?...

לופטען און פּאַרטראַגען איהם אַזוי ווייט פון'ם ברעג טייך, אַז ער האָט זיך גאַרנישט אַרומגעקוקט, אַז ס'איז שטאָק־נאַכט, און דער הימעל האָט זיך אויסגעשטערנט, און אַ קיהל ווינטעל האָט זיך פאַר'גנב'עט צו איהם אונטער דער קאַפּאָטע און פון דאָרט ביז'ן טלית־קטן, — און פישעל האָט זיך פאַרטראַכט אין אַזעלכע זאַכען, וואָס האָבען זיך איהם נאָך קיינמאָל נישט גע'חלום'ט: אין הויות העולם, אין הימעל־זאַכען, אין דער גרויסקייט פון דער שענער וועלט, אינ'ם בורא שמים וארץ, וכדומה...

### ה.

אַ שווערע נאַכט האָט פישעל דער מלמד איבערגעלעבט בײַ פּראָקאָפּ דעם פּאַראָמשטשיק אין שטיבעל — אַזאַ נאַכט זאָל זיך שוין נישט אומקעהרען! און ס'איז געקומען דער פריהמאָרגען מיט אַ פריינטליך שמייכעל פון דער ליכטיגער פריילּיכער זון. אַ שע־נער, אַ זעלטענער טאָג האָט זיך געשטעלט, מיט אַ זיסער וואַ־רעמקייט, וואָס דורך דעם איז פון'ם איבעריגען ביסעל שניי גע־וואָרען קאַשע, און פון דער קאַשע — וואַסער, און דאָס וואַסער האָט זיך פון אַלע זייטען אַריינגעגאָסען אין בוג אַריין, און דער בוג איז געוואָרען לויטער, העל־בלוי, הויך און משופע'דיג, און נאָר זעלטען האָט מען באַגעגענט יענע גרויסע שטיקער אייז. וואָס זעהען־אויס, ווי לעבעדיגע מורא'דיגע חיות, ווייסע עלע־פאַנטען, וואָס יאָגען, לויפען, אײַלען זיך, האָבען מורא, זיי זאָלען נישט פאַרשפּעטיגען. פישעל דער מלמד האָט אָפּגעדאַווענט, פאַרביסען מיט'ן לעצטען ביסעל חמץ, וואָס האָט זיך געפונען בײַ איהם אין טלית־זאַק, און איז אַרויסגעגאַנגען צום טייך אַ קוק טהון, וואָס הערט זיך מיט'ן פּאַראָם, — און ווי נבהל ונשתומם איז ער געוואָרען, אַז ער האָט דערהערט פון פּראָקאָפּען, אַז דעם פּאַראָם וועט מען קאָנען לאָזען געהן ערשט הלואי זונטאָג נאָך האַלבען טאָג! פישעל האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע

הענט ביי'ם קאָפּ, געמאַכט מיט אַלע איברים, געבייזערט זיך אויף פּראָקאָפּען און געזידעלט איהם אויף זיין לשון, האַלב אויף גויש, האַלב אויף לשון־קודש, דאָס איבעריגע מיט די הענט: למאי האָט ער איהם נעכטען געגעבען האָפענונג, אז מע וועט היינט קאָנען אַריבער דעם טייך מיט'ן פּאַראָם? דערויף האָט איהם פּראָקאָפּ גאַנץ קאַלטבלוטיג געענטפערט, אז ער האָט איהם נישט אַנגעהויבען צוזאָגען איבערפיהרען מיט'ן פּאַראָם; ער האָט איהם נאָר צוגעזאָגט אַ ר י ב ע ר פ י ה ר ע ן, און אַריבערפיהרען קאָן ער איהם, אויב ער וויל, מיט אַ שיפעל, אויף אַ לאַדקע, אויף אַ מולטער, און קאָסטען וועט דאָס איהם נישט וועניגער ווי אַ פּאָל־טינעק (אַ חצי רו"כ).

— נעחאַי בודע לאַדקע, נעחאַי בודע מולטער, אַבי נע פּראָז־נעקאָוואַטע, חלילה, נאַ דוויר *!

אזוי האָט איהם פישעל געזאָגט און איז גרייט געווען אין דער מינוט באַצאָהלען איהם צוויי קאַרבּוינים, אָדער גאָר זיך לאָזען איבערשווימען דעם טייך, זיך מוסר־נפש זיין צוליעב דעם הייליגען יום־טוב. און ער האָט גענומען אונטערטרייבען פּראָקאָפּען, ער זאָל שוין גיכער נעמען די לאַדקע אָדער דעם מולטער און אַריבערפיהרען איהם שוין אויף יענער זייט בוג קיין חאַשטשעוואַטע, וואו בת־שבע, פרויקע און רייזעל קוקען שוין אַרויס אויף איהם. סע קאָן זיין, אז זיי שטעהען אויף יענער זייט בוג, דאָרט אויף יענעם באַרג, און זעהען איהם, ווינקען צו איהם, מאַכען צו איהם מיט די הענט, רופען צו איהם, נאָר מע זעהט זיי נישט און מע הערט נישט זייער קול, ווייל דער טייך איז ברייט, מורא'־דיג ברייט, ברייטער ווי תמיד!

די זון האָט שוין געהאַלטען העכער האַלב וועג אין טיעפען, לויטערען, בלויען הימעל, בשעת פּראָקאָפּ האָט געהייסען פישלען,

* לאָז זיין אַ לאַדקע, לאָז זיין אַ מולטער, אַבי ניט יום־טוב האַלטען, חלילה, אין דרויסען!

ער זאָל שפּרינגען אין מולטער אַריין. און אַז פישעל האָט דער־הערט די דאָזיגע ווערטער, האָט ער מיט אַ מאָל אָפּגעלאָזט הענט און פיס און האָט נישט געוואוסט, וואָס ער זאָל טהון. זינט ער לעבט איז ער נאָך נישט געפאָהרען אויף קיין מולטער; זינט ער לעבט האָט ער זיך נאָך נישט געשיפט אין אַ שיפעל. און עס האָט זיך איהם אויסגעדאַכט: אַט־אַט טהוט זיך עס אַ בויג אין אַ זייט — איז מען דאָך אַ קדוש!

— שפּרינג אין מולטער אַריין, ווען מיר שווימען! — האָט איהם פּראָקאָפּ נאָך אַ מאָל געזאָגט און מיט איין מאָך מיט דער האַנט איז ער צוגעשוואומען צום ברעג נאָך נעהענטער און צוגענומען ביי פישלען דאָס פּעקעל פון די הענט.

פישעל דער מלמד האָט גאַנץ פיין פאַרקאַטשעט די פּאָלעס, אָנגעהויבען דרעהען זיך אויף איין אָרט, זיך גע׳ישוב׳ט, צי זאָל ער שפּרינגען, צי זאָל ער נישט שפּרינגען? פון איין זייט שבת ערב־פּסח, בת־שבע, פרויקע, רייזעל, מרחץ, סדר, מלך... פון דער אַנדערער זייט — סכנת־נפשות, מלאך־המות, „המאבד עצמו לדעת" — זיך אַליין גענומען דאָס לעבען; וואָרום טאָמער, חלילה, איין בויג — איז דאָך עליו השלום, אויס פישעל!...
פישעל האָט זיך מיט די פאַרקאַטשעטע פּאָלעס אַזוי לאַנג אַרומ־געדרעהט אויף איין אָרט, ביז פּראָקאָפּ האָט זיך צעשריגען אויף איהם, געזאָגט, אַז אַט טהוט ער אַ שפּיי און פאָהרט אַליין אַריבער אויף יענער זייט קיין חאַשטשעוואַטע. דערהערט דאָס ליעבע וואָרט „חאַש - טשע - וואַ - טע", דערמאָנט זיך פישעל אָן זיינע אייגענע און געטרייע, נעמט זיך אָן מיט אַלע כּוחות און פאַלט־אַריין אין מולטער אַריין. איך זאָג „ער פאַלט־אַריין", ווייל פון׳ם ערשטען שטעל מיט׳ן פוס טהוט זיך דאָס שיפעל אַ בויג אויף איין זייט, מיינט ער, אַז ער פאַלט, טהוט ער זיך אַ חאַפּ צוריק, און פון דעם חאַפּ צוריק טהוט ער אַ פאַל מיט׳ן פּנים אַראָפּ, ציהט זיך אויס אויפ׳ן דנאָ, און סע געדויערט עטליכע מינוט, ביז ער קומט צו זיך, און דאָס פּנים איז איהם טוידט, הענט און פיס

ציטערען, און דאָס האַרץ — ווי אַ זייגערעל: טיק־טיק־טאַק! טיק־טיק־טאַק!

ז.

ווי ביי זיך אין דער היים אויפ'ן בענקעל, זיצט פּראָקאָפּ אויפ'ן שפּיץ מולטער, אַ מאַך מיט דער ווענטלע פון איין זייט, אַ מאַך מיט דער ווענטלע פון דער אַנדערער זייט — דאָס שיפעל גליטשט זיך איבער'ן שפּיגעלדיגען וואַסער, און ביי פּישלען דרעהט זיך דער קאָפּ, קוים וואָס ער זיצט. ער זיצט? ניין, ער הענגט, ער הענגט אין דער לופטען; אַט־אַט טהוט ער זיך אַ שלעכטען ריהר, אַט־אַט רייסט ער זיך אָפּ, איין בויג אויף אַ זייט — און פליוך אין וואַסער אַריין, אוים פּישעל!... און ביי דעם געדאַנק קומט איהם אויפ'ן זינען דער פּסוק פון דער שירה: „צללו כעופרת במים אדירים" — פּאַרזונקען ווי בליי אין די שטאַרקסטע וואַסערען. און עס שטעלען זיך איהם די האָר קאַפּויר פון אַזאַ מין טוידט: סטייטש, נישט קומען אפילו צו קבר־ישראל! און ער איז מנדר... וואָס זאָל ער מנדר זיין? צדקה? האָט ער נישט וואָס; ער איז נעבאַך אַ גרויסער, גרויסער אָרע־מאַן! איז ער מנדר, אַז באָם גאָט וועט איהם ברענגען בשלום אהיים, וועט ער זיצען גאַנצע נעכט און לערנען, און וועט דורכ־געהן דורכ'ן יאָהר גאַנץ ש"ס, אם ירצה השם, מיט גאָט'ס הילף...

פּישעל וואָלט אַ בעלן זיין וויסען, צי ס'איז נאָך ווייט ביז צו יענעם ברעג. און ווי אויף צו להכעים, האָט ער זיך געזעצט מיט'ן פּנים צו פּראָקאָפּען און מיט'ן הינטען צו חאַשטשעוואַטע. פרעגען פּראָקאָפּען — האָט ער מורא אַרויסלאָזען אַ וואָרט פונ'ם מויל; עס ווייזט זיך איהם אוים, אַז פונ'ם קול אַליין וועט זיך דאָס שיפעל געבען אַ הוידע, און לאָז זיך דאָס שיפעל געבען אַ הוידע — איז אוים פּישעל! נאָר פּראָקאָפּ אַליין עפענט דאָס מויל און הויבט אָן רעדען. ער זאָגט, אַז ס'איז נישטאָ קיין ער־

גערע נסיעה אויפ'ן וואסער, ווי בשעת קריהע געהט נאך; מע קאן, זאגט ער, נישט פאהרען גלייך, מע מוז זיך קליגען, דרעהען זיך ארום און ארום, אומקעהרען זיך אלע מאל צוריק.

— אט געהט א שטיק אייז גלייך אויף אונז.

אזוי זאגט פראקאפ און טהוט זיך א נעם צוריק און לאזט דורך פארביי א גאנצע מאכינע, וואס שווימט דורך פארביי מיט א משונה־מאדנע הילך, וואס פישעל האט נאך אזעלכעס קיינמאל נישט געזעהען און נישט געהערט, און ער הויבט ערשט אן פארשטעהן, ווי ווייט די דאזיגע נסיעה איז א משונה'דיגע זאך! ער וואלט אוועקגעגעבען מי יודע וואס, אבי ער זאל שוין גיכער קומען צום ברעג, אדער אומקעהרען זיך צוריק.

— א! דו זעהסט? — מאכט צו איהם פראקאפ און ווייזט איהם אן אהין, ארויף.

פישעל הויבט אויף די אויגען פאוואלינקע, האט מורא זיך א שטארקען ריהר טהון, קוקט, קוקט — און זעהט ניט גארנישט; ער זעהט נאר וואסער, וואסער און וואסער.

— דאס געהט אויף אונז א גרויסע קריהע. מע דארף איבערלויפען גיך, ווארום צוריקנעמען זיך איז שוין שפעט.

אזוי זאגט פראקאפ און ארבייט מיטביידע הענט גאנץ געשמאק, און דאס שיפעל גליטשט זיך, שוועבט, ווי א פיש אין וואסער, און פישעל פיהלט, אז עס ווערט איהם קאלט אין אלע איברים. ער וויל עפּיס א פרעג טהון, נאר ער האט מורא איינשטעלען זיך. פראקאפ רעדט אבער אליין:

— אויב מיר וועלען נישט פארחאפען פריהער מיט א מינוטקעלע, איז שלעכט.

דא קאן זיך פישעל נישט איינהאלטען און פרעגט איהם איבער:

— דהיינו, וואס הייסט שלעכט?

— שלעכט הייסט, אַז מיר זענען פאַרפאַלען, — זאָגט פראָ־קאָפּ.

— פאַרפאַלען?

— פאַרפאַלען!

— דהיינו, וואָס הייסט פאַרפאַלען? — פרעגט איהם איבער נאָך אַ מאָל פישעל.

— פאַרפאַלען הייסט — עס וועט אונז פאַררייבען.

— פאַררייבען?

— פאַררייבען!

פישעל פאַרשטעהט נישט רעכט, וואָס באַדייטען די ווערטער „פאַרפאַלען", „פאַררייבען"; נאָר פיהלען פיהלט ער, אַז עס שמעקט מיט „מעבר-יבוק", מיט „יענער וועלט" — און אַ קאַלטער שוויים טרעט איהם אַרויס אויפ'ן לייב, און דער פּסוק פון דער שירה קומט איהם נאָך אַ מאָל אַרויף אויפ'ן זכרון: „צללו כעופרת במים אדירים" — פאַרזונקען ווי אַ בליי אין די שטאַרקסטע וואַסערען...

און בכדי צו באַרוהיגען אונזער פישלען, דערצעהלט איהם פּראָקאָפּ אַ שענע מעשה פון פאַראַיאָהרען אין דער צייט: דער בוג האָט זיך אָפּגעריסען, און דעם פּאַראָם האָט מען נישט גע־קאָנט לאָזען. האָט זיך איהם געטראָפען אַ פּאַרשוין, איין אַקציזנע טשינאָווניק פון אומאַן, אַ וואוילער פּאַרשוין, צוגעזאָגט באַצאָהלען אַ גאַנצען „קאַרבאָוואַנעץ". האָבען זיי געהאַט אַ בייז באַגעגעניש מיט צוויי מורא'דיגע שמיקער אייז. האָט ער זיך גענומען רעכטס, אַריין צווישען ביידע קריהעס אין מיטען, געוואָלט דורכשניידען אַרויף, האָט ער זיך אומגעהרען אַ בוצקע געטהאָן מיט'ן שיפעל און — באַץ אין וואַסער אַריין! אַ גליק, וואָס ער קאָן שווימען. נאָר דער אומאַנער טשינאָווניק איז קאַפּוט געגאַנגען, און פאַרפאַ־לען דאָס קערבעל.

— פּראָפּאַוו קאַרבאָוואַנעץ! — אַזוי האָט פּראָקאָפּ אויס־געלאָזט זיין שענע מעשה מיט אַ זיפץ, און ביי פישלען איז דורכ־

געגאַנגען אַ פּראָסט איבער׳ן לייב און ס׳איז איהם טרוקען געוואָ־
רען אין מויל: נישט געקאָנט אויסרעדען קיין וואָרט, ארויסלאָזען
קיין קול, קיין פּיפּס פון׳ם מויל.

ז.

סאַמע אין מיטען טייך, סאַמע אין רעכטען שווימען, האָט
זיך פראָקאָפּ אָפּגעשטעלט, געקוקט — געקוקט ארויף וואַסער;
נאָכדעם האָט ער אָװעקגעלעגט די וועסלע, ארויסגענומען פון דער
טיעפער קעשענע אַ פלעשעל, איבערגעקעהרט דאָס פלעשעל און
געגעבען אַ צוויי־דריי זופּען און צוריק פארשטעקט דאָס, און אריין
אין קעשענע, און פארביסען מיט עטליכע גאַנצע פּעפּערלעך, און
פאַרענטפערט זיך פאַר פישלען, אַז ער מוז, ער מוז געבען האָטש
אַ צוויי זופּ פון׳ם „ביטערען טראָפּען“, אַנדערש פיהלט ער זיך
נישט גוט אויפ׳ן וואַסער... און ער האָט זיך אויסגעווישט דאָס
מויל און גענומען די וועסלע אין האַנט, נאָך אַ מאָל אַ קוק גע־
טהאָן ארויף וואַסער און אַ זאָג געטהאָן:

— אַ טעפּער טרעבאַ טיקאַטי *!

וואוהין אַנטלויפען? פאַר וועמען אַנטלויפען? — דאָס האָט
פישעל נישט פארשטאַנען און מורא געהאַט פרעגען; נאָר גע־
פיהלט האָט ער, אַז דאָ שמעקט מיט מלאך־המות, וואָרום פּראָ־
קאָפּ האָט זיך געשטעלט אויף די קניהעס, גענומען ארבייטען מיט
דער וועסלע אויף אַלע כּלים און אַ זאָג געטהאָן צו פישלען און
באַוויזען מיט דער האַנט אויפ׳ן דנאָ:

— ראַבין! ליאַהאַי נאַ ספּיד **!

און פישעל האָט באַלד פארשטאַנען, אַז מע הייסט איהם זיך
לעגען, האָט ער זיך נישט געלאָזט לאַנג בעטען. ער האָט דער־
זעהען פון דער ווייטען, ווי אַ גאַנצע חמאַרע רוקט זיך אָן אויף

* אַצינד באַדאַרף מען אַנטלויפען! — ** רבי, לעג זיך אראָפּ!

זיי, סע גערט א וועלט מיט אייז, האט ער צוגעמאכט די אויגען, איז צוגעפאלען מיט'ן פנים צום דנא פון דעם שיף און געציטערט, ווי א לעמעלע, און אויסגעשריגען שטילערהייט אויף א קול: „שמע ישראל!" אפגעזאגט דעם קורצען ודוי, געטראכט פון „קבר־ישראל" און פארגעשטעלט זיך, אז אט־אט ליגט ער אויפ'ן אפ־גרונט פון די וואסערען, אט־אט לויפט־צו א פיש און שלינגט איהם איין, ווי דעם נביא יונה, בשעת ער איז אנטלאפען קיין תרשיש. און ער דערמאנט זיך אן דער תפלה פון דעם נביא יונה, און ער זינגט שטילערהייט און וויינט, וויינט מיט טרערען: „אפפוני מים עד נפש — מיך האבען ארומגערינגעלט די וואסע־רען ביז דער נשמה, תהום יסובבני — דער אפגרונט טהוט מיך ארומרינגלען!"...

אזוי זינגט פישעל דער מלמד שטילערהייט און וויינט, גיסט מיט טרערען, האט רחמנות אויף בת־שבע'ן, נעבאך איין אלמנה, און די קינדער יתומים. און פראקאפ ארבייט אויף אלע כלים און זינגט בשעת מעשה זיינס א ליעדעל:

אי, ווי האלקי!
אי, ווי טשארנאקרילע!
טשארנא - קרי - אי - אי - אי - לע * !...

און פראקאפ פיהלט זיך דא אויפ'ן וואסער, ווי אויף דער יבשה, ווי ביי זיך אין דער היים. און פישעל'ס „אפפוני" מיט פראקאפ'ס „האלקעס", און פישעל'ס „יסובבני" מיט פראקאפ'ס „טשארנאקרילע" גיסען זיך צונויף אינאיינעם, און עס לאזט זיך הערען אויפ'ן בוג א מאדנע געזאנג, א מין דועט, וואס איז נאך דארט קיינמאל אזעלכעס נישט געהערט געווארען; עס קאן זיין, זינט דער טייך הייסט „בוג", האט ער נאך אזא מין דועט נישט געהערט...

---

* אוי, איהר האלקעס! אוי, איהר שווארצפליגעלדיגע! שווארצפליגעל־דיגע!

„וואָס האָט ער אַזוי מורא פֿאַר'ן טוידט, דער דאָזיגער איד?“ — אַזוי טראַכט זיך פּראָקאָפּ באַראַניוק, נאָכדעם אַז ער האָט אויסגעפּעהלט די גרויסע שטיק קריהע, אַרויסגעצויגען נאָך אַ מאָל דאָס פּלעשעל פֿונ'ם אָפּגרונט פֿון זיין טיעפֿער קעשענע, געטהאָן אַ צוויי־דריי זופּ און פֿאַרביסען מיט עטליכע גאַנצע שוואַרצע פּעפּערלעך. — „דאַכט זיך, אַזאַ קליין אידעל, איין אָרעמס, איין אָפּגעריסענס, וואָס איך וואָלט פֿאַר איהם נישט אָוועקגעגעבען אָט דאָס שטיקעל מולטער, — און ציטערט אַזוי פֿאַר'ן טוידט!“...

און פּראָקאָפּ טהוט איהם אַ טורקע מיט'ן שטיוועל אין זייט אַריין, און פֿישעל טהוט אַ ציטער. אויף פּראָקאָפּען פֿאַלט־אָן אַ געלעכטער, נאָר פֿישעל הערט נישט. פֿישעל טהוט תּפלה, פֿישעל זאָגט ודוי, זאָגט קדיש נאָך זיין אייגענער נשמה און טראַכט מכּח „קבר־ישראל“...

— ווסטאַוואַי, דורנעי ראַבין, ווזשע פּריעחאַלי! ווזשע מי אַ חאַשטשעוואַטע *!

אַזוי רופֿט זיך אָן פּראָקאָפּ באַראַניוק צו זיין פּאַרשוין, צו פֿישעל דעם מלמד, וועקט איהם אויף, ווי פֿונ'ם שלאָף. און פֿישעל הויבט־אויף דעם קאָפּ פּאַוואָלינקע, פּאַמעליך, קוקט זיך אַרום מיט די רויטע פֿאַרוויינטע אויגען אויף אַלע זייטען:

— חאַ־שטשע־וואַ־טע???...

— חאַשטשעוואַטע! דאַוואַי, ראַבין, פּיווקאַרבאַוואַנצאַ **!

און פֿישעל קריכט־אַרויס פֿונ'ם מולטער און דערזעהט, אַז ער איז שוין אין דער היים. ווייסט ער נישט, וואָס ער זאָל טהון: צי זאָל ער לויפֿען אין שטאָדט אַריין? צי זאָל ער געהן טאַנצען? צי זאָל ער פֿריהער דאַנקען און לויבען גאָט, וואָס ער האָט איהם מציל געווען פֿון אַזאַ סכּנה? ער באַצאָהלט דעם ערל דאָס האַלבע

* שטעה אויף, דו נאַרישער רבי, שוין געקומען צו פֿאָהרען! שוין אין חאַשטשעוואַטע! — ** געב, רבי, אַ האַלב קערבעל!

קערבעל, חאפּט דאָס פּעקעל אונטער דער האַנט און לאָזט זיך לויפען וואָס גיכער אַהיים, נאָר ער בלייבּט שטעהן אויף אַ רגע, דרעהט זיך אוים מיט'ן פּנים צום פּאַראָמשטשיק.

— סלוחאַי נאָ, פּראָקאָפּע סערדצע. טי פּריחאָדעט, אם ירצה השם, זאַווטראָ נאָ טשאַרקו פּייסאַחאָווקע אי פּראַזנעקאָוואָ ריבּאָ דאָ פּישעל ספּעקטער. טשויעש? למען השם! *

— אַ יאַק זשע? חיבּאַזש יאַ טאַקיי דורנעי? — ענטפערט איהם פּראָקאָפּ באַראַניוק און באַלעקט זיך שוין באַצייטענס פון'ם פּסח'יגען בראָנפען, וואָס ער וועט מאַרגען פּאַרזוכען, און פון די יום־טוב'דיגע פיש, וואָס ער וועט פּאַרבייסען. — פּייסאַחאָוואָ האַרילקאָ? זשידיווסקאָ ריבּאָ? דאָברע, ראַבּין, דאָברע! **

---

פישעל דער מלמד, אַז ער איז געקומען אַהיים, האָט איהם בּת־שבע, רויט ווי פייער, מיט איין אַנגערוקט טיכעל, אַ פרעג געטהאָן: „וואָס מאַכסט דו?“ האָט ער איהר געענטפערט: „וואָס מאַכסט ד ו?“ האָט זי איהם געפרעגט: „וואָס עפּים אַזוי שפּעט?“ האָט ער איהר געענטפערט: „באַדאַרף בּענטשען גומל, אַ נס מן השמים“... און נישט מעהר אַ וואָרט, נישט געוואָלט דערצעהלען גאָרנישט פון דער שענער נסיעה, נישט געווען קיין צייט; ער האָט אפילו קיין צייט נישט געהאַט פאַרהערען פּרויקען, וואו ער האַלט אין דער גמרא, און אָפּגעבּען רייזלען די מתנה און בּת־שבע'ן די זיידענע פּעטשיילע. דאָס אַלסדינג איז אָפּגעלעגט געוואָרען אויף שפּעטער. פישעל האָט געוואָלט נאָך פאַרחאַפּען

---

* הער נאָר, פּראָקאָפּ, האַרצעניו, זאָלסט קומען, אם ירצה השם, מאָרגען אויף אַ גלעזעל פּסח'יגען בראָנפען מיט יום־טוב'דיגע פיש צו פישעל מלמד. דו הערסט? ! למען השם! — ** ווי דען זשע? צי בין איך דען אַזאַ נאַר? פּסח'יגען בראָנפען? אידישע פיש? גוט, רבּי, גוט!

א באָד. קוים־קוים פאַרחאַפּט! און אַז ער איז געקומען פון מרחץ, האָט ער אויך נישט דערצעהלט גאָרנישט. ער האָט דאָס אָפּגעלעגט אויף שפּעטער, אויף נאָכ'ן סדר. ער האָט נאָר געזאָגט אַלע מאָל: „אַ נס מן השמים... בענטשען גומל... דער אויבערשטער פיהרט מיט אַ מענטשען... אַ נס מן השמים... געלויבט איז השם יתברך"...

און ער האָט גענומען מיט זיך פרויקען און איז אַוועק אויף גיך אין שוהל אַריין.

---

כל נדרי [פאַר-

לאָרענע נשמות]

---

נעשריבען אין יאָהר 1903.

# כָּל נִדְרֵי

## א.

די נאכט פון כּל־נדרי איז דער „פּאַרנאַס“ געווען שען באַ־לייכטעט מיט אַלערליי־פאַרביגע לאַמפּען און לעמפּלעך, דעקאָרירט און צוגעקלויבען אויפ׳ן שענסטען אופן. די מוזיק האָט געשפּיעלט. די אָפענע סצענע איז געווען גרייט צו באַווייזען דער וועלט אַלע איהרע אַנטיקלעך, חידושים ונפלאות — משונה־מאָדנע גרינגע דינגע גאַז־קאַלירענדיגע קליידלעך, אַ סך בריליאַנטען, משוגענע טואַלע־טען, נאַקעטע לייבער און פיס, פיס אָהן אַ שיעור!...

— וואָס איז דאָס? — פרעגט דער פרומער לעזער. — משוגע, צי חסר־דעה? וואָס איז דאָס פאַר אַ הפקרות געוואָרען? עשרת ימי־תשובה איז אַ קאַפּעשאַנטאַן! ערב יום־כּפּור — מוזיק מיט קליידלעך מיט נאַקעטע לייבער!...

איך וויים, ליעבער פריינט, גלויבט מיר, איך וויים, אַז ס׳איז ערב יום־כּפּור; איך וויים, אַז אין דעם אָרט, וואוהין מיר געהען אַצינד, איז נישט אַזוי כּדאי אריינצוטרעטען אין די טעג, וואָס מע רופט זיי „ימים נוראים“, און די פאַרשוינען, וואָס מיר וועלען זיך דאָרט מיט זיי באַגעגענען, געהערען זיך אַז ווינציג־וואָס מיט׳ן כּל־נדרי און מיט׳ן הייליגען טאָג יום־כּפּור, וואָס ער הייסט ביי אונז „שבת־שבתון“, דער שבת פון אַלע שבתים. נאָר פון וואַנען ווייסען מיר, אפשר געפינען זיך אויך דאָ, אינ׳ם דאָזיגען זינדיגען

ארט, זינדיגע אידישע נשמות, און צווישען זיי אויך פארגעסענע, פארוואגעלטע, פארווארפענע, אומגליקליכע נפשות נעבאך, וואס קומען־אפ אויף דער וועלט מעהר פאר פרעמדע זינד, ווי פאר אייגענע? פון וואנען ווייסען מיר, ווער ס'איז מעהר שולדיג אינ'ם נידעריג־פאלען פון די דאזיגע פארלארענע נשמות? פון וואנען ווייסען מיר, וועלכעס איז כדאי און וועלכעס איז ניט כדאי?...

נאך אזא מין שטיקעל הקדמה, וואס שמעקט א ביסעל מיט „על חטא" (און א איד שלאגט זיך אפ „על חטא" און זינדיגט ווייטער), קאנען מיר, דאכט זיך, שוין אומקעהרען זיך צוריק צו דער מעשה.

דער „פארנאס" איז דעקארירט און צוגעקלויבען אויפ'ן שענסטען אופן. די מוזיק שפיעלט. מענטשען דרעהען זיך ארום הין און צוריק אויף איין ענג שטיקעל ערד, וואס מע רופט עס „גארטען", ווארום מע האט דארט אנידערגעזעצט אין זאמד עטליכע טשאכאטאטשנע בוימלעך, וואס טשאכנען, קוים־קוים וואס זיי דערציהען דעם זומער, און אלץ וואס דא געפינט זיך — איז פאלש און פאלש און פאלש. דער גארטען איז ניט קיין גארטען, די בוימער זענען ניט קיין בוימער, די בריליאנטען זענען ניט קיין בריליאנטען, די שמחה איז ניט קיין שמחה. ס'איז נאר געמאכט, ס'איז נאר גע'מלאכה'ט, בכדי יענער זאל מיינען...

אלע ווייסען דאס, אלע פיהלען דאס, נאר פון דעסטוועגען געהט מען אהער אלע אויף דער נאכט, און מע ברענגט־אויס געלט, מע זיצט און מע הערט, מע געהניצט, נאר מע זיצט... די מוזיק רימפעלט, און עס רימפעלט אויפ'ן הארצען, נאר מע מוז זיצען און הערען ביז'ן סוף. דאנקען גאט, די מוזיק האט אויפגעהערט צו רימפלען, דאס גלעקעל קלינגט, דער עולם געהט פארנעמען ערטער, און דער פארהאנג פון דער אפענער סצענע הויבט זיך אויף, און עס שפרינגט־ארויס א נפש אינ'ם געשטאלט פון א נקבה, אנגעטהאן משוגענערווייז, דאס הייסט, העכער האלב נא־

קעם, און מיט א קול פון א יונג קינד קוויטשעט זי אויס א ניגון, וואס איהר ווייסט ניט, צי זי זינגט קופּלעטען, צי זי בייזערט זיך אויף דער דיענסט פאר די קארטאפּלים... און חאטש דער גאנצער עולם פיהלט, אז די קופּלעטען זענען נאריש און דאס זינגען טויג אויף כפּרות, פון דעסטוועגען פּאטשט מען בראַוואָ און א צוויי־דריי לעדיגגעהערם רופען זי ארויס פון יוצא ווענען נאך א מאל אויף „בים", און זי לאזט זיך לאנג ניט בעטען, זינגט א נייעם ניגון, נאך ערגער פון'ם ערשטען, און דער עולם געהניצט און פּאטשט „בראַוואָ", און עס הערט זיך ווידער א געשריי: „בים!"...

— דזשאו! טהו א שפּרונג, ווער געוואהר, געקומען שוין דראגא־מארישקא, צי נאך נים? — אזוי רופט זיך אן איינער א גראבער דייטש מיט א רויטער נאז אונטער א גלאנצענדיגען ציילינדער. דאס איז דער בעל־הבית פון'ם גארטען.

— איך קום ערשט פון דארטען, נישטא זי נאך. — ענטפערט דזשאו, א יונגערמאנטשיק מיט א רויטען שניפּס, מיט א געגאלט פּנים, נאר מיט איין אויסגעבויגענער נאז, וואס זעהט אוים מזרע היהודים.

— וואס וועלען מיר טהון, טאמער קומט ניט, חלילה, דראגא־מארישקא? סע שניידט זיך איין עולם פון היבשע מענטשלעך, רייכע יונגעלייטלעך, מע וואלט געקאנט לייזען שען געלט... וואו קאן זיין אזוי שפּעט דראגא־מארישקא?

— למאי את איז פּערי־פּיטשי־פּוטשי אויך נישטא? — זאגט דזשאו. — דער רוח ווייסט זיי, וואו זיי זענען ערגיץ!... מע באדארף א לויף טהון צו זיי אהיים!...

— געה, געה, דזשאו, נשמה'ניו, ברענג זיי צו פיהרען פאר די צעפּ! — זאגט די רויטע נאז צו דער געגאלטער מארדע, און מע זעהט, אז די רויטע נאז האט יסורים. זי עקט זיך... און דארט, אויף דער סצענע, שפּרינגט־ארוים א פארשלעפּטע קרענק, קוליעט

זיך איבער דריי מאָל הין און צוריק און מאַכט אַ סך ערגערע העויות, ווי די ערגסטע פּורים־שפּיעלער, און דאָס געפעלט דעם עולם אַזוי שטאַרק, אַז מע פּאַטשט איהם „בראַוואָ“ נאָך איידער ער האָט אָפּגעמאַכט אַלע זיינע שטיק, און מע רופט איהם אַרויס נאָך אַ מאָל אויף בּים.

די רויטע נאָז איז אין איינע צרות:

— דזשאָו! וואו איז דזשאָו? נישטאָ דזשאָו! נישטאָ דראַגאַ־מאַרישקאַ! נישטאָ פּערי־פּיטשי־פּוטשי! נישטאָ קיינער, קיינער!...

אַזוי זאָגט די רויטע נאָז און לויפט־אַרום הין און צוריק, ווי אַ פאַר'סמ'טע מויז, איבער'ן גאַנצען „פּאַרנאַס“.

און אויף דער סצענע באַווייזט זיך אַ פאַרשטעלטער איד, דאָס הייסט, אַ גוי, וואָס האָט זיך צוגעטשעפּעט אַ קלאַטשקע־וואַטע באָרד מיט ווילדע פּאות אויף איין אָרשין און קרימט זיך נאָך אַ אידען. די דאָזיגע באָרד און פּאות מיט דער שפּיצעכיגער יאַרמעלקע, מיט דער לאַנגער קאַפּאָטע, מיט די שיך און זעקלעך, רופען־אַרויס אַזאַ מין התפעלות אינ'ם גאַנצען עולם, אַז זיי ווערען שיער ניט די כּפּרה. איינער פון דרויסען טהוט אַ געשריי: „יאַנקעל!“ און דער איד פון דער סצענע טהוט אַ פרעג: „חיים־סראַליק־קוגעל, וואָעס?“ און צווישען עולם ווערט אַזאַ געלעכטער, גלייך ווי עס איז דאָ געזאָגט געוואָרען מי יודע וואָס פאַר אַ שאַרפע חכמה. און ווער שמועסט, אַז דער איד ציהט נאָך אַרויס פון דער אונטערשטער קעשענע אַ פּושקעלע, נעמט אַ שמעק טאַ־באַק און טהוט אַ ניס, דעמאָלט ווערט איין איינלעגעניש אויף אַ האַלבע שעה און אַ געשריי: „בּים! בּים! בּים!“... דערפון קאָן מען שוין פאַרשטעהן, וואָס סע טהוט זיך אָפּ, אַז ער הויבּט אָן זינגען דאָס שענע, קלוגע ליעדעל, וואָס צעגעהט זיך אין אַלע איברים, שאָקעלט בּשעת מעשה מיט'ן קאָפּ אַרויף און אַראָפּ און טרייסעלט מיט די פּאות, טאַנצט און קנאַקט־צו מיט די פינגער:

„הענדעל־פענדעל־מענדעלסאָן,
פייטעל־טרייטעל־מאַנדעלשטאַם,
שניאור־דרייער־מאירבער,
שמערקאַ־בערקאַ־קולישער“...

דער עולם ווערט מלא גדולה, ששון ושמחה; איינער שרייט: „בראַוואָ!“ דער אַנדערער — „ביס!“ און איינער, אַ דריטער, חאַפּט זיך גאָר אַרויס מיט אַ שרעקליכען „הוררררא!“, שרייט מיט אַלע כּוחות, גלייך ווי מע האָט איהם דערפאַר באַצאָהלט מי יודע וויפיעל.

דאָס איז אָבּער אַלץ פאַר דער רויטער נאָז ווינצי... זי געהט אַרום אין איינע צרות, בייזערט זיך, קנייפּט־אונטער שטילערהייט די באַדיענטע, טרייבּט זיי, זיי זאָלען געהן אַ קוק טהון, צי איז ניט געקומען שוין דראַגאַ־מאַרישקאַ? וואו איז דראַגאַ־מאַרישקאַ? וואו איז פערי־פּיטשי־פּוטשי? וואו איז דזשאָו? ווי אין דער ערד אַריין! שוין זשע זענען זיי ד אַ ר ט ע ן אַלע דריי?...

און דער בעל־הבית פון׳ם „פּאַרנאַס“ שטעלט־אַוועק איינעם פון די באַדיענטע ביי דער טיר, און אַליין חאַפּט ער אַ דראָשקע און הייסט זיך פיהרען אויף דער „אידישער גאַס“.

ב.

ווער איז די דראַגאַ־מאַרישקאַ? וואָס קוקט מען דאָ אויף איהר אַזוי שטאַרק אַרויס?

דראַגאַ־מאַרישקאַ איז אַ זינגערין, איינע פון די סאַמע באַ־ליעבטעסטע אין „פּאַרנאַס“. אַליין איז זי פון בודאַפּעשט, זינגט אונגאַרישע מעלאָדיען און ציגיינער־ליעדער מיט אַזאַ שען קול, מיט אַזאַ מין מתיקות, אַז זי נעמט־אַרויס ביי איטליכען באַזונדער דאָס חיות. אַלע איהרע ליעדער, חאָטש מע פאַרשטעהט ניט די ווערטער, זענען פול מיט טרערען, מיט הארץ, האָבען אין זיך אַ לעבּעדיגע נשמה און דערגרייכען וועיט, דערלאַנגען טיעף אין די

ביינער, דערוועקען מאָדנע געפיהלען, רופען־אַרויס טרויעריגע געדאַנקען, אַמאָל אַ זיפץ פון'ם טיעפען־טיעפען האַרצען און אַפּטמאָל אַ טרער אויף די אויגען. וואו ליגט דאָ דער סוד באַהאַלטען: צי אין דער זיסער ווייכער בוימעהלדיגער שטימע? צי אין די גרעאַטענע קלינגענדיגע ווערטער, וואָס זי גיט זיי צו אַ באַזונדער חן בשעת זי רעדט זיי אַרויס? צי אין איהרע שענע, שוואַרצע, טיעפע, פאַרטראַכטע אויגען, וואָס שיינען אַרויס פון איהר קלאָר־וויים־ליכטיג פּנים, וואָס איז באַברעמט מיט שענע, קורצע געגרייזעלטע האָר? צי אין איהר קאָנען האַלטען זיך אויף דער סצענע? צי אין די אַלע זאַכען אינאיינעם גענומען? דאָס איז פּאָר געוויס, אַז קוים באַווייזט זיך דראַגאַ־מאַרישקאַ אויף דער סצענע, ווערט נישט קיין ליאַרעם מיט קיין געפּילדער; אדרבה, עס ווערט שטיל, אַלע באַקומען עפּיס פאַר איהר דרך־ארץ, מע פיהלט, אַז עס שטעהט אַ מ ע נ ט ש אויף דער סצענע, אַ מענטש ווי אַלע מענטשען, אַ מענטש מיט אַ האַרץ, מיט אַ נשמה! און הויבט אָן דראַגאַ־מאַרישקאַ צו זינגען, אַזוי ווערט דער עולם ווי פאַרשטאַרבען, און אַלע וואָלטען וועלען, דאָס זינגען זאָל זיך ציהען און ציהען, עס זאָל זיך גאָר נישט אויסלאָזען... אידען האָבען ליעב געהן האָרכען דראַגאַ־מאַרישקאַן דערפאַר, וואָס אין איהר זינגען ליגט אַ סך „מאַראַליש", עס שמעקט מיט'ן אידישען שטייגער. אין איהר זינגען הערט זיך אַ קלאָגען, אַ באַקלאָגען זיך פון אַ צעבראָכען האַרץ, פון אַ באַלעדיגטער נשמה, און אַ געפיהל פון רחמנות קלעהמט־אַרום דאָס האַרץ, און נישט אַזוי נרינג פאַרגעסט איהר נאָכדעם דאָס דאָזיגע ליכטיגע פּנים, מיט די טיעפע, שוואַרצע, פאַרטראַכטע אויגען, און די זיסע ווערטער מיט'ן צוקער־זיסען געזאַנג לאָזען זיך נאָך לאַנג הערען ביי אייך אין די אויהערען.

סע פאַרשטעהט זיך, אַז אויף דראַגאַ־מאַרישקאַן זענען פאַרהאַן אַ סך, אַ סך בעלנים, וואָס ברענגען אוים אַ סך, אַ סך געלט, און די רויטע נאַז איז דערפון רעכט צופריעדען, און די אַלע אי־

בעריגע זינגערינס און טענצערינס זענען איהר, געוויינטליך, רעכט מקנא. זיי זאָלען נאָר קאָנען, וואָלטען זיי זי דערטרונקען אין א לעפעל וואסער. אַך, ווען זיי זאָלען וויסען, וואו איז איצטער דראגא־מארישקא, וואָלטען זיי אוועקגעגעבען אַלע זייערע פאַלשע בריליאַנטען, זיי וואָלטען איהר שוין צוגעשטעלט א רעכט בענ־קעלע וואו מע באדאַרף און וואָלטען זיך אפּגערעכענט מיט איהר, ווי עס געהער צו זיין!

וואו זשע איז געווען דראגא־מארישקא?
אין שוהל צו כל־נדרי.

## ג.

דאָרט, אין א קליין שטעדטעל אין גאַליציע, וואו זי איז געבאָרען, האָט זי געהייסען דבורה־מירעל, א אידישע טאָכטער, א כשר קינד, געוואָכסען ביי פרומע עלטערען פאַנאַטיקער און גאַנץ רייכע לייט, וואָס נאָכדעם האָט זיך ביי זיי דאָס רעדעל א דרעה געטהאָן צוריק, זיי האָבען אָנגעוואָרען דאָס געלט, פאַראָרעמט גע־וואָרען און אריבערגעפאָהרען קיין בודאַפּעשט, געעפענט פריהער א קלייטעל פון ציגאַרען, נאָכדעם א אידישען רעסטאָראַן אויף דער אידישער אַלטאָפענגאַס. נאָר דער שלים־מזל האָט זיי נאָכגעיאָגט פוס־טריט. ווי געוויינטליך, אין א נייע אָרט און אין אזא גרויסער שטאָדט, ווי בודאַפּעשט, האָבען זיי אָנגעהויבען זיך אַנדערש פיהד־רען, מאַכען א ניי מין לעבען, איבערגעביטען די אידישע נעמען אויף'ן אונגאַרישען שטייגער, אָנגעהויבען זיך אַנדערש קליידען, די מוּ־טער אַליין האָט מיט דער צייט אָראָפּגעוואָרפען דעם פּאַריק, און דער עלטערער זוהן האָט אָנגעהויבען שטודירען מוזיק — דאָס אַלסדינג אינאיינעם האָט דער פאָטער נישט געקאָנט אריבערטראָ־גען און איז געשטאָרבען אינ'ם אידישען שפּיטאָל, און דאָס גאַנצע געזינדעל האָט זיך צעזעעט און צעשפּרייט אויף אַלע זיעבען ימים: דער עלטערער זוהן איז אוועק ערגיץ מיט מוזיקאַנטען, דער אַנדע־רער האָט זיך גלאַט אוועקגעלאָזט אין דער וועלט אריין, א סברה,

אז קיין בראזיליע, און איז פארפאלען, ווי אין וואסער אריין; איינע איין עלטערע טאכטער האט חתונה געהאט פאר א משורר אין כאהרשוהל, די אנדערע האט זיך געשטעלט אין א זאקען־פאבריק, און דראגא־מארישקא איז געבליבען אליין מיט דער מוטער, איהר מיטגעהאלפען אין רעסטאראן באדיענען די אורחים, געגרייט און דערלאנגט צום טיש דאס עסען.

שען פון דער נאטור זענען זיי געווען אלע, נאר שענער פון אלע איז געווען דראגא־מארישקא, און די אורחים, וואס האבען ביי זיי געגעסען קעסט, האבען ליעב געהאט, אז נאר די שענע, בלי־ענדיגע דראגא זאל דערלאנגען צום טיש, נישט קיינער. א סך געסט האבען איהר געמאכט קאמפלימענטען, איינינע האבען זיך נית באנוגענט מיט קאמפלימענטען אליין, זיך באגאנגען א ביסעל גראבליך, ווי געוויינטליך מאנסבילען, אז זיי דערזעהען א שענע צייטיגע פרי וואכסט און האבען רחמנות, זי קאן נאך, חלילה, איבערוואכסען.

צווישען די שטענדיגע אורחים, וואס פלעגען אפט קומען עסען אינ'ם אידישען רעסטאראן אויף דער אלטאפענגאס, איז געווען איינער א גאנץ רייכער גאסט פון וויען, מיט'ן נאמען פייער־שפייער, א יונגערמאן מיט א בלאס איידעל פנים, מיט א לאנגען דינעם האלז און מיט א ביסעל א הייזעריגליכער שטימע, נאר מיט זעהר גוטע, א ביסעל קורצזיכטיגע אויגען. אלע צוויי־דריי חדשים פלעגט ער קומען פון וויען קיין בודאפעשט מיט סחורה פון זיין פאטער'ס אייגענער פאבריק, וואו ער האט זיך גערעכענט אלס קאמי־וואיאזשער, און פלעגט פארברענגען עטליכע טעג און קומען אלע טאג עסען אין אידישען רעסטאראן, וואס אויף דער אלטאפענגאס, און די שענע דראגא איז איהם אזוי געפעלען, אז ער האט איהר איינמאל, נאכ'ן צעצאהלען זיך פאר'ן עסען, אהן א שום הכנות, — בשעת מעשה איז איהם נאר דער דינער לאנגער האלז א ביסעל רויט געווארען — אויפגעשטאנען און געבעטען ביי איהר די האנט, דאס הייסט, ער האט איהר פארגעלעגט, אז אויב זי וויל,

האָט ער פאַר איהר חתונה. דראַגאַ־מאַרישקאַ, וואָס האָט זיך בשום אופן ניט געריכט אויף אזא זאַך, האָט איהם גאַנץ פשוט געענטפערט, אַז זי מוז פריהער איבעררעדען מיט דער מוטער, און די מוטער, דערהערט אזא גליק, האָט זי געטריבען די טאָכטער, זי זאָל געהן וואָס גיכער איהם זאָגען „יאָ", און אויף דעם גאַנצען געזינדעל איז געוואָרען אַ שמחה, אַ פרייד: די עלטערע שוועסטער איז געקומען צו לויפען, ניט טוידט, ניט לעבעדיג, מיט'ן מאַן דעם משורר, וואָס איז כאָהר־שוהל, געפאַלען דער שוועסטער אויפ'ן האַלז, געזאָגט, אַז איצט וועט קומען אַ סוף צו זייערע אַלע צרות, איהר מאַן וועט פאַרשפּאַרען זינגען אין כאָהר פאַר פּיפּצעהן קראָנען אַ וואָך, די קלענערע שוועסטער וועט פאַרשפּאַרען אַרבייטען זיעבּעצעהן שעה אין טאָג ביי די זאָקען, און די אָרעמע מאַמע וועט נישט דאַרפען שוין שטעהן גאַנצע טעג בײ'ם אויוועז. נישקשה, פייערשפּייער איז געגוג רייך און איז זעהר אַ גוטער מענטש; ער וועט זיי אַלעמען קומען צו הילף, און זיי וועלען אַלע ווידער אַ מאָל אויפלעבען, ווי זיי האָבען געלעבט אַמאָל פאַר זייער גוטען פאָטער, ער זאָל האָבען אַ ליכטיגען גן־עדן. ביידע שוועסטער האָבען זיך אַרומגענומען, צעקושט און צעוויינט זיך פאַר פרייד.

ד.

ס'זאָל אַלסדינג זיין אַזוי ווי מיר שטעלען זיך פאָר — וואָלט דאָך קיינמאָל אין ערגיץ קיין צרות ניט געווען אויף דער וועלט. אַז דער אַלטער פייערשפּייער, אַ משוגענער דייטש און אַ רעכטער עקשן, איז געוואָהר געוואָרען פונ'ם שידוך, וואָס דער זוהן האָט געטהאָן אין בודאַפּעשט, האָט ער איהם אַריינגערופען צו זיך אין קאַבּינעט אַריין, געהייסען זיך איבערגעבען די קאַסע, איהם אַרויסגעגעבען זיין געהאַלט, וואָס איהם קומט ביז'ן סוף יאָהר, און געזאָגט, אַז ער איז פריי, ער קאָן שוין געהן דיענען ערגיץ אַנדערש, און האָט איהם צום לעצטען מאָל פאָרגעלעגט אַזאַ מין תנאי:

אדער אויס שידוך, אדער אויס זוהן. דער יונגער פייערשפייער איז אבער אויך געווען א דייטש און נישט קיין קליינער עקשן, האט ער איהם דערויף געענטפערט, אז מע וועט גיכער פועל'ען ביי איהם דאס אנדערע, איידער דאס ערשטע, און ער יועט בכלל בעסער שטארבען, איידער נעמען צוריק דאס ווארט, ובפרט, אז ער האט ליעב דאס מיידעל מיט סכנת־נפשות און ער רעכענט זיך פאר איינעם א גליקליכען... און אזוי ווייטער. דער אלטער פייערשפייער האט איהם גאנץ פיין אויסגעהערט; נאכדעם האט ער איהם אנגעוויזען מיט דער האנט אויף דער טיר און א זאג געטהאן:

— אלזא, איז דאס אפגעמאכט? אדיע!

— אדיע! — האט איהם דער זוהן געענטפערט און א בויג געטהאן זיך, און אזוי איז מען זיך צעגאנגען, דער זוהן מיט'ן פאטער, אויף תמיד.

סע פארשטעהט זיך, אז ס'איז באלד אוועקגעגאנגען א וואַרעמער בריעף קיין בודאפעשט צו דראגא־מארישקאן, באשריבען די גאנצע סצענע מיט'ן פאטער, און ער בעט זי, אז זי זאל זיין גאנץ רוהיג, ער איז שוין ניט קיין יונגעלע; ער איז, ברוך השם, נישט קיין פארפאלענער, ער וועט זיך אפזוכען מיט גאט'ס הילף א שטעלע אין גיכען, און אז ער וועט זיך נאר צו עפּיס צושלאַגען — שטעלט ער מיט איהר חופה אין א גוטער שעה א מזל'דיגער, און אזוי ווייטער. און ס'איז טאקי אזוי געווען. ער האט גיך באטראפען א גאנץ פיינע שטעלע, זיך איינגעארדענט, ווי עס געהער צו זיין, און געקומען צו פאהרען קיין בודאפעשט און געשטעלט די חופה.

די חתונה איז געווען אפילו נישט אזא פרייליכע חתונה; ס'איז געווען, ווי מע רופט דאס אן: „א שטילע חופה־וועטשערע“. די מחותנים האבען זיך שטארק געבלאזען; ס'איז געווען, פאַרשטעהט איהר מיך, ניט אזוי ווי זיי האבען געמיינט. זיי האבען געמיינט א געהויבענע חתונה מיט רייכע מתנות... דער עלטערער

שוועסטער׳ס מאַן האָט שוין גע׳חלומ׳ט פון אַ נייער שטעלע ביי׳ם רייכען שוואָגער; די קלענערע שוועסטער האָט זיך שוין כמעט ווי אַפגעזעגענט מיט איהרע חבר׳טעם אויף דער זאַקען־פאַבריק; און אויך די אַלטע מוטער האָט שוין גערעכענט צומאַכען דעם אידישען רעסטאָראַן: גענוג שוין בראָטען זיך ביי׳ם אויווען, גענוג שוין באַדיענען די אורחים, אונטערטראָגען איטליכען עסען. די אַלטע מוטער האָט אָנגעהויבען אַפטער ווי פריהער דערמאָנען איהרע צוויי זיהן, וואָס זענען אַוועק אויף דער וועלט; זי האָט געהאָפט, פאַרשטעהט איהר, אַז זיי וועלען מסתמא דערהערען פונ׳ם גליק, וואָס זייער יונגערער שוועסטער האָט געטראָפען, און וועלען גע־ווים קומען צו פאָהרען אהיים. מיט איינעם וואָרט, איטליכער האָט זיך אַרומגעטראָגען מיט זיין חלום. און אַזוי ווי דאָס רוב חלומות לאָזען זיך אויס מיט גאָרניט, אַזוי האָט זיך פון די דאָזיגע חלומות אויסגעלאָזט אַ טייך: דער עלטערער שוואָגער איז גע־בליבען אויף זיין אַלטער שטעלע; די יונגערע שוועסטער איז געזעסען ביי׳ם אַלטען וואַרשטאַט פון די זאַקען, די אַלטע מאַמע — ביי׳ם אויווען; די צוויי זיהן האָבען זיך אַרומגעבלאָנקעט אויף דער וועלט, ווי פריהער. אַלע האָבען זיך אָפגענאַרט, געהאַט אַ טעות אין חשבון און געבלאָזען זיך אויף דער נאַרישער דראַגאַ מיט איהר נאַרישען מאַן דעם דייטש, וואָס ער וויל זיך נים אי־בערבעטען מיט׳ן פאָטער: אַ מענטש האָט אַזאַ רייכען פאָטער — און געהט דיענען צו אַ פרעמדען פאַר אַזעלכע הונדערט פופציג קראָנען געהאַלט! נאָך דער חתונה האָט זיך די עלטערע שוועס־טער נישט געקאָנט איינהאַלטען און האָט זיך צעקריעגט מיט דראַגאַן, אויפגעהערט רעדען מיט איהר און נישט געגאַנגען איבער איהר מעהר צו דער מוטער אין שטוב אריין. און פון דעמאָלט־אָן איז אַפגענומען געוואָרען דער שלום־בית אין יענעם הויז און מע האָט זיך געגעסען איינס דאָס אַנדערע לעבעדיגערהייט.

נאָר איין דראַגאַ האָט זיך געפיהלט גליקליך מיט איהר גע־ליעבטען בערנאַרד (אַזוי האָט געהייסען דער יונגער פייערשפּייער).

וואָס האָבּען זיך ליעבּ געהאַט בּיידע דאָס חיות, און מיט איהרע צוויי קליינע מלאָכים׳לעך, וואָס זענען געבּאָרען געוואָרען גיך איינס נאָך דאָס אַנדערע, און וואָס זי האָט זיי ליעבּ געהאַט און אָפּגעהיט, ווי דאָס שוואַרצאַפּעל פון׳ם אויג. איין חסרון נאָר, וואָס בּערנאַרד איז כּמעט קיינמאָל ניט אין דער היים, פאַהרט־ אַרום טאָג ווי נאַכט, קומט צו פאַהרען איין מאָל אונטער אַ יום־ טוב אויף איין טאָג, קושט זיך אָן מיט די קינדער און פאַהרט ווידער אַוועק. נאָך אַ חסרון, וואָס בּערנאַרד איז נישט אין בּעסטען געזונט. ער איז פון תּמיד אָן זעהר איין איידעלער. ס׳איז גאָר אַ סברה, אַז ער טאָר גאָר אַזוי פיעל ניט האָרעווען, ווי ער האָרעוועט, ער טאָר גאָר אַזוי פיעל ניט אַרומפאַהרען, ווי ער פאַהרט אַרום. דער דאָקטאָר זאָגט, אַז זומער בּאַדאַרף ער האָבּען רוה, זיך בּאַזעצען ערגיץ „אינם גרינע“, אויף אַ דאַטשע הייסט עס, טרינקען מילך וכדומה. נאָר בּערנאַרד וויל ניט הערען, ניט זעהן. בּערנאַרד טראַכט גאָרניט וועגען זיך אפילו איין מינוט; דאָס גאַנצע לעבּען זיינס איז דראַגאַ און איהרע צוויי מלאָכים׳לעך, און קומט ער צו פאַהרען אַמאָל אַהיים און קאָן זיי עפּיס בּרענגען צו פיהרען פון וועג אַ מתּנה און זיצען מיט זיי אַ טאָג, קומט איהם דעמאָלט צו געזונט אויף אַ גאַנץ יאָהר!

אַ מענטש איז אָבּער ניט קיין מאַשין, ניט פון אייזען. בּער־ נאַרד האָט אַזוי לאַנג געהאָרעוועט, בּיז ער האָט זיך געמוזט איינ־ מאָל אַנידערלעגען רוהען; און האָט ער זיך אַנידערגעלעגט, איז ער שוין מעהר נישט אויפגעשטאַנען. דאָקטוירים האָבּען אָנגע־ הויבּען דאָרט צו זיין גאַנץ אָפטע געסט, אין דער אַפּטייק האָט מען געקאָכט פון זיינעטוועגען רפואות. דער פּראָפעסאָר האָט גע־ הייסען, מע זאָל איהם אָפּפיהרען ערגיץ אין אַ קוראָרט, און ס׳איז ניט געווען מיט וואָס. איז געקומען די עלטערע שוועסטער מיט איין עצה, אַז דראַגאַ זאָל אָוועקשרייבּען צו זיין פאָטער, צום אַל־ טען פייערשפּייער, אַ בּריוועל, איהם פרעגען: „היתּכן? בּיז וואַ־ נען איז דער שיעור צו זיין בּרוגז אויף אַ זוהן?“ האָט דאָס דער־

הערט בערנארד און איז געווארען אנגעצונדען. ער האט זיך אזש פארהוסט פאר כעס, געבעטען זיך, געזאגט, דער טוידט זאל זיין — צום פאטער זאל מען ניט שרייבען! האט איהם דערויף די שוועגערין געענטפערט, ווי א געטרייע שוועסטער, אז „ס׳איז, כלעבען, ניט כדאי, אז איבער זיין עקשנות זאל איהר שוועסטער, חלילה, בלייבען איין אלמנה“... מע קאן זיך גרינג פארשטעלען, וואס פאר א בורע ס׳איז געווארען אין שטוב פון די דאזיגע ווערטער, וואס פאר א שנאה ס׳איז ארויס צווישען די צוויי שוועסטער און וואס פאר א גיהנם ס׳איז געווארען אין שטוב ביי דער אלטער אלמנה, וואס האט באדארפט שטעהן ביי׳ם אויווען און הארעווען און מיט איהר הארעוואניע ראטעווען דעם קראנקען בערנארדען, וואס האט געצאנקט, ווי א ליכט!

נאר דאס איז אלץ פון די זאכען, וואס מע קאן זיי נאך ארייבערטראגען. ביטערער פון אלץ איז, אז עס קומט דער אומדערבארעמיגער טוידט פאר דער צייט און רייסט־ארויס מיט גוואלד, אהן א שום רחמנות, דעם יונגען בוים, וואס אויף איהם האבען ארויסגעקוקט און וואס פון איהם האבען געלעבט עטליכע נפשות און ליעב געהאט איהם און געווען צו איהם צוגעבונדען מיט לייב און לעבען.

געשטארבען בערנארד.

ה.

בערנארד איז געשטארבען, און דראגא איז געבליבען מיט צוויי קליינע קינדערלעך, ווי אויפ׳ן וואסער. די גאנצע צייט, וואס בערנארד האט געקרענקט, האט זיך דער אידישער רעסטאראן אויף אלטאפענגאס שטארק אפגעשלאגען פון אורחים; די אלטע האט זיך נעבאך אויסגעבראכט וואו זי האט געהאט א פרוטה! דראגא האט פארקויפט וואו זי האט געהאט ערגיץ א שטיקעל ציערונג, אדער א מלבוש. מע איז אריינגעפאלען נאך אין א גרעסערער ארעמקייט, ווי פריהער. מע האט זיך צעקריעגט,

פיינט געקריגען און געגעסען איינס דאס אנדערע נאך ערגער, ווי ביז אהער. און געקריעגט, פיינט געהאט און געגעסען זיך האט מען דערפאר, וואס אלע האבען געפאדערט פון דער יונגער אלמנה, זי זאל אוועקשרייבען צום אלטען משוגענעם פייערשפייער קיין וויען, ער זאל ארויסשיקען חאטש עפים געלט אויף די ארעמע יתומים נעבאך; זיי זענען דאך זיינע קינדער, זיין בלוט און פלייש... נאר דראגא האט ניט געוואלט פאלגען; זי איז געבליבען געטריי איהר געטרייען בערנארדען נאכ׳ן טוידט, ווי פאר׳ן לעבען; בערנארד האט געזאגט, מע זאל דעם פאטער ניט שרייבען, איז דאס הייליג! האט מען זי אויסגעמיידט און זיי האבען אליין אוועקגעשריבען צום אלטען פייערשפייער זעהר א מיאוסען בריעף (געשריבען האט איהם דער משורר פון דער בודאפעשטער כאהרשוהל) און רעכט אנגעזידעלט איהם פאר זיין „שטיינערן הארץ" און פאר זיין „הילצערנע נשמה". האט זיך דער אלטער פייערשפייער דוקא אנגערופען מיט א בריעף, אז ער נעמט ביידע יתומים צו זיך קיין וויען, מיט א תנאי, די מוטער זאל איהם ארויסגעבען א פאפיער, אז זי זאגט זיך אפ פון זיי אויף אייביג און זי טאר קיינמאל צו איהם נישט קומען אויף דער שוועל...

דער דאזיגער בריעף האט שוין אויפגעבראכט אלעמען, און דראגא איז געווען אויסער זיך, פאר וואס מע האט צו איהם געשריבען אהן איהר וויסען. געוויינט, געשריגען, געארבייט, זיך געריסען די האר און צעקריעגט זיך מיט דער גאנצער שטוב און געשווארען, אז זי וועט אוועק פון זיי אויף אייביג.

נאר וואוהין קאן געהן אזא ארעמע יונגע אלמנה, ווי דראגא, מיט צוויי פיצלעך קינדער? זי האט אזוי לאנג געוויינט, ביז זי האט זיך איבערגעוויינט, און א דאנק דעם שוואגער דעם משורר, וואס האט געהאט קענטשאפט מיט זינגערס, האט זי זיך געשטעלט פאר א זינגערין פריהער אין א געמיינעם כאהר, נאכדעם אין א פיינערען כאהר. א שטימע האט זי געהאט פון תמיד א זיסע, און שען איז זי געווען, ווי די וועלט, האט זי אנגעהויבען ביסלעכווייז

אויסנעמען ביי'ם עולם, ארויסטרעטען מיט איהרע שענע „ציגיי־נער־ליעדער", פריהער אין די קליינע בודאפעשטער שענקלעך אדער ווירצהייזער, און נאכדעם אין די גרעסערע גערטנער און קאפע־שאנטאנען, און אנגעהויבען פארדיענען גאנץ שען געלט, זיך אי־בערגעבעטען מיט איהרע אייגענע, און עס האט שוין געהאלטען דערביי, אז זיי האבען איהר גע'שדכנ'ט א נייעם שידוך, א אי־דישען קאלבאסניק, איין אלמן מיט עטליכע קינדער, נאר מיט א שענער קאלבאסנע קלייט, די ערשטע אידישע קאלבאסנע אין בו־דאפעשט.

דער דאזיגער קאלבאסניק, א געזונטער יונג מיט א שווארצער גענאלטער מארדע, מיט א גראבען בויך און מיט גראבע באוואכ־סענע הענט, האט אנגעהויבען אפטליך אריינקומען, שדכ'ענען זיך צו דער יונגער אלמנה, געגעבען אנצוהערעניש איהר, אז ניט אזעל־כע ווי זי באדארף זינגען אין די שענקלעך, אז זי קאן זיך אפזוכען איהר גליק ערגיץ אנדערש — בקיצור, ער האט איהר פארגעלעגט זיין האנט מיט זיין קאלבאסנע קלייט, און זי האט איהם אפגע־זאגט.

דער קאלבאסניק האט זיך געפונען שטארק באלעדיגט פאר אזא מעשה און איז אוועק א ברוגז'ער, פאר כעס זיך פארגעסען געזעגענען מיט דער אלטער, און צווישען דער משפחה איז געווא־רען א נייע מחלוקת, א נייע שנאה, נייע קריעגענישען, נייע אינ־טריגעס, ביז עס האט זיך געטראפען א מעשה, וואס ווערט בא־שריבען אינ'ם קאפיטעל, וואס קומט ווייטער.

ו.

אינאיינעם מיט דער ליכטיגקייט, וויסענשאפט, געזונטהייט און אלע איבעריגע נוצליכע זאכען, וואס די ציוויליזאציע האט פארשפרייט צווישען די מענטשען, האט זי זיי אויך אריינגע־בראכט דעם חשק צו לעבען א גוטען טאג און די תאוה צו אלערליי

פארגעניגענס; און אזוי ווי די איינציגע גליקליכע, וואס זענען
תמיד זאט און ווייסען ניט פון קיין צרות, ווילען געניסען וואס
מעהר פארגעניגען, און געניסען פארגעניגען האט דאך קיין שיעור
און קיין גרונט ניט, אזוי ווי דער ים, — האבען זיך געפונען
מענטשען, וואס מאכען זיך דערפון א פרנסה, נעמען זיך אונטער
פאר געלט צושטעלען פאר די זאטע און גליקליכע כל המינים פאר־
גניגענס, וואס דעם מענטשענ'ס פאנטאזיע קאן צוטראכטען.

איינער פון די ערטער אויף צו שעפען פארגעניגען אין דער
גרויסער שענער שטאדט איז דער אויבענדערמאנטער גארטען
„פארנאס", מיט די ארעמע פארטשאכנעטע בוימלעך, מיט דער
שלעפעריגער מוזיק, מיט'ן ערגסטען בופעט, וואס מאכלים זענען
דארט א סם־המות צום מאגען, מיט די ערגסטע ווייגען, וואס זענען
זויער ווי עסיג און זענען מיט גאלד גלייך — און פון דעסטוועגען
לויפען אהינצו די זאטע, גליקליכע מענטשען, שעפען פארגעניגען
אלע נאכט, און נאר ביינאכט, ווארום דאס רעכטע לעבען הויבט
זיך ערשט אן דארטען שפעט נאך האלבע נאכט...

אהער, אין דעם דאזיגען „פארנאס", איז אריינגעפאלען אונ־
זער דראגא־מארישקא, ווי דאס שפיעלפויגעל, וואס פאלט־אריין אין
שטייגעלע אריין; דאס פויגעלע טאנצט, שפרינגט, שטעלט זיך
אוועק און הויבט אן זינגען, זינגט־זינגט אהן איין אויפהער, און
מענטשען קוקען און הארכען, ווי שען דאס פויגעלע זינגט, און
קוועלען־אן פון דעם און קלויבען פארגעניגען. קיינעם פאלט גאר
ניט איין בשעת מעשה, אז דאס פויגעלע ניט סע טאנצט, נאר סע
רייסט זיך פון געפענקעניש, ניט סע זינגט, נאר סע וויינט, וויינט
און קלאגט נאך דער פרייהייט, וואס סע האט פארלארען, וויינט
און קלאגט אויף דער ענגער וועלט, אויף די שלעכטע מענטשען,
וואס האבען דאס געפאנגען און פארשלאסען אין דער ענגער טור־
מע, צוגענומען ביי דעם דאס גליק אויף אייביג!

צווישען די אלע אנדערע מיטלען, וואס מענטשען האבען
צוגעטראכט אויף חאפען שפיעלפויגעלעך, איז פארהאן אויך א

פראָסט, נאָר זעהר אַ גוט מיטעל: מע שיט־אויס אויף דער פאַר־שפּרייטער נעץ אַ סך קערענדלעך, קומט דאָס הונגעריגע פויגעלע צו שפּרינגען, פּיקט־פּיקט די קערענדלעך אַזוי לאַנג, ביז סע פאַר־פּלאָנטעט זיך נעבאַך אין דער נעץ — און פאַרטיג!

אויף צו חאַפּען יונגע אומשולדיגע נשמות האָבען מענטשען צוגעטראַכט דאָס בעסטע מיטעל: גאָלד און בריליאַנטען — די צוויי זאַכען, וואָס ס'איז שווער אַקעגען זיי בייצושטעהן! די אָרעמע דראַגאַ־מאַרישקאַ האָט באַדאַרפט זיין שטאַרקער פון אייזען, זי זאָל אויסשטעהן אַזאַ שווערען נסיון, ווי אַ קאָנטראַקט אויף דריי הונדערט רובעל אַ חודש מיט מתנות (בריליאַנטען), נאָר פאַר אַ פּאָר מאָל אַרויסגעהן אויף דער סצענע, אָפּזינגען אַ צוויי־דריי ציגיינער־ליעדער, וואָס זי זינגט זיי אַזוי זיס, אַזוי געשמאַק, אַז עס צעגעהט זיך אין יעדען אבר. דער פאַרשוין, וואָס האָט איהר פאָרגעלעגט אַזאַ מין קאָנטראַקט, דער בעל־הבית פון'ם „פאַרנאַס", אַט אַ יענער וואָס מיט'ן גלאַנצענדיגען צילינדער און מיט דער רויטער נאָז, נאָר מיט אַ סך בריליאַנטענע רינגען אויף די גראָבע פינגער, איז ניט אָפּגעטראָטען פון איהר אויף קיין טראָט. פון דער ערשטער מינוט אָן, וואָס ער האָט זי דערזעהען און דערהערט זינגען אין גאָרטען אין בודאַפּעשט, איז ער צו איהר צוגעזאָטען געוואָרען און האָט איהר אַרויסגעזאָגט גאַנץ עפענט־ליך, אַז איהר אָרט איז ניט דאָ, אין דעם אָרעמען שענקעל, נאָר ביי איהם, אין דעם שענעם „פאַרנאַס"; דאָרטען וועט מען זי, זאָגט ער, פאַר איהרע ציגיינער־ליעדער אָפּגילטען, אָפּשיטען מיט בריליאַנטען. אַ סימן — אַט צעהלט ער איהר אָפּ באַלד דריי הונדערטער, רוסישע באַנקנאָטען במזומנים, פאַר'ן ערשטען חודש, שרייבט איהר אונטער אַ קאָנטראַקט אויף אַ גאַנצען סעזאָן און נעמט זי אויף זיינע אייגענע הוצאות ביז אַהין אויפ'ן אָרט.

און נישט לאַנג געטראַכט, נעמט ער אַרויס אַ גאַנץ גרויסען טייסטער, באַציערט מיט אַ מאָנאָגראַם פון בריליאַנטען, פול אָנ־געשטויסען מיט קנאַקענדיגע באַנקנאָטען, און די בריליאַנטענע

פינגערלעך ביי איהם בלישטשען און פינקלען זיך אפ אין אלער־לייי פייערלעך, און די ארעמע דראגא־מארישקא קוקט אויף די פעקלעך קנאקענדיגע באנקנאטען און אויף די פינקעלדיגע ברילי־אנטען, און די ערשטע מחשבה, וואס פליהט איהר דורך אין קאפ, איז איהרע צוויי טייערע ליעבע טייבעלעך: „וויפיעל גלעזער מילך קאנען זיי דערפאר האבען! וויפיעל העמדעלעך! וויפיעל פאר שיכעלעך!“... און אויך די אלטע מוטער קוקט אויף די קנאקענ־דיגע באנקנאטען, ווי א הונגעריגע קאץ אויף געבראטענע לעבער, באלעקט זיך אזש און קוקט אויף דער טאכטער, ווי איינער רעדט: „שטיא! דו קווייקעלסט זיך נאך?“... און די עלטערע שוועסטער דערשמעקט געלט, קומט זי צו ליפען, נישט טוידט, נישט לעבע־דיג, חאפט זי ארום קושען און רוימט איהר איין א סוד אויפ'ן אויהער:

— נעם, נארעלע, און פאהר! דארט איז א לאנד פון נא־ראנים, פון גאלד און פון בריליאנטען! געלט איז דארט ווי מיסט און בריליאנטען וואלגערען זיך אין די גאסען!

דראגא ענטפערט איהר דערויף גארנישט; נאר איהרע שענע, שווארצע, טיעפע אויגען קוקען אהין, וואו איהרע צוויי טייערע ליעבע טייבעלעך ליגען און שלאפען ביידע אין איין בעטעלע, די קעפלעך צעקאשמעט, די הענטליך צעווארפען און די בעקלעך ביי זיי בליהען, ווי פרישע, שמעקענדיגע רויזען, און די אויגען ווערען איהר נאסליך פון טרערען.

אלע פארשטעהען דעם דאזיגען לאנגען טרויעריגען קוק, אלע ווייסען וואס באדייטען די דאזיגע שטילע טרערען, און די אלטע ארעמע מוטער טרייסט זי, זאגט איהר צו, שווערט איהר ביי איהר עלטער, אז זי וועט אפהיטען די קינדערלעך, ווי דאס שווארצ־אפעל פונ'ם אויג! זי ווייסט, נישקשה, ווי אזוי אפהיטען א קינד; זי האט שוין אויף איהר לעבען עפים אויפגעצויגען קינ־דער!...

און צוויי כחות האַלטען מלחמה, אַ שווערע שטאַרקע מלחמה: דער כח פון ליעבשאַפט און געטריישאַפט צו די קליינע טייערע קינדערלעך, און דער כח פון גאָלד, פון באַנקנאָטען און בריליאַנ־טען.

דער כח פון גאָלד האָט איינגענומען...

.ז

דער גיהנם, וועדליג די אַלטע ספרים פון אַלע פעלקער שטע־לען איהם פאָר, איז אַ מין קאַלד־אויווען אַ גרויסער, וואָס הייצט זיך פון אייביג ביז אייביג, ברענט מיט אַ העליש פייער. די רשעים דאַרטען בראָטען זיך און פּרעגלען זיך, ווי קאַטשקעס, מלאכי־חבלה מיט אייזערנע ריטער שמייסען זיי פון הינטען, גנאַ־טעווען, שטעכען מיט אַנגעגליהטע אייזענס, טרייבען אויף הרעטש־קע, שטעלען אויף צווייעקעס, הענגען־אויף פאַר די צינגער און וואַרפען כף־הקלע פון איין עק וועלט ביז'ן אַנדערען עק.

יענע מחברים, וואָס האָבען אַזוי באַשריבען דעם גיהנם, האָ־בען, אפנים, נישט געוואוסט נאָך, אַז עס קאָן געמאָהלט זיין אַ גיהנם, באַלייכט מיט עלעקטרישע לאַמפּען, מיט שענע צוגעקלויבענע קאַבינעטען, די מוזיק זאָל שפּיעלען, און די רשעים, אויסגע־סטראָצעלט אין זייד און אין סאַמעט, באַהאַנגען מיט גאָלד און בריליאַנטען, זאָלען נישט פּרעגלען זיך אויף הייסע סקאָווערדעס, נאָר זיי זאָלען עסען און טרינקען, שפּיעלען און זינגען, טאַנצען און שפּרינגען.

אין אַזאַ מין גיהנם האָט זיך געפונען אונזער אָרעמע דראַגאַ.

די קנאַקענדיגע באַנקנאָטען מיט די פינקעלדיגע בריליאַנטען פון יענעם פאַרשוין, וואָס איז געקומען זי נעמען אויף גאַסט־ראָ־לען, דער מוטער'ס רעדע, דער שוועסטער'ס קושען זיך, דאָס שווערע, טרויעריגע געזעגענען זיך מיט די צוויי טייבעלעך און

די נסיעה אין אַ ווייט פרעמד לאַנד, האָבן איהר אַזוי פאַרדרעהט דעם קאָפּ, אַז זי האָט זיך גאָר ניט צוגעקוקט צום קאָנטראַקט, וואָס זי האָט אונטערגעשריבן, ניט באַמערקט דעם פּונקט נומער 13.

וואָס איז געשטאַנען אין'ם פּונקט נומער 13? דאָרט איז געשטאַנען: „איך, די זינגערין דראַגאַ־מאַרישקאַ, פאַרבינד מיך בלייבן אין „פּאַרנאַס" אַלע נאַכט ביז דאָס פייער ווערט געלאָשען, מיט די געסט באַדאַרף איך זיין פריינטליך, צו אַלעמען צו־געלאָזט, און אַזוי ווייטער"... די ווערטער „פריינטליך" און „צו־געלאָזט" האָט דראַגאַ תּחילת ניט פאַרשטאַנען, און אַז זי האָט דאָס פאַרשטאַנען, איז שוין געווען צו שפּעט, און זי האָט שוין דערצו גאַרנישט געקאָנט העלפען... ווי גרויס איהר נויט איז ניט געווען צו געלט, ווי שען און רעש'ענדיג ס'איז ניט געווען דאָס אויפנעמען, וואָס מע האָט זי אויפגענומען אַלע נאַכט ביי איהר אַרויסטרעטען אין „פּאַרנאַס", ווי רייך עס זענען ניט געווען די מתּנות, וואָס מע האָט איהר אונטערגעטראָגען פאַר איהר שען זינגען, און נאָך מעהר פאַר איהר שען פּנים, — ווי גוט דאָס אַלסדינג איז ניט געווען, קאָן איך אייך פאַרזיכערען, אַז זי וואָלט דאָס אַלס־דינג אַוועקגעשענקט, אַ שמיץ געטהאָן אין פּנים אַריין און אַנט־לאָפען צוריק אַהיים, ווען זי וואָלט ניט זיין געבונדען מיט הענט און פיס, ווי אַ פליעג אין שפּינוועבס, ווען זי וואָלט ניט זיין אַזוי עלענד אין אַ פרעמד לאַנד, צווישען מענטשען, וואָס זי פאַר־שטעהט ניט זייער שפּראַך און וואָס זיי ווילען ניט וויסען פון איהר אייגען וועלטעל, אחוץ איהר זינגען און אחוץ איהר שען פּנים...

און אַז איהר וועט צולעגען דערצו די אַלע נפשות, וואָס דרעהען זיך אַרום איהר, די אַלע זינגערינס מיט די טענצערינס, וואָס פאַר־קויפען זיך פאַר געלט בפרהסיה, מיט איין אונגעהייערער חוצפּה, מיט אַזאַ־נ־עזות און מיט אַזאַ ציניזם, וואָס זי האָט דאָס קיינ־מאָל נישט געזעהען און נישט געהערט און אפילו זיך נישט פאַר־געשטעלט — דאָס אַלסדינג, אַז איהר וועט צונויפנעמען אינ־

איינעם, ווען איהר גרינג פארשטעהן, פאר וואס איך רוף אן איהר לעבען אין „פארנאס" מיט'ן נאמען „גיהנם".

פאר ווענען ס'איז א גן־עדן — פאר איהר איז דאס געווען א גיהנם.

די שלעפעריגע מוזיקאנטען שפיעלען א שלעפעריגען וואלס; די שלעפעריגע באדיענטע מיט די שווארצע פרעק און מיט די ווייסע שניפסען שטעהען, ווי די טאקען, און ווארטען, ביז מע וועט זיי הייסען עפיס דערלאנגען; די לאזשעס ארום און ארום זענען באזעצט מיט שלעפעריגע געסט, וואס זענען כלומרשט פריילעך, און א גאנצע חאליאסטרע פון האלב־נאקעטע, אנגעפארבטע און אנגעקראכמאלעטע זינגערינס און טענצערינס דרעהען זיך ארום אין זאל, אדער זיי שטעהען אויף אויסציקלויבען, ווי די בהמות אויפ'ן יריד, קוקען מיט די אונטערגעשמירטע אויגען ארויף אין די לאזשעס אריין צו די געסט, ווארטען, טאמער וועט זיי עמיצער איינלאדען אויף א גלעזעל שאמפאניער־וויין, אדער א פשוט'ע גלאז ביער, אדער גאר א שטיקעל הערינג מיט ברויט... נאר קיינער רופט זיי ניט, קיינער וויל זיי ניט, קיינער קוקט נישט אויף זיי, און דער, וואס קוקט, קוקט ער פון אויבען אראפ, ווי אויף צו־נויפגעטריבענע נארישע שאף.

— קיי און שפיי!... דער רוח ווייסט וואס... נישט איינע א רעכטע!...

אזוי זאגט איינער פון די געסט מיט א לאנגען געהניץ, קוקט־אראפ אויף די אנגעפארבטע, אנגעקראכמאלעטע נאקעטע לייבער פון די צונויפגעטריבענע נארישע שאף, און די צונויפגעטריבענע נארישע שאף קוקען־ארויף מיט גרויס קנאה אהין, אין יענער לאזשע, וואו סע זיצט די דראגא־מארישקא און נאך איינע א באריהמטע טענצערין, א געניטע שאנסאנעטין, מיט א מאדנע דריי־גארענדיגען נאמען „רעטשי־פיטשי־פוטשי", און א פריילעכע קאמפאניע זיצט מיט זיי און הייסט זיך דערלאנגען אלע מאל שאמ־

פאַניער־וויין. די פריילעכע קאָמפּאַניע באַשטעהט פון דריי יונגע־לייט, וואָס איינעם פון זיי איז אָנגעזאָלעט אויפ'ן הארצען: ער האָט זיך צעאַמפּערט מיט'ן ווייב, איז ער געקומען אהער פאַר־טרינקען די צרות; איינער איז דוקא ניט צעקריעגט מיט'ן ווייב — וואָס האָט ער צו איהר? ער האָט ערשט ניט־לאַנג חתונה געהאַט און האָט גענומען היבש נדן, און געקומען אהער איז ער ניט אַליין — חברה האָבען איהם פארשלעפּט, איהם צו־געזאָגט באַקענען מיט צוויי „אַנטיקלעך"; און דער דריטער איז גלאַט א שאַרלאַטאַן, וואָס האָט זיך פארהוליעט און פאַר'שכור'ט אַזוי שטאַרק, אַז ס'איז איהם נמאס דאָס לעבען; אַלץ איינס דאַרף מען שטאַרבען — לאָז שוין בעסער זיין אינאיינעם מיט דער דראַגאַ־מאַרישקאַ און מיט דער רעטשי־פּיטשי־פּוטשי!...

## ח.

רעטשי־פּיטשי־פּוטשי, די ערשטע טענצערין אין „פּאַרנאַס", איז דער איינציגער לעבעדיגער מענטש, וואָס דראַגאַ־מאַרישקאַ קאָן זיך מיט איהר צונויפרעדען. פון דער ערשטער מינוט אַז זענען זיך די צוויי אַרטיסטקעס צונויפגעגאַנגען, געוואָרען גוטע שוועסטער, און רעטשי־פּיטשי־פּוטשי, איין אַלטע בעל־עבירה'ניצע, האָט גענומען לעהרנען מיט איהר נייער שוועסטער הלכות שאַנ־סאָנעטין, לייענען איהר לעקציעס:

— ביזט נאָך גאָר א ציעגעלע, ווי איך זעה־אַרויס, א כשר בהמה'לע. דו ווייסט ניט, וואָס זיי זענען, אַט די אַלע פראַנטען און אַלע מאַנסבילען אויף דער וועלט! הינט, וועלף, ווילדע חיות זענען גאָלד אַקעגען זיי! מע באַדאַרף מיט זיי לעהרנען בלק, זיך נוקם זיין אין זיי, צאַפּען זייער בלוט, און דער עיקר — וואָס מעה־רער געלט אויסבערענגען זיי, צונעמען, אויסרייניגען, אויסזויגען, און לאָזען זיי געהן צו אַלדי שווארצע יאָהר! זיי זענען אַלע אסור

לרחם, ביי זיי צו נעמען איז א מצוה פארברענען אויפ׳ן פייער, דעם רוח אוועקגעבען, ניט מיר, ניט דיר!...

און בשעת מעשה ברענען די אויגען ביי דער רעטשי־פיטשי־פוטשי, און זי לייענט ווייטער איהר לעקציע:

— דו לערען זיך פון מיר, נארעלע, און זיי זיך נוקם אין זיי פאר זיך און פאר מיר און פאר אונז אלעמען! אז זיי געבען דיר מתנות, זאלסט דו בעטען נאך. אז זיי שטעלען וויין, זאלסט דו טרינקען וויפיעל דו קאנסט, דאס איבעריגע זאלסט דו אויסגיסען אויף דער ערד. אז מע וויל דיך מכבד זיין, זאלסט דו אויס־קלויבען אלסדינג, וואס טייערער, אזוי אז דאס גאנצע געלט זייערס זאל בלייבען אין בופעט. רחמנות — ווי אויפ׳ן הונט! ניטא אויף זיי קיין רחמנות! איך קען זיי, א! איך קען זיי דורך און דורך!...

און רעטשי־פיטשי־פוטשי דערצעהלט איהר פאקטען, דער־צעהלט איהר פון איהר לעבענסגעשיכטע אזעלכע מעשיות, וואס די האר שטעלען זיך קאפויר, און דראגא האט פאר איהר מורא און האט אויף איהר רחמנות. זי ווערט געוואהר ביי איהר אזעלכע זאכען, וואס שמעקען מיט גנבה, גזלה, רציחה. זי ווערט געוואהר ביי איהר א שרעקליכע מעשה, ווי אזוי איהרע אייגענע האבען די דאזיגע יפהפיה אמאל פארקויפט, פשוט פארקויפט פאר געלט, ארויסגעפיהרט, באוויזען, געדונגען זיך און פארקויפט, ווי מע פאר־קויפט א פערדעל. זי ווערט געוואהר ביי איהר, ווי אזוי עס האבען זיך מיט איהר מיאוס באגאנגען די, וואס האבען זי געקויפט, און ווי אזוי מע באגעהט זיך מיט איהר נאך עד היום...

— דו זעהסט אט א יענעם מארדאשניק מיט׳ן רויטען שניפס און מיט דער אידישער נאז? דזשאו הייסט ער. דאס איז מיין געליעבטער. איהם האב איך דאס אוועקגעגעבען מיין גאנץ לע־בען, דער שלאק זאל איהם זיין! די נשמה וואלט איך איהם, דאכט מיר, אויך אוועקגעגעבען. און ער ווייסט דאס גאנץ גוט

און עקספּלאָטירט מיין משוגענע, געטרייע ליעבע צו איהם, און ער פאַרקויפט מיך פאַר געלט, און ער גיט־אַוועק דאָס געלט פאַר אַנדערע, פאַר אַזעלכע, וואָס זענען נישט ווערטה מיינע זאָקענ־בּענדלעך, און ער ווייסט, דזשאָו, אַז איך ווייס דאָס, און ער היט זיך פאַר מיר, איך זאָל איהם ניט סמ׳ען...

— סמ׳ען? — זאָגט דראַגאַ און טהוט זיך אַזש אַ וואָרף פאַר שרעק.

— וואָס האָסט דו זיך, נאַרעלע, אַזוי דערשראָקען? איך וואָלט איהם שוין לאַנג גע׳סמ׳ט, ווי אַ הונט אַוועקגע׳סמ׳ט! זיין טרפה׳נע הצלחה, וואָס איך האָב איהם ליעב, וואָס איך געה־אויס נאָך זיינע טריט, בּרענען זאָל ער אויפ׳ן פייער!

און רעטשי־פּיטשי־פּוטשי נעמט־אַרויס אַ קליין גילדען פּאָר־טרעטעל, וואָס זי טראָגט דאָס אויף דער בּרוסט, טהוט דאָס פּריהער אַ זעץ אין טיש אַריין און טראָגט דאָס צו נאָכדעם צום מויל און קושט דאָס אַזוי געשמאַק, אַזוי געטריי, ווי מע קושט אַ טייער קינד, אַ ציטעריגס.

— איינגעזונקען זאָל ער ווערען, אָט דער דזשאָו! איך האָבּ איהם שוין לאַנג געקאָנט איינזעצען, ער זאָל פאַרפוילט ווערען אין טורמע, און אפשר מיט מיר אינאיינעם, — האָבּ איך רחמנות אויף איהם. איך קאָן נישט, איך האָבּ איהם ליעבּ, אַ שלאַק איהם אין זיינע בּיינער! ווי דאָס לעבּען האָבּ איך איהם ליעבּ, מעהר ווי דאָס לעבּען!

און דראַגאַ־מאַרישקאַ וויל אַנטלויפען פון דער דאָזיגער אומ־גליקליכער, מעהר מיט איהר נישט זיין בּאַקאַנט, נאָר עס ציהט זי צו איהר אַ מאָדנער פאַרבּאָרגענער כח, און זי פאַרטרויט פאַר איהר אַלסדינג, אַלע סודות, און יענע פיהרט זי אויפ׳ן גלייכען וועג, לעהרענט מיט איהר הלכות שאַנסאַנעטין, ווי אַזוי זי זאָל עקספּלאָטירען, בּאַנעמען די מאַנסבּילען, שלעפּען בּיי זיי וואָס מעהר געלט.

— א סך מעהר מצוה, נארעלע, אויף דיר און אויף דיינע קינדער... לאז פאלען אויף זייער קאפ דיין שולד אקעגען דיין גע־שטארבענעם מאן און דיינע זינד אקעגען דיינע לעבעדיגע קינדער...

און דערמאנט מען דער דראגא־מארישקא איהר געשטארבע־נעם מאן מיט איהרע לעבעדיגע קינדער, ווערט זי פארברענט פאר בזיון און עס פאלט איהר ארויס דאס הארץ, עס ציהט זי ביי דער נשמה. זי פיהלט, אז זי איז א גרויסע ־ גרויסע פארברעכעריז אקעגען איהר געטרייען בערנארדען אויף יענער וועלט און אקעגען איהרע אומשולדיגע קינדערלעך דא אויף דער וועלט, חאטש צו־ליעב זיי, און נאר צוליעב זיי, איז זי זיך מפקיר מיט איהר גאנץ לעבען; צוליעב זיי, און נאר צוליעב זיי, האט זי זיך פארקויפט אהער מיט איהר נשמה, און די בריעף, וואס זי באקומט פון דער היים, צווינגען זי, אז זי זאל דא בלייבען אויף ווייטער, פארדיענען וואס מעהר געלט, ווארום זיי דארפען, שרייבט איהר די אלטע מוטער, קיין עין־הרע, א סך, א סך האבען. און די אלטע מוטער איז קראנק, קאן נישט הארעווען מעהר און די עלטערע שוועסטער שרייבט, אז זי מעג איהר, נישקשה, שיקען מעהר א ביסעל, ווי זי שיקט ביז אהער, ווארום דאס, וואס דער מאן איהרער, דער זינגער אין כאהר, פארדיענט, קלעקט איהר אויף איין צאהן, און זי גיט איהר אנצוהערעניש, אז ווען ניט איהר מאן, וואלט דראגא נישט געוועזן דאס, וואס זי איז אצינד...

די דאזיגע ליעבע, זיסע בריוולעך נעמען צו ביי דער ארע־מער דראגא וואו זי האט ערגיץ א טראפען בלוט, און זי פיהלט, אז זי פאלט, פאלט אין שאול תחתיה אריין אלע טאג וואס נידע־ריגער און נידעריגער, און זי זעהט, אז זי געהט צו גרונט, און די אויגען ווערען איהר אלע מאל טיעפער — און דאס געפעלט דעם עולם; און דאס זינגען, וואס זי זינגט, ווערט אלע מאל טרויעריגער און טרויעריגער — און דאס געפעלט דעם עולם; און עס דרעהען זיך ארום איהר אלערליי מענטשלעך, ווי ביענען ארום האניג, און

זיי זענען איהר נמאס, ווי דער טוידט, און ס'איז איהר נמאס די וועלט, נמאס דאָס לעבען, און זי ווייסט, אַז זי האָט קיינעם ניט אויף דער גאַנצער וועלט, אַחוץ דעם גאָט, וואָס אין הימעל, אַחוץ איהר בערנאַרד'ס נשמה, וואָס אין גן־עדן, אַחוץ איהרע צוויי אומ־שולדיגע טייבעלעך דאָרט אין דער היים. און די דאָזיגע זינדיגע נשמה ציהט זיך צו גאָט, צום אידישען גאָט, וואָס איז אומעטום פול. און זי רייסט זיך אין אַ אידישער שוהל אַריין, און קאָן דאָס נישט אויספיהרען, ווארום קיינער טאָר דאָס ניט וויסען, אַז זי איז אַ אידיש קינד. עס קאָן איהר, חלילה, שאַדטען אין אַ סך, אַ סך זאַכען... דאָס איז אַ סוד, וואָס נאָר זי און די רויטע נאָז, דער בעל־הבית פונ'ם „פאַרנאַס", ווייסען דאָס, און ווייטער קיינער נישט, קיין פויגעל נישט!...

### ט.

נאָך איין נפש איז פאַרהאַן, וואָס האָט אַ שייכות צום „פאַר־נאַס", און וואָס מיר מוזען זיך מיט איהם באַקענען. זיין נאָמען איז אַבראַשאַ. אַליין איז ער אַ קליינינקער, מיט בלויזע אויגען און מיט שיטערע הערלעך, מיט אַ רויט, תמיד פאַרשוויצט פנים, רעדט שטיל און זעהר ווינציג, קוים וואָס מע הערט פון איהם אַ וואָרט, און איז אַ גרויסער חשוב ביי אַלע אַרטיסטען און ביי אַלע אַרטיסטקעס אין „פאַרנאַס". טאָמער באַדאַרף עמיצער אַ הלואה אויף אַ קליינע צייט, אַ גמילות־חסד'על, אַ משכון אַוועקטראָגען אין לאָמבאַרד, אָדער אַזוי אַ שליחות — איז אַבראַשאַ. געבען עפּיס באַהאַלטען, אַ סוד אַז מע דאַרף פאַרטרויען, אויסרעדען זיך אַמאָל דאָס האַרץ — איז אַבראַשאַ. און אַבראַשאַ — דאָס ווייסען אַלע — איז איין אייזערנער קאַסטען. קיין שום אַנדערע גע־שעפטען האָט ניט אַבראַשאַ, און ער לעבט זיך פון דעסטוועגען גאַנץ פיין, דאָס ווייב ביי איהם געהט שוין אָנגעטהאָן, די קינדער ביי איהם לערנען אין דער שולע, נאָר אַליין איז ער טאָג ווי נאַכט

פארטאָרעראַמט, רייבט זיך אַרום די אַרטיסטען פון „פּאַרנאַס“ און פאַרנעמט אין שטאָדט זעהר אַ קליין אָרט, איבער זיין פּרנסה, משטיינס געזאָגט... און אַבראַשאַ ווייסט דאָס דוקא, און עס זאָל איהם אָנהויבען צו אָהרען — אַבי ער דאַרף, ברוך השם, צו קיי־נעם נישט אָנקומען און קאָן געבען דעם ווייב מיט די קינדער אַ שטיקעל ברויט „בכבוד“...

אָט פאַר דעם נפש האָט אונזער דראַגאַ־מאַרישקאַ אַנטפּלעקט איהר הייליגען סוד, אַז זי איז אַ אידיש קינד און זי מוז ערב יום־כּפּור שלאָגען כּפּרות פאַר זיך און פאַר איהרע קינדער, עס מעג זיך קעהרען די וועלט, און זי מוז זיין אויף דער נאַכט אין שוהל צו כּל־נדרי, עס מעגען פאַלען שטיינער פון׳ם הימעל, און אַ ליכט פון וואַכּס וויל זי געבען אין שוהל אריין פאַר איהר מאַנ׳ס נשמה גאַר אָהן אַ שום תּירוץ! און דער עיקר — וואָס קיינער טאָר דערפון נישט וויסען... אַבראַשאַ האָט איהר צוגע־זאָגט, אַז ס׳וועט אַלסדינג זיין רעכט, ווי געוואונשען, און איז אַוועק מיט שטילע טריט און האָט געהאַלטען וואָרט. ערב יום־כּפּור איז באַשאַפען געוואָרען ביי איהר אַ קלאָר־ווייסע הוהן אויף כּפּרות, און אַ גרויסע וואַכּסענע ליכט האָט ער איהר געקויפט און אַוועקגעטראָגען פון איהר נשמה וועגען אין שוהל אריין, און אַלסדינג שטיל און פאַרשטעלט, אַז קיין בן־אדם האָט דערפון נישט געוואוסט. און אויף דער נאַכט, אַז עס האָבען זיך באַוויזען שטערען, איז אַבראַשאַ געקומען צו געהן מיט זיין ווייב׳ס אַ קליי־דעל און מיט אַ שוואַרץ זיידען טיכעל, וואָס דראַגאַ האָט זיך צוּ־געדעקט מיט דעם און איז מיט איהם אַוועק אין דער אידישער גאַס, און אַז זיי זענען געקומען אין שוהל אריין, האָט ער זי איי־בערגעגעבען אויף די הענט פון דער שמש׳טע און אַ זאָג געטהאָן שטילערהייט:

— דאָס איז דאָס ווייבעל, וואָס איך האָב אייך געזאָגט, — און איז פאַרשוואונדען געוואָרען שטיל, ווי זיין שטייגער איז.

י.

אין שוהל איז געווען ענג און היים און טשאדנע פון די ליכט, ווי געוויינטליך יום־כפור צו כל־נדרי, און אויבען, אויף דער ווייבערשער שוהל, איז געווען נאך מעהר ענג און נאך מעהר היים און נאך מעהר טשאדנע. אויבען־אן, ביי די גראטעס, זענען געשטאנען די גביר׳טעס, די נגידית׳טעס מיט די בעל־הבתישע ווייבער איבער די סידורים, מחזורים און גרויסע קרבן־מנחות און האבען געשמאק געדאווענט; און וואס ווייטער, נידעריגער צו דער טיר, זענען געשטאנען די געמיינערע ווייבער אהן סידורים, אהן מחזורים און אהן קרבן־מנחות, האבען אנגעגרייט טרערען און זענען געווען פארטיג צו וויינען. מע האט נאר געווארט, ביז דער חזן מיט די משוררים וועלען אנהויבען צו זאגען דעם טרויעריגען כל־נדרי. און אז דער חזן מיט די משוררים האבען אנגעהויבען צו זאגען דעם טרויעריגען כל־נדרי, האט זיך אנגעהויבען ביסלעכווייז הערען א געוויין. צווישען די ארעמע ווייבער, וואס ביי דער טיר, איז געשטאנען אויך אונזער דראגא־מארישקא און האט זיך צוגעהערט צום שענעם טרויעריגען אלטען נוסח פון דעם אלטען־אלטען כל־נדרי, וואס איז אומעטום, אויף דער גאנצער וועלט, איין געזאנג. און דער שענער טרויעריגער נוסח פונ׳ם אלטען־אלטען כל־נדרי, וואס איז אומעטום, אויף דער גאנצער וועלט, איין געזאנג, האט איהר דערמאנט אין איהרע אמאליגע גליקליכע יאהרען, און זי האט זיי פארגלייכט מיט איהר לעבען אצינד, און זי איז ביי זיך שטארק־שטארק אראפגעפאלען, חרטה געהאט, תשובה געטהאן אויף איהרע גרויסע זינד מיט׳ן גאנצען־גאנצען הארצען.

א סך, א סך ווייבער האבען דא געשמאק געדאווענט און נאך מעהר געשמאק געוויינט. נאר איך ווייס נישט, אויב צווישען אלע אנדערע ווייבער אין דער דאזיגער שוהל האט נאך עמיצער אזוי געשמאק געדאוונענט, אהן ווערטער, נאר מיט הארץ, ווי די ארעמע דראגא. איך ווייס ניט, אויב צווישען די אלע אנדערע ווייבער

אין דער דאָזיגער שוהל האָט נאָך עמיצער אַזוי געשמאַק געוויינט, אַזוי ערנסט תשובה געטהאָן אויף איהרע גרויסע זינד, ווי די אָרעמע דראַגאַ.

נאָך איינע איז געווען אין שוהל אין יענער נאַכט, וואָס דראַ־גאַ האָט פון איהר קיין אויג נישט אָראָפּגעלאָזט. דאָס איז געווען אַ יונג ווייבעל, אויך מיט אַ שוואַרץ טיכעל איבער׳ן גאַנצען פּנים, און ווערליג דראַגאַ האָט אַרויסגעזעהן — האָט זי, אַפּנים, אויך געשמאַק געוויינט. „מסתּמא אַ פאַרביטערטע נשמה נעבאך“...

אַזוי האָט זיך געטראַכט דראַגאַ־מאַרישקאַ, און איהרע מחשבות האָבען זי אויפגעהויבען און האָבען זי אַוועקגעטראָגען אין איהר אייגען וועלטעל, מיט איהרע אייגענע צרות, און דער שענער, אַל־טער, טרויעריגער נוסח פון׳ם אַלטען־אַלטען כּל־נדרי, וואָס איז אומעטום, אויף דער גאַנצער וועלט, איין געזאַנג, האָט זיך געלאָזט הערען אַרויף אין דער ווייבערשער שוהל און צונויפגעגאָסען זיך מיט׳ן שטילען געוויין פון די אָרעמע ווייבער, פון די פאַרביטערטע נשמות. און מעהר פון אַלע האָבען געוויינט די אָרעמע זינדיגע דראַגאַ און דאָס יונגע ווייבעל, וואָס מיט דעם שוואַרצען טיכעל איבער׳ן פּנים.

און שפּעטער, אַז ס׳איז געקומען צו די וויינענדיגע „יעלות“, וואָס דער חזן זינגט מיט אַ וויינענדיג קול דעם וויינענדיגען ניגון, איז דער געוויין פון די ווייבער אין דער ווייבערשער שוהל גע־וואָרען נאָך שטאַרקער און נאָך גרעסער, און מעהר פון אַלע האָ־בען געוויינט אַלץ די אָרעמע זינדיגע דראַגאַ און אַלץ יענס ווייבעל, וואָס מיט׳ן שוואַרצען טיכעל איבער׳ן פּנים. אַזוי פיעל און אַזוי שטאַרק האָט דאָס דאָזיגע יונגע ווייבעל געוויינט, ביז זי האָט זיך צוגעזעצט, אַנגעבויגען, פאַרוואָרפען דעם קאָפּ און געפאַלען חלשות.

אין אַלע אידישע שוהלען, אַלע יום־כּפּור צו כּל־נדרי, מאַכט זיך, אַז אַ ווייבעל הויבט אָן חלש׳ען. עס ווערט תּחילת אַ שטי־

קעל גערודער, אמאל שפרינגט־ארויס דערפון איין אומגליק, א לויפעניש, א קוועטשעניש מיט א דערשטיקעניש; נאר מייסטענטייל איז מען דערצו געוואוינט געווארען: דאס פאר'חלש'טע ווייבעל טראגט מען ארויס אין דרויסען אויף דער לופט, מע גיסט זי אפ מיט וואסער, מע גיט איהר שמעקען חלש־טראפענס און מע מינטערט זי אפ. אויך איצט האט מען דאס ווייבעל מיט'ן שווארצען טיכעל ארויסגעטראגען אין דרויסען אויף דער לופט, אפגעגאסען מיט וואסער און געגעבען שמעקען חלש־טראפענס. צוווישען די אלע, וואס האבען זי געמינטערט, איז געוועזען אויך אונזער דראגא־מארישקא, וואס האט אויף איהר שטארק רחמנות געהאט. און אז דאס אויפגעמינטערטע ווייבעל האט אויפגעעפענט די אויגען און די העל־בלאסע לבנה האט באלייכט איהר העל־בלאס פנים, האט זי דראגא דערקענט, ווער זי איז, און האט ארויסגעלאזט א געשריי און איז אליין שיער ניט געפאלען חלשות.

דאס איז געוועזען רעטשי־פיטשי־פוטשי.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אנגעבויגען איבער איהר אויף די קניע איז געשטאנען אבראשא מיט קאלט וואסער, מיט עסיג און מיט חלש־טראפענס — די געוויסע אידישע יום־כפור'דיגע מעדיקאמענטען, און ביי דער זייט איז געשטאנען דזשאו מיט דער געגאלטער מארדע, מיט'ן רויטען שניפס און מיט דער נאז; אקעגען דער שיין פון דער העל־בלאסער לבנה האט ער אויסגעזעהען, ווי איין אויסגעגאסענע ווייסע פיגור, א סטאטוע. ער איז געוועזען דערשטוינט ניט נאר פון דעם, וואס ער האט דא געטראפען אין שוהל צו כל־נדריביידע ארטיסטקעס, דראגא־מארישקא און רעטשי־פיטשי־פוטשי; ער האט גאנץ גוט געוואוסט, אז זיי זענען, גלייך אזוי ווי ער, אידישע קינדער, האטש איינער פונ'ם אנדערען האט דאס פארבארגען. איהם האט זיך אויסגעדאכט, און ער וואלט געגאנגען שווערען איז טלית און

קיטעל, אַז צווישען עולם, וואָס זענען אַרויסגעשפּרונגען פון שוהל אַנקוקען דאָס פאַר׳חלש׳טע ווייבעל, האָט ער געזעהען דורכלויפען פאַרביי אויך דעם בעל־הבית פונ׳ם „פּאַרנאַס“, מיט אַ קליין סידור׳על אין די הענט, אַנגערוקט דעם צילינדער איבער די אויגען.

און דאָס וויינענדיגע קול פון די וויינענדיגע „יעלות“ האָט זיך געלאָזט הערען פון שוהל אין דרויסען אַרוים, דורך די אָפענע טירען, און די העל־בלאַסע לבנה האָט העל געשיינט און באַלייכט די העל־בלאַסע פּנים׳ער פון אונזערע פאַרשווינען פונ׳ם „פּאַרנאַס“, וואָס האָבען זיך איבערגעקוקט צווישען זיך און האָבען זיך איינס דאָס אַנדערע רעכט פאַרשטאַנען, אָהן ווערטער.

# שמחת־תורה

וואס ביי א ניכטערען אויף דער לונג,
דאס ביי א שכור'ען אויף דער צונג.
(א אידיש שפריכווארט)

## א.

— א שטילער מענטש, א גאנץ עהרליכער, טשעפּעט ניט קיין פליעג אויף דער וואנט. — אט דאס האט מען אויף איהם געזאגט אין כתרילעווקע, און דאס איז ער געווען.

— איהר קוקט ניט אויף איהם, וואס ער איז א נעבאכעל, גאט די נשמה שולדיג — שטילע וואסער גראבט טיעף! — אט דאס פלעגט זאגען אויף איהם דער בעל־הבית זיינער, רב לייבקע, א איד פון א שארפער קראם, פון גרויסען קרעדיט און פון שענע מחותנים.

— אז אד און וועה איז מיר מיט מיין שלים־מזל, משטיינס געזאגט, וואו איך האב ערגיץ א שונא, רבונו־של־עולם! — אזוי פלעגט זאגען זיין וייב קיילע־ביילע, וואס האט אמאל, מיידעל־וויז, געשפּיעלט א ליעבע מיט מאטעל שפּרייז, דעם מיידעלשען שרייבער, פארזעסען א מויד און קוים חתונה געהאט פאר זרח־ברוך דעם נאמן, געוועז ביי איהם דאס אנדערע ווייב, און בכדי זי זאל איהם דערגעהן די יאהרען מיט זיינע קינדער פונ'ם ערשטען ווייב, האט זי איהם אלע יאהר געהאט א קינד.

— איך קאן באשטעהן, זיי זאלען זיך ניאנטשען מיט מ י י נ ע קינדער! — האט געזאגט קיילע־ביילע, און זרח־ברוך האט זי געהערט מיט'ן קאטער, ווארום ער איז כמעט קיינמאל ניט געווען אין דער היים.

זרח־ברוך דער נאמן (אזוי האט מען איהם גערופען, און קיין אנדער נאמען האט ער אין כתרילעווקע ניט געהאט) איז שטענדיג אין געשעפט, פון גאנץ פריה אן ביז שפעט אין דער נאכט. אפילו עסען טראגט מען איהם אין קלייט אריין, און מכות עסט ער, ווארום, ווי אויף־צו־להכעים, לאזען זיך די קונים פונקט דעמאלט, ווען זרח־ברוך האט צוגעטראגען דעם ערשטען לעפעל צום מויל.

זרח־ברוך האט שוין געוואוסט, אז קוים האט ער זיך געוואשען און נאך ניט אפגעזאגט דעם „שאו־ידיכם" — אהא! עס האט זיך שוין א לאז געטהאן שפע, צוויי גויים מיט, להבדיל, א אידינע. די גויים געהען־אריין אין קלייט אריין, פארדרייסען די קעפ ארויף און קוקען, און די אידינע דערזעהט, אז זרח־ברוך וואשט זיך עסען, רוקט זי זיך ארויס, ווי א צנועה, מיט א זייטעל:

— עסט, עסט, רב זרח־ברוך, איך וועל צו־ווארטען.

נאר זרח־ברוך וועט ניט ארויסלאזען קיין קונה.

— וואס דארפט איהר? — מאכט ער צו דער אידינע און ווארגט זיך מיט דער המוציא, און בתוך כך געהט ער צו צו די גויים:

— א שא, דיאדקי, סקאזשעטע דאבראהא *?

און עס לאזט זיך אויס, אז די אידינע דארף דאס, וואס ס'איז ניטא, און די צוויי גויים זענען זיך מודה, אז זיי זענען אריינגע־קומען גלאט אזוי אנקוקען, מעהר נישט, און בכדי מע זאל זיי נישט חושד זיין, אז זיי מיינען עפים קויפען, שטעהען זיי א ביסעל, די קעפ פארריסען ארויף, און געהען פאוואלינקע אוועק.

* וואס וועט איהר, פעטערס, זאגען גוטס?

נאַר זרח־ברוך האָט פֿיינט, אַז קונים געהען־אַוועק גאָרניט געקויפֿט, לויפֿט ער זיי נאָך און שלעפּט זיי פֿאַר די פּאָלדען:

— עי, טשולאָוויטשע, פּערעווערנים, יאַ שאָס מאָיע טובי קאַזאַטע * !

נאַר די קונים לאָזען זיך ניט איבעררעדען און געהען־אַוועק. דער שוואַרץ־יאָהר ווייסט וואוהין, און די אידינע האָט זיך דער־ווייל אַרויסגעגליטשט און אַריינגעחאַפּט זיך אין איין אַנדער קלייט.

פֿאַר האַרצווועהטיג פֿאַרלירט זרח־ברוך דעם אַפּעטיט צום עסען, און עס קומט צו געהן דער בעל־הבית רב לייבקע און פֿאַר־רעכט איהם דאָס מזל.

— ווער איז דאָ געוועזן ? — פֿרעגט ער.

— ווער ס'איז געוועזן ? — פֿרעגט זרח־ברוך און שלינגט גאַנצע שטיקער, כמעט נישט געקייעט. — קונים זענען געוועזן.

— קונים ? וואָס האָבען זיי געקויפֿט ?

— געקויפֿט האָבען זיי ? צרות האָבען זיי געקויפֿט.

— וואָס זשע זאָגסטו „קונים" ?

— וואָס זשע דען זאָל איך זאָגען ?

— קונים הייסט, אַז מע גיט עפּיס צו לייזען.

— צו לייזען ? איך וויל דען ניט לייזען ?

— אַ דאַנק דיר, וואָס דו ווילסט לייזען !

און ביידע, אי דער בעל־הבית, אי דער „מענטש", בלאָזען זיך אַז איינס אויף'ן אַנדערען, נאָר מע זאָגט ניט איינס דעם אַנ־דערען קיין קרום וואָרט: דער בעל־הבית פֿיהלט, אַז ער האָט איהם, איינגעטליך, גאָרנישט וואָס צו זאָגען, און דער „מענטש" האָט דרך־ארץ פֿאַר'ן בעל־הבית און שווייגט־אָפּ אויף אַלסדינג, וואָס מע זאָל איהם ניט זאָגען.

---

* עי, מענטשעל, קעהר זיך איבער, איך האָב דיר עפּיס צו זאָגען!

נאר אט קומט די בעל־הבית׳טע, קלינגט מיט די שליסעלעך און מישט־אויף נאך א מאל די אייגענע סדרה:

— ווער איז דא געווען?

— איך ווייס, ווער איז דא געווען? — זאגט דער מאן. — פרעג ביי איהם.

— ווער איז דא געווען? — פרעגט זי ביי׳ם נאמן און קלינגט מיט די שליסעלעך.

דער נאמן שלינגט־איין דעם לעצטען ביסען, שטעהט־אויף, טרייסעלט אפּ די ברעקלעך פון דער באָרד און קוקט אויף דער בעל־הבית׳טע.

— וואס קוקסט דו אויף מיר אזוי? איך פרעג, ווער איז דא געווען?

— ווער איז דא געווען? — זאגט זרח־ברוך מיט׳ן פריהערי־גען נוסח. — קונים זענען געווען.

— קונים? וואס האבען זיי געקויפט?

— געקויפט האבען זיי? קדחת האבען זיי געקויפט!

— וואס זשע זאגסט דו „קונים“?

— ווי אזוי דען זאל איך זאגען?

— קונים הייסט, אז מע גיט עפּים צו לייזען געלט.

— לייזען געלט? איך וואלט אויך א בעלן געווען לייזען געלט גלייך מיט אייך.

— איך מיין טאקי באמת?!...

די דאזיגע ווערטער: „איך מיין טאקי באמת“ ווערען געזאגט מיט אזא ניגון און מיט אזוי פיעל סם־המות, אז זרח־ברוך קרענקט־אוים דאס גאנצע עסען און איז געהרען, אז עס קומט־אריין א שווארץ־יאהר און הייסט זיך ווייזען סחורה, חאטש אלע ווייסען, אי דער בעל־הבית, אי די בעל־הבית׳טע, אי דער נאמן, אי דער קונה, אז דער קונה איז ניט קיין קונה: ער וועט גאָרניש ט קויפען.

— איז דאס, הייסט עס, דער לעצטער פו״ז ביי אייך? גוט, איך קום, אם ירצה השם, מארגען ווידער...

— אויף מארגען מיט איין איי! — זאגט זרח־ברוך הינטער דעם קונה'ס פלייצעס, און דער בעל־הבית גיט איהם א מיאוס'ען פסק, ער זאל האלטען מויל און ניט רעדען דעם קונה הינטער די פלייצעס אזעלכע ווערטער; און די בעל־הבית'טע גיסט־אונטער בוימעהל אויפ'ן פייער, קלינגט־צו מיט די שליסעלער.

— וואס אהרט איהם, למשל, אז יענער וועט שוין מעהר אהער ניט אריינשמעקען? עס טהוט איהם דען וועה דער קאפ, טאמער דארף מען מארגען צאהלען א וועכסעל?

זרח־ברוך שווייגט. ער טהוט נאר א קוק אויף איהר מיט איין אויג. דער קוק באדייט:

„א וועכסעל? ווענמען דען טהוט וועה דער קאפ אויפ'ן וועכסעל?"

אלע דריי ווייסען גאנץ גוט, ווענמען דער קאפ טהוט וועה, בשעת עס קומט א וועכסעל צאהלען, און אלע דריי שווייגען. דאס שווייגען געדויערט עטליכע מינוט. און ווער רייסט דאס איבער? טאקי זרח־ברוך. ער טהוט זיך א ווארף, ווי איין אפגעבריהטער פון קראפיווע.

— יא, כ'האב גאר פארגעסען. איך דארף א שפרונג טהון צום גלח, טאמער וועט ער מיר געבען געלט. ער האט מיר צוגע־זאגט אויף היינט געבען געלט. און אז ער וועט ניט געבען געלט, ווייס איך ניט, ווי אזוי וועלען מיר איינצאהלען דאס וועכסעל.

און זרח־ברוך חאפט דאס יאמשאווע שטעקעל און לאזט זיך געהן צום גלח און באגעגענט זיך מיט דער בעל־הבית'טע ביי דער טיר און הערט, ווי זי וואַרטשעט און קלינגט מיט די שליסעלעך:

— קוים דערמאנט... שטארק אין זינען... קאסט אזוי פיעל בלוט...

און אין הארצען ווייסען אלע, ווער עס טראגט אויף זיך די גאנצע קראם, וועמען עס דארט דער מח פאר'ן פדיון, ווער האט

אין זינען געלט, ווער טראגט אויפ'ן קאפ א וועכסעל, — און אלע דריי זענען זיכער, אז עס דארף אזוי צו זיין און אנדערש קאן עס גאר ניט זיין.

ב.

אויף וויפיעל זרח־ברוך דער נאמן קומט־אפ ביי זיינע בעלי־בתים אין געשעפט, האט ער נאכדעם, אז ער קומט ביינאכט צו זיך אהיים, זיין עהרליך אויסקומעניש דריי מאל אזוי פיעל. אין שטוב איז וויסט און רוביג, די קליינע קינדער שרייען, דער סא־מאוואר וויל ניט זידען, און קיילע־ביילע זידט דוקא יא, קאכט ווי א קעסעל, שמיצט זיך אוןווארפט זיך און שעלט די קינדער זיינע אויף וואס די וועלט שטעהט.

— עסערס! א פולע שטוב מיט עסערס! ביי לייטען קינ־דער — דאס קרענקט, דאס פאקט, דאס ברעכט זיך אוים א פוס... עס נעמט זיי נישט קיין קויל!

נאר קיילע־ביילע זינדיגט. זי ווייסט גאנץ גוט, אז זי זינ־דיגט, וואָרום וואו ערגיץ א חולאת, א פריטשעפע, א שלאק־פורעניות — איז דאס ביי זיי. און ווערט פארשלאפט א קינד, עס מעג זיין זיינס, עס מעג זיין איהרס — לעגט זי איין די וועלט, לויפט אליין צום דאקטאר, שלאפט ניט דורך די נעכט, עסט דעם מאן און טאטשעט איהם זיין לייב.

— וואס ביזט דו פאר א טאטע? א שענער פאטער א גע־טרייער! דאס קינד נעבאך גליהט, ווי א הייסע סקאווורעדע, — עס זאל איהם אנהויבען צו אהרען! א קאלטער מלאך!

און זרח־ברוך שווייגט, קעהרט נישט איבער די צונג אפילו, גלייך ווי ניט איהם מיינט מען. זרח־ברוך איז געהרען, אז ער קאן עפים איבערהאפען, פאלט ער אין בעט אריין, ווי א סנאפ, און ווערט אנשלאפען, וואָרום גאנץ פריה, אז גאט אליין שלאפט

נאָך, איז ער שוין אין קלייט, „מאַכט די ביכער״, דאַווענט־אָפּ אויף איין פוס, חאַפּט אַ גלעזעל ציקאַריע מיט איין אייערבייגעל און לויפט נאָך אַ גמילות־חסד ביז איבער׳ן יריד. און דער בעל־הבית בלאָזט זיך, און די בעל־הבית׳טע וואָרטשעט, און דאָס ווייב אין דער היים שעלט, לייענט די תוכחה. און אַזוי אַ גאַנץ יאָהר, אַ גאַנץ קיילעכיג יאָהר.

איין טאָג שבת — אַ גליק, וואָס ס׳איז פאַרהאַן אַ שבת אויף דער וועלט! — קאָן זיך זרח־ברוך אויסרוהען פאַר דער גאַנצער וואָך. נאָר ערשט דעמאָלט פיהלט ער, ווי ער איז צע־בראָכען, נישטאָ קיין גאַנצער אבר, ווי, להבדיל, אַ פערד הויבט ערשט דעמאָלט אָן צו סאָפּען און מאַכען מיט די זייטען, אַז מע שפּאַנט דאָס אויס... קומט דער הייליגער טאָג שבת, וואַרפט־אַראָפּ פון זיך זרח־ברוך דער נאָמען אַלע דאגות פונ׳ם קאָפּ, טהוט זיך אויס פון דעם יאָך, פאַרגעסט, אַז ס׳איז פאַרהאַן אַ געשעפט מיט אַ בעל־הבית, מיט אַ בעל־הבית׳טע, מיט אַ בוד, מיט חובות, מיט וועכסעלעך, מיט גלחים, מיט גמילות־חסדים, מיט קונים, מיט פדיון — נישטאָ, נישטאָ אויף איהם קיין אויבערהאַר, נישטאָ פאַר איהם קיין עלטערער, וויל נישט וויסען פון קיין ווייב; ביי איהם איז איצט נאָר גאָט און שבת. און ער רוהט, ער שלאָפט, ער שלאָפט זיך אויס, טהוט־אָן די שבת׳דיגע קאַפּאָטע מיט דעם שבת׳דיגען אויבער־מאַנטעל, מיט׳ן שבת׳דיגען קאַשקעט, מיט די שבת׳דיגע סקריפּענדיגע שטיוועל, און געהט אין שוהל אַריין. איין מאָל אין וואָך שלאָפט ער זיך אויס, ווי עס געהערט צו זיין, איין מאָל אין וואָך עסט ער אָפּ, ווי עס געהערט צו זיין, און ער רוהט, און די נשמה זיינע רוהט, און אַלע אברים זיינע רוהען, און ער דאַנקט און לויבט דעם וואָס לעבט אייביג פאַר דער מתנה, וואָס ער האָט געשענקט זיין ליעב פאָלק ישראל, פאַר דעם איינציגען, הייליגען, זיסען, ליעבען שבת.

נאָך מעהר הייליג, זיס און ליעב זענען איהם די ימים טובים. „ווער נאָך האָט אַזאַ פּסד יוי אידען האָבען?״ — אַזוי קלערט

זיך זרח־ברוך דער נאָמן און איז זיך אַליין מקנא, וואָס ער איז אַ איד געבאָרען. — „וועד נאָך פאַרמאָגט אַזאַ פריילעכען יום־טוב, ווי סוכות, הושענא־רבה, שמיני־עצרת, ובפרט שמחת־תורה? אַ ווערטעלע אויסצורעדען — שמחת־תורה! שמחת־תורה איז אַ איד פריילך! שמחת־תורה טרינקען אידען משקה! שמחת־תורה זענען אידען שכור!"

אַזוי קלערט זיך זרח־ברוך דער נאָמן און קוקט־אַרויס אויפ'ן פריילעכען יום־טוב, ווי אויף משיח'ן.

משיח קומט ניט, און דער פריילעכער יום־טוב קומט. קומט דער פריילעכער יום־טוב שמחת־תורה, ווערט אויף איהם אַ נייע הויט. גאָר ניט דער זרח־ברוך, וואָס תמיד. תמיד אַ שטילער, אַ פאַרזאָרגטער, אַ פאַרוואָגעלטער, חאַפּט ער זיך אויף מיט אַ מאָל ווי פון'ם שלאָף, ווערט לעבעדיג, פריילך, פאַררופט צו זיך אויף קידוש, געהט צו יענעם אויף קידוש, שלעפּט אַליין אַרויס דעם קוגעל פון'ם אויווען, בראָנפען גיסט זיך אַזוי ווי וואַסער. מע נעמט זיך ביי די הענט און מע געהט אַ ריקוד'על אין מיטען גאָס. אידען! ס'איז היינט שמחת־תורה אויף דער גאַנצער וועלט!

הייַ־דאַ!
דריי־דאַ־דאַ!
ראַמטעדרידאַדאַ!

גויים געהען פאַרביי, שטעלען זיך אָפּ, קוקען, ווי אידען העפּען. מאַכען זיך נאַריש.

— אַצע האַרנאַ, קאַלי ווזשע זשיד דאַ נאַפּיווסיאַ * !...

און זרח־ברוך דער נאָמן „גיסט ווי אויפ'ן שטיין", טרינקט שוין פאַר'ן גאַנצען יאָהר, טרינקט אַזוי לאַנג, ביז ער ווערט

* אט דאס איז שען, אז א איד קאן שוין זיין שכור!...

מבוסם, פארגעסט, ווי אזוי מע רופט איהם, ווערט א גזלן און רייסט זיך צום בעל־הבית און צו דער בעל־הבית'טע, זיי אויס־לומר'ען, ווי עס געהערט צו זיין, חאטש איין מאל זיי זאגען דעם גאנצען אמת, וואס אויף דער לונג — דאס אויף דער צונג, זיך קיהלען דאס הארץ!

— ס'עט א רוח אין איהם אין טאטען! — שרייט זרח־ברוך דער נאמן אויפ'ן בעל־הבית און אויף דער בעל־הבית'טע און רייסט זיך צו זיי מיט הענט און פיס, נאר מע לאזט איהם ניט. קיילע־ביילע מיט די עלטערע קינדער האלטען איהם פאר די הענט, און זרח־ברוך רייסט זיך, שלאגט און הרג'עט און שרייט, ווי אין א מאנהויז:

— לאזט מיך!... לאזט מיך!... ס'עט א רוח אין איהם אין טאטען!...

און קיילע־ביילע האט מורא, טאמער טאקי, חס ושלום, לויפט ער אוועק אהין און פאלט־אן אויפ'ן בעל־הבית מיט דער בעל־הבית'טע, און בלייבט נאכדעם אהן א שטעלע. בארעט זי זיך מיט איהם מיט אלע כחות, בינדט איהם די הענט אהינטער מיט א האנטוך, לעגט איהם אריין, דעם שלים־מזל, אין בעט אריין, פארשליסט די טיר. און זרח־ברוך, דער שטילער זרח־ברוך, וואס טשעפעט ניט קיין פליעג אויף דער וואנט, בושעוועט, ברעכט טעלער, שלאגט און הרג'עט און הערט ניט אויף צו שרייען אויף קולי־קולות:

— לאזט מיך!... לאזט מיך!... ס'עט א רוח אין איהם אין טאטען!...

זרח־ברוך בושעוועט און שרייט אזוי לאנג, ביז ער הויבט גאר אן צו וויינען, וויינען ווי א קליין קינד. ער דערמאנט זיך אנ'ם טאטען, וואס איז ביי איהם געשטארבען פאר א יאהר עט־ליכע און צוואנציג — סטייטש, אזא טאטען, ווי ער האט גע־

האט, אזא טאטען!... און ער וויינט, דער יתום, גיסט מיט טרע־
רען; ער וויינט אזוי לאנג, ביז... ער ווערט אנשלאפען.

* * *

אויף מארגען אין דער פריה, אז גאט אליין שלאפט נאך,
אין שוין זרח־ברוך דער נאמן אין קלייט, מאכט די ביכער, דא־
ווענט־אפ אויף איין פוס, חאפט א גלעזעל ציקאריע מיט איין
אייערבייגעל און לויפט נאך א גמילות־חסד, „ביז איבער׳ן יריד“.
און דער בעל־הבית בלאזט זיך, און די בעל־הבית׳טע ווארטשעט,
קלינגט מיט די שליסעלעך, און דאס ווייב אין דער היים שעלט,
לייענט די תוכחה. און אזוי א גאנץ יאהר, א גאנץ קיילעכיג יאהר,
ביז איבער־א־יאהר שמחת־תורה.

# די ערשטע נאַכט פּסח
# אויף דער מלחמה

געשריבען אין יאָהר 1904.

# די ערשטע נאַכט פסח אויף דער מלחמה

דאָרט, אויפ'ן גרויסען ברייטען ווייסען פעלד פונ'ם גרויסען ברייטען אַלטען לאַנד, וואָס מע רופט מאַנדזשוריע, ציהט זיך אַ לאַנגע שמאָלע סטיינגע פון צוויי דינע שוואַרצע שנירלעך — דאָס איז די גרויסע סיבירער אייזענבאַהן, וואָס לויפט באַרג־אַראָפּ איבער דעם ברייטען ווילדען אַזיען, העט־ווייט, צום ים, אַזש קיין קוואַנדרון, ביז דער שטאָדט פּאָרט־אַרטור.

די באַהן ציהט זיך, און אויף איהר לויפען טאָג ווי נאַכט לאָקאָמאָטיווען. איינס נאָך דאָס אַנדערע לויפען זיי און לאָזען זיך הערען מיט אַ פייפען און מיט אַ טראַסקען, שלעפּען גאַנצע שורות וואַגאָנעם מיט מענטשען, פערד, געוועהר און עסענוואַרג פאַר די מענטשען און פאַר די פערד.

ס'איז נאַכט. די ערשטע נאַכט פון פסח.

מיר קוקען־אַריין אין איינעם פון די וואַגאָנעם. ער איז פול אָנגעשטויסען מיט סאָלדאַטען. אויסגעמוטשעט פון דער לאַנגער נסיעה און איינגעמיעדט פונ'ם טאָג, זענען די סאָלדאַטען שטיל. ווער סע זיצט אויף די קאָרטעטשקעס אויף דער בריק און פאַר־ציהט זיך מיט אַ שטיקעל פּאַפּיער, מיינט, אַז ער רויכערט אַ „ציגאַרקע", און ווער עס ליגט אויסגעצויגען אויף דער באַנק מיט'ן פּנים אַרויף און פייפט שטילערהייט, און פונ'ם פייפען לאָזט זיך הערען אַיין אומעט, אַ טרויער, אַ גרוס צו דער ווייטער־ווייטער היים, צו דעם ווייטען־ווייטען דאָרף, וואו די ערד איז שוין געוויס לאַנג אָפּגעריייניגט פונ'ם שניי, און סע שמעקט שוין דאָרט געוויס

מיט גרינס, און א געזאנג הערט זיך דאָרטען פון דער ווייטען; דאָס זינגען מסתמא די שיקסעס זייערע שענע ליעבע זיסע ליעדער, רייסען זיך די גאָרגלען. און עס דאַכט זיך איהם, אַז ער הערט גאַנץ גוט זייער געזאַנג, און ער פייפט זיי נאָך.

באַזונדער, אַז אַ זייט, אויף דער באַנק, נאָהענט צו דער לאַנטערן, זיצען צוויי סאָלדאַטען. איינער איין עלטערער, מיט איין אונטערגעגאָלטער שוואַרצער באָרד, דער אַנדערער אַ יונגער, מיט אַ קליין געל בערדעל. און כאָטש זיי טראָגען ביידע הויכע גרויסע סיבירסקע שמויסענע היטלען, דאָך דערקענט מען אין זייערע בלייכע פּנים׳ער, אין זייערע ווייסע הענט און שוואַרצע אויגען, אַז זיי זענען פון אונזערע, פון אחינו בני־ישראל.

זיי זיצען ביידע איבער איין סידור׳על, קוקען שטאַרק אַריין, און שאָקלען זיך, און זאָגען עפּיס שטילערהייט, נאָר מיט אַ ניגון. זיי זאָגען און זאָגען, און שטעלען זיך אָפּ אַלע מאָל און רעדען צווישען זיך שטילערהייט, און הויבען ווידער אָן צו זאָגען מיט אַ ניגון.

דאָס זאָגען זיי די הגדה. דאָס ריכטען זיי אָפּ דעם סדר דאָ אין וואַגאָן, זינגען מיט אַ ניגון, מיט יענעם באַקאַנטען ניגון, וואָס דאָרט, אין דער היים, נאָר שטיל, קוים־קוים וואָס מע הערט:

„מצה זו שאנו אוכלין על שום מה־ה־ה?...“

— ס׳זאָל כאָטש זיין דאָ ביי אונז אַ שטיקעל מצה! —

רופט זיך אָן איינער, דער יונגערער, מיט אַ זיפץ, און דער עלטערער ענטפערט איהם האַלב אויף רוסיש:

— דוראַק*! אין אַ מלחמה איז מען סוואָבאָדנע**, פּטור, פּטור פון אַלץ.

— וואָס זשע זאָגען מיר די הגדה?

— דליאַ וואָספּאָמינאַניאַ***, אַז ס׳איז פּסח דאָרטען... ביי אונז... אין דער היים...

---

* נאַר! — ** פריי. — *** פאר א זכר.

דער יונגערער פאַרטראַכט זיך. די ליעבע זיסע ווערטער: „פּסח“... „דאַרטען“... „ביי אונז“... „אין דער היים“... גיסען זיך אריין צו איהם, ווי אַ שטראָם, גלייך אין האַרצען אַריין, און פון דאַרטען צעגיסען זיי זיך איבער'ן גאַנצען לייב, איבער אַלע אברים, און פילען איהם אַן מיט אַ נייעם אומעט און מיט אַ שרעקליך בענקען אַהיים, נאָך מעהר ווי פריהער. און זיין נשמה רייסט זיך אַרויס אויף אַ מינוט ביי איהם פון'ם גוף און פליהט זיך דורך אַהין, אַהין, אין אַ קליין שטעדטעלע פון בעסאַראַביע. דאָס שטעדטעל איז גרויס, ווי אַ געהניץ, און מע רופט דאָס האַלאַ־נעשטי, און אַ בלאָטע איז דאָרט אַצינד ביז'ן גאַרטעל, און אָרעמע־לייט זענען דאָרטען פאַרהאַן, אוי אָרעמעלייט! און איין ענג־שאַפט איז דאָרט, מיט איין עפּוש, מיט אַ דערשטיקעניש — זאָל גאָט שומר ומציל זיין! נאָר ווי ליעב און ווי טייער איז דאָס ביי איהם! און דוקא אָט דאָס דאָזיגע קליינע, אָרעמע, בלאָטיגע, ענגע, פאַר'עפּוש'טע האַלאַנעשטי! אויב ס'איז דאָ ערגיץ אַ גן־עדן, טראַכט ער זיך, אַ גן־עדן התחתון אויף דער וועלט, איז דאָס געוויס האַלאַנעשטי!

און וואָס איז דאָס חידוש? ער איז דאָרטען געבוירען, אויפ־געצויגען און אויסגעוואַכסען. דאָרטען האָט ער איבערגעלאָזט טאַטע־מאַמע, שוועסטער און ברידער, פריינט און גוטע פריינט. וואָס טהוען זיי אַצינד? זיי ריכטען אודאי אָפּ דעם סדר און טראַכטען איצטער אודאי וועגען איהם. געוויס וועגען איהם. זיי קלערען זיך: „אוי־וועה! גאָט ווייסט, וואו איז אַצינד אונזער אָרעמער לייבקע נעבאָך!“...

— פּאַשאָל דאַלשע *! פאַר וואָס זאָגסט דו נישט, מאַלאַ־קאָסאָם **?... — מונטערט איהם דער עלטערער מיט אַ שטורך אין זייט אַריין און זינגט שטילערהייט מיט'ן זעלבען ניגון: „מ ר ו ר ז ה ש אַ נ ו א ו כ ל י ן ע ל ש ו ם מ־ה־ה־ה?“...

* געה ווייטער. — ** שנעק.

— חאַטש מרור אַ ביסל זאָל דאָ זיין! — רופט זיך אָן לייבקע מיט אַ ביטער שמייכעל און וואַרפט אַ קוק אויף זיין עלטערן חבר, וואָס מע רופט איהם ירחמיאל. און ירחמיאל ענטפערט איהם העכער האַלב אויף רוסיש, ווי זיין שטייגער איז:

— טשעפוחאַ! זאַטשעם טיעביע מרור *? — און ער האַקט די הגדה ווייטער: „ע ל ש ו ם ש מ ר ר ו ה מ צ ר י ם א ת ח י י א ב ו ת י נ ו ב מ צ ר־י־י־ם!"...

און ירחמיאל'ס קאָפּ איז איצטער נישט אין מצרים, נאָר אין דער היים, ערגיץ אין מאַלאָראָסיע, אין מאַלאָפּערעשטשעפּענע, ביי זיין ווייב און קינדער. און עס שטעלט זיך איהם פאַר דאָס געזעגענען זיך מיט זיי פאַר זיין אָוועקפאָהרען, ווי אַזוי ער האָט אַלעמען געוואָלט בארוהיגען, איינרעדען, אַז זיי זענען „טרוסען", אַז אַ מלחמה איז גאָרנישט אַזוי מסוכן, וואָרום פּונקט אַזוי ווי איך קאָן גע'הרג'עט ווערען פון יענעם, אַזוי קאָן יענער גע'הרג'עט ווערען פון מיר. דאָס איז נומער איינס. והשנית, בין איך דאָך עפּיס, זאָגט ער, אַ סאָלדאַט, וואָס האָט געדיענט דעם קיסר פינף יאָהר וויעראָיו אי פּראַוודאָיו **, איז וויבאַלד, זאָגט ער, דער שונא איז אָנגעפאַלען אויף אונזער לאַנד, טאָר איך נישט קוקען אויף קיין זאַך און באַדאַרף, זאָגט ער, געהן שלאָגען זיך „דאָ פּאָסליעדניי קאַפּלי קראָווי" ***!

אַזוי לאָזט־אויס אויף רוסיש ירחמיאל, וואָס האָט אין די פינף יאָהר פון דער דיענסט זיך אויסגעלערענט רעדען העכער האַלב אויף רוסיש. נאָר אַז ס'איז געקומען צו „דער לעצטער קאָמעדיע", אַז ער האָט זיך גענומען קושען מיט די קינדערלעך, און די קינדערלעך האָבען זיך צעוויינט אויף אַ קול, און דאָס קלייניטשקע איציקעל האָט איהם ארומגעכאַפּט, ווי אַ שלענגעל,

---

* נאַרישקייטען! אויף וואָס טויג דיר מרור? — ** מיט'ן גלויבען און מיט'ן אמת. — *** ביז'ן לעצטען טראָפּען בלוט.

און האָט זיך צעשריגען: „טאַטע! ניטע גען מלחמה!", און דאָס ווייב איז געפאַלען חלשות, — האָט ירחמיאל שוין מעהר נישט געקאָנט איינהאַלטען זיך און האָט זיך קוים אַ לעבעדיגער ארויסגעריסען פון זייערע הענט און איז אַנטלאָפען. און קוים איז ער אריין אין וואַגאָן אריין מיט די איבעריגע סאָלדאַטען, אַזוי האָט ער אראָפּגעוואָרפען פונ'ם קאָפּ די היים מיט'ן ווייב מיט די קינדער, וואָרום ער געהט אין דער מלחמה אריין פאַר'ן קיסר און פאַר'ן לאַנד — „זאַ צאַריאַ אי אָטיעטשעסטוואַ!"

אַזוי לאַזט־אויס ירחמיאל מיט גדלות, און די שוואַרצע גלאַנ־צענדיגע אויגען זיינע צינדען זיך אָן בשעת מעשה מיט אַ מאָדנע פייערל, וואָס זיין חבר לייבקע האָט דאָס ליעב צו זעהען. עס געפעלט איהם, נאָר ער פאַרשטעהט דאָס נישט. ירחמיאל איז אַ געניטער, איין אויסגעדיענטער סאָלדאַט, און ער, לייבקע פון האָ־לאָנעשטי, איז אַ נאָר־וואָס אָפּגעגעבענער, אַ „נאָוואָבראַנעץ", וואָס מע האָט איהם געבראַכט אַהער שוין לאַנג מיט אַ גאַנצער פּאַרטיע „נאָוואָבראַנצים". איז ער אויפ'ן וועג פאַרשלאָפט געוואָרען, אָפּ־געלעגען כמעט אַ חודש אין שפּיטאָל; און אַז ער איז געזונט געוואָרען, האָט מען איהם אריינגעזעצט אַהער, אין דעם וואַגאָן. און דאָ האָבען זיך די צוויי אידען גיך באַקענט, געוואָרען חבר, אויסדערצעהלט זיך איינער דעם אַנדערען זייערע ביטערע הערצער, געוואָרען נפש אחת. לייבקע באַריהמט זיך פאַר ירחמיאל'ען, אַז מע האָט איהם מיטגעגעבען פון דער היים אַ סידור'ל מיט אַ פּאָר תפילין, קליינע תפילימ'לעך. און ירחמיאל באַטראַכט דאָס סידור'ל מיט די קליינע תפילימ'לעך און זאָגט, אַז דאָס סידור'ל וועט צונוץ קומען באַלד אויף פּסח, ס'איז פאַרהאַן אין דעם די הגדה; און אויף די תפילימ'לעך, זאָגט ירחמיאל, איז ער איהם מקנא, וואָרום טאָמער שיסט מען איהם, וועט ער חאָטש קומען צו קבר־ישראל... און איהם, ירחמיאל'ען, האָט מען מיטגעגעבען אַלסדינג — מלבושים, גרעט, וואַרעמע וואַלינקעס, נאָר ד אָ ס נישט. ער איז איהם מקנא אויף די תפילימ'לעך!

ליבקע'ם בלייכער פנים ווערט נאך בלייכער און זיינע גרויסע אויגען ווערען נאך גרעסער, און ער פרעגט ביי זיין עלטערען גע־ניטען חבר ירחמיאל:

— וואָ־וואָס הייסט, ער וועט קו־קומען צו ק־קבר־ישראל?

און זיין עלטערער געניטער חבר ירחמיאל גיט איהם צו פאר־שטעהן, אז בשעת מלחמה באהאלט מען הונדערטער גע'הרג'עטע אין איין גרוב, און אלע מיט'ן אנטהון, איז וויבאלד א איד האט מיט זיך א פאר תפילין, הייסט דאס שוין גלייך ווי געקומען צו קבר־ישראל.

ליבקע קוקט אויף זיין עלטערען געניטען חבר, אויף ירחמיאל'ען, און וואונדערט זיך אויף זיין קאלטבלוטיגקייט, ווי ער רעדט פונ'ם טוידט! ליבקע, א פראסטער אָרעמער בחור, א בעל־מלאכה, פארשטעהט נישט זיין חבר ירחמיאל'ען, וואס ער געהט מיט אזא שמחה אויף דער מלחמה. ירחמיאל פרובט זיך איהם געבען צו פארשטעהן מיט'ן שכל, נאר ליבקע'ם קאפ קאן דאס נישט משיג זיין. זיין מוח קאן נישט איבערקאכען איין זאך:

— מילא — זאגט צו איהם ליבקע — דאס, וואס דו זאגסט מיר, ס'איז א חוב אויף יעדען מענטשען — דאס פארשטעה איך נאך; אָבער פרעהען זיך וואס דארף מען? וואס איז, אשטייגער, די גדולה?

— בהמה! — זאגט איהם ירחמיאל און פרובט זיך איהם געבען צו פארשטעהן, אז ער איז צופריעדען שוין דערמיט אליין, וואס ער, א איד ירחמיאל, איז גלייך מיט אלעמען, וואס ער, א איד ירחמיאל, איז דעם קיסר'ם א מענטש, וואס ער, א איד ירחמיאל, קאן ארויסבאווייזען פאר דער גאנצער וועלט זיין גע־טריישאפט. לאזען זיי זעהען, די שונאים, אז א איד קאן אויך דיענען פיין און עהרליך, אז א איד קאן אויך טראגען זיין קאפ לכבוד דעם לאנד, וואו זיינע עלטער־עלטערנ'ם ביינער ליגען איז

די קברים און וואו זיינע אייגענע ביינער וועלען אויך אמאל ליגען אין קבר...

לייבקע קוקט אויף זיין חבר מיט גרויסע אויגען און טראַכט זיך: „וואס פאר מאָדנע מענטשען די מאַלאַראָסער אידען זע־נען!"... אין אויך די איבעריגע סאַלדאַטלעך אין וואגאָן קוקען אויף די אידען און חידוש'ען זיך, אויף וואס פאר א מאָדנע לשון די אידען רעדען!...

ביי די אלע איבעריגע סאַלדאַטלעך אין וואגאָן הייסען זיי „נאַשי זשידקי" *, נאָר לעבען לעבט מען מיט זיי דוקא גוט; מע שלאָפט אינאיינעם, מע עסט אינאיינעם און מע רויכערט אלע אינאיינעם „ציגאַרקעס", ווי אמת'ע חברים.

אפשר האָט זיך דערפון גענומען די חבר'שאפט, וואס אינ'ם גאנצען וואגאָן איז פאַרהאַן סך־הכל איינער א „גראַמאַטנער", וואס פאַרשטעהט אין די קליינע אותיות.

און דער איינער איז ירחמיאל.

ירחמיאל האָט מיט זיך א בלאַט „נאַוואַסטי", וואס דאָרט איז באַשריבען די איצטיגע מלחמה, און דאָרט איז אויסגעמאָהלט גאנץ מאַנדזשוריע, מיט פּאָרט־אַרטור, מיט „אונזער" פלאָט, מיט'ן לאנד קאָרעא און מיט'ן לאנד פונ'ם שונא — אויך מיר א לאנד, משטיינס געזאגט! אינ'ם דאָזיגען לאנד אריין רייסען זיך דאָס די אלע סאַלדאַטלעך, וואָלטען שוין געהרען קומען אהין וואס גי־כער זיך אפּרעכענען מיט'ן שונא, און ער, ירחמיאל, אויך בתוכם. ירחמיאל לייענט פאר'ן גאנצען עולם דאָס בלאַט און באווייזט זיי מיט'ן גראָבען פינגער אויף דער קאַרטע און אויפ'ן לאנד פונ'ם שונא, אויף יאַפּאַניע. — „אויך מיר א לאנד! יאַפּאַשקאַ! — זאָגען די סאַלדאַטלעך. — מיט איין שפּיי קאָן מען אזא לאנד איינגעמען, צעקוועטשען, ווי א פליעג, ווי א וואנץ!"

* אונזערע אידלעך.

פונ׳ם לייענען איז דאָס בלאָט שוין צעהאַקט און צעריבען. עס וואָלט צונויף געקומען אויף „ציגאַרקעס“, נאָר ס׳איז איין עבירה: ירחמיאל לייענט פון דאָרטען אַזעלכע אינטערעסאַנטע זאַכען, אַזעלכע שענע מעשיות פון רוסישע סאָלדאַטלעך פון אַמאָל, אַמאָל, פון דער סעוואַסטאָפּאָלער מלחמה נאָך, ווי אַזוי „אונזערע“ האָבען זיך אַמאָל געשלאָגען, געקראָכען גלייך אין פייער אַריין. זיי וועלען זיך איצט מיט יאַפּאַניע אויך אַזוי שלאָגען, אויך קרי־כען גלייך אין פייער אַריין, און ער, ירחמיאל, אויך בתוכם...

און נאָך לייענט זיי פונ׳ם בלאָט ירחמיאל אַ מעשה פון אַ באַרג אַזעלכען, וואָס מע רופט איהם „מאַלאַכאָוו קורגאַן“. דאָס איז אַ באַרג פון צעהנדליגער טויזענטער געפאַלענע רוסישע סאָל־דאַטען.

— אַלע אינאיינעם, איינס אויף דאָס אַנדערע! — גיט זיי צו פאַרשטעהן ירחמיאל שוין פון זיך אַליין. — אַלע אין איין טאָפּ: פעלדפעבעלעס מיט יעפרייטערעס מיט פּראָסטע סאָל־דאַטען.

— און אידען? — טהוט אַ פרעג לייבקע מיט איין איבער־געשראָקענעם קוק.

— און אידען אויך. אַלע גלייך! — זאָגט ירחמיאל גאַנץ פעסט, ווי אַ מענטש, וואָס ווייסט אַלסדינג.

— ווריאָש*! — חאַפּט זיך אַרויס איינער אַ סאָלדאַטעל מיט אַ פרישטשעוואַטען פּנים.

— ניעט! יעפּטאַ פּראַוודאַ**! — שטעלען זיך איין פאַר ירחמיאל׳ען עטליכע סאָלדאַטען מיט אַ מאָל און בעטען איהם, ער זאָל זיי לייענען ווייטער.

— ראַזסקאַזיוואַי, בראַטיעץ***!

* ליִגסט! — ** ניין! ס׳איז אמת! — *** דערצעהל, ברודערל!

ירחמיאל האָט זיך אָבער צעהיצט; עס האָט זיך אין איהם צערערט דער איד, און ער האָט יענעם פרישטשעוואַטען סאָלדאַטעל נישט געוואָלט אַרויסלאָזען פון די הענט

— באַלוואַן! — זאָגט צו איהם ירחמיאל מיט פייער. — דו פאַרשטעהסט נישט פון דאַנען אַהין! נאָכ'ן טוידט און אויף דער מלחמה זענען אַלע גלייך! בײ'ם מלאך־המות איז נישטאָ קיין אידען, נישט־אידען. בײ גאָט זענען אַלע — מענטשען!...

— ווריאָש! — זאָגט צו איהם נאָך אַ מאָל דאָס פרישטשעוואַטע סאָלדאַטעל. — איך האָב געהערט לייענען פון אַ ביכעל, אַז אַנטיכריסט וועט קומען, וועלען אַלע גע'צלמ'טע אויפשטעהן תחית־המתים, און איהר וועט פאַרפוילט ווערען, ווי די הינט.

— חאַם! נאַרישער קאָפּ! — שרייט ירחמיאל שוין מיט כעס. — וואָס רעדסט דו? דו ווייסט וואָס דו רעדסט?

דאָס סאָלדאַטעל מיט'ן אומרייגעם פנים וויל אויפהויבען אויף איהם די האַנט, שטעלט זיך איין דער איבעריגער עולם פאַר'ן אידען, לאָזט נישט, מע זאָל באַלעדיגען ירחמיאל'ען. און ירחמיאל וויל זיך נישט באַרוהיגען. ער שיט מיט רעד און שוויצט אַזש:

— אַזאַ חאַם, און רעדט נאָך! ער ווייסט נישט, דער דאָזיגער אָפּגעריסענער נאַר, אַז פאַר גאָט און פאַר'ן קיסר זענען אַלע מענטשען גלייך, אַז מיר ביידע, אי ער, אי איך, געהען זיך שלאָגען ביידע מיט איין שונא, און די קויל קלויבט נישט איבער: וועמען זי טרעפט, דער לעגט דעם קאָפּ. אַז די קויל פונ'ם שונא וועט טרעפען מיך, וועל איך וויסען, אַז איך בין געפאַלען פאַר דעם אייגענעם קיסר, וואָס דו, און פאַר דעם אייגענעם לאַנד, וואָס דו!

וכדומה אַזעלכע וואַרעמע דבורים רעדט ירחמיאל פון מאָלאָפערעשטשעפּענע, און שטענדיג מיט היץ, מיט פייער. און דער גאַנצער עולם האָט אָפּשיי פאַר דעם דאָזיגען אידען, באַקומט ליעב ירחמיאל'ען פאַר זיינע קלוגע רעד, און צוליעב איהם לעגט מען

כבוד אויך אויף זיין חבר, אויף ליבקען, וואָס מע האָט איהם נישט ליעב פאַר זיין איבערגעשראָקענעם קוק, ווי ביי אַ האָז. צוליעב ירחמיאל'ען לאָזט מען זיי זיצען ביידע ביי דער לאַנטערן דאָ אויף דער באַנק אינצווייען, זיך זאָגען דאַרטען וואָס זיי דאַרפען.

— וואָס שאַקלען זיך די אידען? — פרעגט איין סאָלדאַט ביי'ם אַנדערען.

— לאָזען זיי זיך שאָקלען. — ענטפערט איהם דער אַנדערער. — ס'איז ביי זיי היינט אַ יום־טוב.

— „שאַבאַש“?

— ניין, נישט שבת, נאָר יום־טוב.

— וואָס פאַר אַ יום־טוב?

— שאַ, לאָמיר אַ פרעג טהון רחמיאל'ען אַליין. רחמיאל!

— טשעפּעט איהם נישט. — רופען זיך אָן די איבעריגע סאָלדאַטען. — די אידען דאַווענען, לאָזען זיי דאַווענען!

און ירחמיאל מיט ליבקען שאָקלען זיך וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער. זיי האַלטען שוין ביי „הלל“, און זיי זינגען מיט אַ ניגון: „הללויה! הללו עבדי ה' הללו את שם ה'“. און אַז עס קומט צום סוף קאַפּיטעל, ווערט איינער פון זיי אַ חזן, ירחמיאל געוויינטליך, און לאָזט־אויס מיט אַ ניגון און ציקעלט זיך: „מ ו ש י ב י ע ק ר ת ה ־ ב ־ י ־ י ־ ת א ם ה ב נ י ם ש מ ח ה ה ל ל ו ־ ו ־ י ־ ה!“

און ביידע, ירחמיאל מיט ליבקען, טראָגען זיך אַוועק מיט זייערע געדאַנקען ווייט, ווייט פון דאַנען. איינער קיין האָלאָנעשטי, צו טאַטע־מאַמע, שוועסטער און ברידער, און אפשר גאָר צו אַ כלה, אַ מיידעל מיט שוואַרצע צעפּ און מיט רויטע באַקען און מיט ווייסע ציינער; און דער אַנדערער קיין מאַלאָ־פערעשטשע־פּענע, צו ווייב און קינדערלעך. „אין האָלאָנעשטי — טראַכט זיך ליבקע — זיצט מען אויך אַצינד ביי'ם סדר, נאָר מע זיצט אַלע ביי'ם טיש, אויפ'ן טיש ליגען מצות, עס שטעהען כוסות מיט ראָזינקעס־וויין, אָדער מיט פּסח'יגען מעד, און מרור שטעהט גרייט

מיט חרוסת, און פיש וועט מען באַלד דערלאַנגען פרישע, געפּעפּ־
פערטע פיש, מחיה נפשות!" — און לייבקע צעלאָזט די נאַזלעכער,
עס דאַכט זיך איהם, אַז ער הערט אַ ריח פון פרישע געפּעפּערטע
פיש...

איך ירחמיאל'ס געדאַנקען זענען דאָרט אין דער היים, אין
מאַלאַ־פּערעשטשעפּענע, ביי זיין יונגער שענער פייגה'ן, וואָס זיצט
אַצינד מסתמא ביי'ם סדר ביי איהרע פאָטער און מוטער. מע
רעדט איהר אויס דאָס האַרץ, מע טרייסט זי, אַז ירחמיאל איז
איצטער ווייט, נאָר ער וועט, אם ירצה השם, קומען גיך צוריק.
לאָז נאָר ווערען שלום... אַזוי זאָגען איהרע פאָטער און מוטער,
ווילען זי איינרעדען, אַז מע שמועסט פון שלום. נאָר זיין
פייגה וויל נישט הערען. זי וויל זיך נישט טרייסטען. איבער
די קינדער, און איבערהויפּט איבער דעם קליינעם איציקעל, וואָס
אַז מע פרעגט איהם: „איציקעל, וואו איז דער טאַטע?" באַווייזט
ער מיט'ן קליינעם הענטעל אַזש אַהין, ווייט־ווייט, און זאָגט בשעת
מעשה: „טאַטע אַן־אַן־אַן!"...

און ירחמיאל, דער העלד פון קליין־פּערעשטשעפּענע, בויגט
זיך אַז אויסשנייצען די נאָז און ווישט־אויס אַ טרער, אַזוי אַז דער
חבר לייבקע פון האַלאַנעשטי זאָל נישט זעהען.

# אקדמות

א געזאנג לכבוד שבועות.

געשריבען אין יאהר 1904.

# אַקְדָמוּת

— א ק ד מ ו ת  מ ל י ן — עה איך הויב אָן צו רעדען, ו ש ר י ו ת  ש ו ת א — און באַגעהר צו שפּרעכען!... — אַזוי זינגט זיך גאַנץ געשמאַק אַ קליין אויסגעדאַרט אידעל, וואָס שטעהט מיט אַ געלען טלית איבער׳ן קאָפּ ביז׳ן שפּיץ יאַרמעלקע אין בית־המדרש צווישען מזרח־וואַנט און צווישען שפּיגעל־באַנק, נעבען אַ סטענדער, אויפגעהויבען בּיידע הענט, די אויגען פאַרגלאַצט אַרויף, שאָקעלט זיך מיט׳ן גאַנצען גוף, אַלע מאָל מיט אַ שפּרונג־אונטער און מיט אַ טענצעל, און דאָס געלע פאַרמעט־פּנים בעת מעשה לויכט איהם אַקעגען דער זון, וואָס קוקט־אַריין מיט איין שטראַהל דורכ׳ן אַפענעם פענסטער פון׳ם בית־המדרש, און דאָס איינציגע אַקאַציע־בוימעלע אויף דער שוהלגאַס, וואָס האַלט אין רעכטען בליהען, שיקט־אַריין אַ געשמאַקען זיסען ריח גלייך צו די אידען אין נאָז אַריין, ווי איינער רעדט: „שמעקט, אידישע קינדער, איהר אויך, פון מיינע בשמים און האָט אויך הנאָה פון גאָט׳ס וועלטעל“...

איהר ווייסט, ווער איז אָט דאָס אידעל, וואָס זינגט דעם „אַקדמות“ מיט אַזאַ חדוה, מיט אַזאַ התלהבות? ס׳איז יהושע־העשעל. איהר קענט איהם, איהר קענט איהם זעהר גוט. דאָס איז פון די אידען, וואָס איהר באַגעגענט זיי נאָר לויפענדיג, וואָס האָבען קיינמאָל קיין צייט ניט, תמיד זענען זיי פאַרהאָוועט אין פּרנסה. און זייער פּרנסה איז דאָך, משטיינס געזאָגט, ווינט. מע

לעבט פונ׳ם ווינט. פאר אזעלכע מענטשלעך איז די וועלט א יריד, און זיי זענען געקומען אהער אויפ׳ן יריד שמעקען, אויס־שמעקען, טאמער וועט מען עפּיס קאָנען ה א פּ ע ן... אזעלכע מינים סוחרים ווייסען אליין ניט, וואָס טהוען זיי דאָ אויפ׳ן יריד? זיי ווארפען זיך אויף אלסדינג, וואס סע קומט זיי פאר די אויגען, קויפען און פארקויפען מיד ליד, פארדיענט, דערלעגט — און אראפּ פונ׳ם מארק, א רענדעל אראפּ, א רענדעל ארויף — אבי אויסגעהאנדעלט זיך שען, חלילה נישט פארנומען קיין פרעמדס... אט אזא סוחר, אז ער חאפּט זיך אויף דעם לעצטען טאג פונ׳ם יריד און דערמאנט זיך, אז ער האָט גע׳פּטר׳ט וואו ער האָט גע־האט א גראשען, טהוט ער זיך א שמיר מיט דער האנט איבער׳ן פּנים פון אויבען אראפּ און א זאג צו זיך אליין: „האָבען מיר שוין, ברוך השם, אפּגע׳פּטר׳ט דעם יריד אויך; אצינד באדארף מען לויפען ערגיץ חאפּען א גמילות־חסד אויף צוריקוועגס“...

אט פון דעם מין יריד־לייט איז אונזער העלד יהושע־העשעל.

וואָס איז זיין געשעפט — ווייס איך ניט. דאכט זיך, א איד א מעקלער, א שליח, א שטיקעל שדכן. דאָס הייסט, ניט קיין שדכן פון די שדכנים, וואָס שרייבען בריוולעך און שלעפּען קערב־לעך, נאר גארנישט, אז עס מאכט זיך אמאָל אויספיהרען א שידוך — מהכתיתי, פאר וואָס ניט? ווער זאגט זיך דאָס אָפּ פון א זייטיגען רובעל? איך קען א סך דאמען, „אריסטאָקראַט־קעס“, וואָס אז זיי שמעקען־אָן ערגיץ א בחור געהט אַרום מיט א מיידעל און סע דאכט זיך זיי אויס, אז ס׳איז גלייך, ווארפען זיי אוועק אַלע געשעפטען און נעמען זיך צו דער ארבייט, טהוען אלסדינג, ס׳זאָל ווערען א שידוך; סע פארשטעהט זיך, זיי טהוען דאָס מעהר לשם מצוה, אדער דיפּלאָמאטיע, אדער פּשוט ווייל זיי האָבען ניט וואָס צו טהון... ניין, יהושע־העשעל איז ווייט פון אזעלכע זאכען; ער, אז ער פאלט אמאָל אויף א גלייכס, איז נאר צוליעב דעם, וואָס ער מיינט, טאמער וועט ער דאָ עפּיס חאפּען. אי, עס לאָזט זיך אויס א בּוידעם? ווארום דאָס, וואָס ער מיינט,

ס'איז גלייך ווי א סטרונקע, איז גאר קרום ווי א קאטשערע — וואס איז ער שולדיג? מסתמא איז זיין מזל אזוי. למאי מעקלעריי? פארהאן א סך מעקלערס דא אין שטאדט, אויך אזעלכע בריות ווי ער, פון דעסטוועגן, וואוהין זיי געהען אריין מאכען א געשעפט, מאכען זיי; און ביי איהם איז געמאכט און געמאכט און געמאכט, און צום סוף, עס קומט צו עפּיס, לאזט זיך אויס, אז עס הויבט זיך גאר ניט אן!... אהן מזל, הערט איהר, זאל מען גאר ניט געבוירען ווערען אויף דער וועלט. אליין וואלט מען נאך ווי עס איז איבערגעטראגען; איז אבער פארהאן א ווייב, קינדערלעך, וואס זענען גאט די נשמה שולדיג. א גליק, כלעבען, וואס יהושע־העשעל איז א איד, און א פרומער עהרליכער איד, וואס גלויבט אין גאט, וואס דיענט גאט, וואס האט ליעב גאט, ממש פארברענט, פארליעבט אין דער שכינה, ווי א חתן, וואס האט זיך פארליעבט אין דער כלה. דעריבער דאווענט ער אזוי געשמאק. קומט אין שוהל אריין זעהען, ווי יהושע־העשעל דאווענט! זעהען, ווי יהושע־העשעל דאווענט — איז, זאג איך אייך, א חיות. דאס איז ניט קיין געוועהנליכער דאוונען, ווי א איד, אשטייגער, שטעלט זיך אוועק און מאהלט ווי א מיהל, האט אין זינען בעת מעשה גאר וויים איך וואס: א קונה, א פריץ, א גמילות־חסד. ניין! יהושע־העשעל אז ער שטעלט זיך אוועק דאוונען, שטעלט ער זיך פאר, אז ער קומט מיט א ראפּארט צום רבונו־של־עולם, מיט א לויבעניש און מיט א געבעט אויף פרנסה, מיט א קלאגען זיך אויפ'ן גלות און מיט א חדוה, וואס ער איז א איד. א קלייניגקייט א איד! א איד, וואס האט מקבל געווען די תורה, ערשט היינט, אין דעם דאזיגען טאג שבועות!... שפּרינגט ער אונטער, קנאקט־צו מיט די פינגער, מאכט מיט די אויגען און שרייט, שרייט מיט קולי־קולות. די „אריסטאקראטען", די נגידים פון מזרח־וואנט, וואס דאוונען מיט איהם אין איין שוהל, קענען איהם שוין מיט זיין דאוונען און מיט זיינע משונה־ווילדע העויות: „שאט, שאט, זאגען זיי, דער גרייגער יהושע־העשעל האט זיך צע־

לאזט!" נאָר דער גרייגער יהושע־העשעל הערט זיי, ווי דעם פּאַראַיאַהריגען שניי: „דערויף איז דאָס אַ מקום קדוש, מע זאָל דאַווענען, ניט זיצען אויבען־אָן אויסגעסטראַצעלט, ווי די טאַקען, גלאַנצען מיט די גילדענע און זילבערנע עטרות פון די טליתים, אַריינקוקען בעת קריאת התורה כּלומרשט אין די חומשים און שטילערהייט רעדען צווישען זיך דברים בטלים"... און דערזעהט יהושע־העשעל, אַז אידען רעדען בעת דאַווענען, קאָן ער דאָס ניט סובל זיין, ווערט אין כּעס, פּאַטשט מיט די הענט איבער'ן סידור: „אי־אַ־נו!"... אַ מאָדנער איד אָט דער יהושע־העשעל. אַזוי איז ער, דאַכט זיך, אַ נכנע, אַ נעבאַכעל, אַ וואָרעם, וואָס לאָזט זיך טרעטען מיט די פיס, און קומט אין שוהל — אויס נכנע, אויס נעבאַכעל, אויס וואָרעם — איין עזות־פּנים, זאָל גאָט היטען! דאָ, אין שוהל, איז ניטאָ בּיי איהם קיין נגיד, קיין אַריסטאָקראַט; ער איז זיי מבטל כּעפרא דארעא, וואָרום אין אַ מקום קדוש זענען אַלע אידען גלייך. אייך דאָס פּנים ווערט דאָ בּיי איהם גאָר איין אַנדער פּנים: צי מחמת דער יאַרמעלקע מיט'ן טלית, וואָס אויפ'ן שפּיץ קאָפּ, צי מחמת גרויס חדוה פון זיין געליעבטער (די שכינה), וואָס ער זעהט זיך דאָ מיט איהר אַלע שבת און יום־טוב, ובפרט אַזאַ יום־טוב, ווי שבועות צו „אַקדמות", בּעת „ח י ל א ל ף א ל פ י ן — צעהן־טויזענטער, הונדערט־טויזענטער מלאכים, כּרובים און גלגלים קלויבען זיך צונויף פאַר'ן אַלמעכטי־גען און טהוען זיך הויבען מיט אַ געזאַנג און מיט אַ גרויס שאַלונג, ווי דאָס געשריי פון די געזאַמעלטע וואַסערען"... און יהושע־העשעל הערט דאָס דאַזיגע געזאַנג מיט'ן דאַזיגען שאַלען, און ער העלפט דעם חזן זינגען און שאַלען מיט אַ גרויס שאַלונג. און ער איז איבערצייגט, אַז ד אָ ר ט ע ן וועט ער זיצען אינאיי־נעם מיט אַלע עהרליכע אידען, וואָס זענען געקניפּט מיט גאָט'ס קרוין, ווי סע שטעהט אין „אַקדמות" בּפירוש געשריבען. און ער פיהלט, ווי ער זיצט אונטער דער חופּה מיט אַלע צדיקים דאָרט אין גן־עדן מיט גרויס תענוג ב ת כ ת כ י ד ה ב פ י ז א —

אויף גאָלדענע שטוהלען, און געהט זיך דורך מיט זיי אויפ'ן שפּאַ־ציער, און האָפּט אַ טענצעל מיט דער שכינה... אַ כּפּרה די גאַנצע וועלט מיט אַלע תענוגי־עולם, און אפילו מיט דער גוטער פּריי־שער מילכיגער סעודה, וואָס די נגידים וועלען היינט עסען נאָכ'ן דאַווענען! און יהושע־העשעל האָפּט אַ קוק מיט גדלות אויף די נגידים, די הולטאַיעס, וואָס אין מזרח־וואַנט, און עס קומט איהם פאַר די אויגען איינער אַ גראָבער, וואָס זיצט אויבען־אָן אין מזרח, אַ איד אַ נגיד מיט אַ גערייזירטער מאָרדע, מיט אַ שענעם ראָק און מיט אַ שווארצען קוימען אויפ'ן קאָפּ. מ אַ ר ק ו ס רופט מען איהם, אַ נייער נגיד, פון די נייע אויפגעקומענע נגידים, וואָס שפּרינגען־אַראָפּ פון אַ דאַך, ווי איינער רעדט: „גוט־מאָרגען, איך בין אויך דאָ!"... די דאָזיגע נייע אויפגעקומענע נגידים שפּרינגען איטליכען אין פּנים אריין, וואַרפען זיך, זשומען און זשווזשען און עסען זיך איין, ווי די פליעגען. זיי צוואַגען זיך אוים, פּוצען זיך אוים, טהוען זיך אָן מיט די ווייבער נאָך דער לעצטער מאָדע, לאָזען זיך קאָסטען געלט און קריכען אַהין, אַהין, צווישען די „אַריסטאָקראַטען", שטעלען־ארוים דאָס בייכעל און בלאָזען זיך. אינ'ם גרויסען אָרט קויפט דאָס אַ פּאַיעטאָן מיט ברענענדיגע פערד און קנאַקט איבער אַלע גאַסען, מע זאָל זעהען. אין טהע־אַטער געהט דאָס אין דער ערשטער שורה, האַלט־אוים קעפּס־ווייבער, שפּיעלט אין פּרעפּעראַנס, בויעט הייזער, קלינגט און טראַסקעט און פייפט מיט סכּנת־נפשות. אינ'ם קליינעם אָרט קויפט דאָס אַ שטאָדט אין מזרח, דעם ווייב — גרויסע פּערעל, יאָגט זיך נאָך שענע שידוכים, וויל זיך איינקויפען אין יחוס, זינדיגט בסוד, קיינער זאָל ניט וויסען, שפּיעלט אין אָקע און שענקט אַמאָל אַ גרויסע נדבה, מע זאָל פון איהם רעדען.

אָט פון דעם מין נייע אויפגעקומענע נגידים איז מאַרקוס.

פון וואַנען האָט זיך גענומען אַהער דער דאָזיגער מאַרקוס? — ווייסט קיינער ניט. דאָס הייסט, וויסען ווייסט מען איהם, נאָר אַז ער הייסט מאַרקוס — דאָס איז מען ערשט ניט לאַנג געוואָהר

געוואָרען. ביז ניט לאַנג האָט מען איהם גערופען: „דער איד פונ׳ם האַלץ", אָדער „דער הילצערנער". ער האָט זיך גערדעהט אַרום אינטענדאַנטסטוואָ, קאַזאַרמעס, אָפיציערען, צוגעשטעלט האָלץ און עפּיס נאָך... איצט האָט ער אַוועקגעוואָרפען די אינ־טענדאַנטסטוואָ, מיט די קאַזאַרמעס, מיט די אָפיציערען, איז גע־וואָרען אַ באַנקיר, אויף אונזער לשון הייסט דאָס פּשוט אַ בעל־הלואה, אַ פּראָצענטניק, אַ איד, וואָס לעבט זיך פון פּראָצענט, האָט ליעב אַ וועכסעלע, בטבע אפילו אַ גרויסער עם־הארץ, אַ וויל־דער גראָבער־יונג, נאָר ער איידעלט זיך, פיינט זיך אויס, ווי ווייט מעגליך, רייבט זיך צווישען לייטען, וויל זעהר איינרעדען די וועלט, אַז ער איז אַ טאַטענ׳ס אַ קינד, דערצעהלט מעשיות, אַז דאָרטען, ערגיץ ביי זיך אין דער היים, האָט ער קרובים גרויסע מיוחסים, לומדים, מופלגים, חאָטש אַלע ווייסען (און ער אויך), אַז ס׳איז שקר וכזב; ער האָט ניט אין ערגיץ ניט קיין קרובים, ניט קיין מיוחסים, ניט קיין לומדים, ניט קיין מופלגים. מע קאָן דאָס אַרויסזעהען נאָכ׳ן רויטען פּנים, חאָטש ס׳איז שוין איצטער פיינטשיק אַרומגעשאָרען, און נאָך די גראָבע קאָרענע הענט מיט די לעפּקע פינגער (איין פינגער איז ביי איהם איין אָפּגעהאַקטער, וואָס אויף דעם דערצעהלט מען אַ גאַנצע מעשה, נאָר מיר לאָזען עס דורך...).

אויך דאָס ווייב זיינס, די איצטיגע מאַדאַם מאַרקוס, אַ ני־דעריגע, אַ שוואַרצע, אַ גראָבע, מיט גראָבע שטאַרק־פאַרגרעבטע הענט, וואָס אַלע געדענקען נאָך, אַז זי איז אַמאָל געווען, ניט אויסגערעדט זאָל זיין, אַ דיענסטמיידעל, לענגט־איין די וועלט, פּויקט אין אַלע גאַסען, אַז זי שטאַמט פון זעהר אַ רייכער משפחה, פון גרויסע לייט, גבירים אדירים, חאָטש אַלע ווייסען (און זי אויך), אַז ס׳איז שקר וכזב; זי האָט נישט אין ערגיץ ניט קיין משפחה, ניט קיין גרויסע לייט, ניט קיין גבירים אדירים. מע קאָן דאָס אַרויסזעהען פון איהר אויפפיהרען זיך אין מאַרק ביי די ווייבער, אין קיך ביי די דיענסטען, און בעת זי רעכענט זיך מיט׳ן

קצב פאר פלייש. זי האט פיינט, זאגט זי, „אזעלכע“ חשבונות. זי וועט ניט דערלאזען, זאגט זי, מע זאל איהר צורעכענען אפילו א לויט פלייש. אזוי לאנג, אזוי ברייט, ביז זי רייסט־אפ ביי איהם עטליכע פונט — און דעמאלט איז זי שוין רוהיג. און פון דעסטוועגען, אוי־אוי־אוי, האט מען פאר זיי דרך־ארץ און מע גיט זיי אפ כבוד! ווארום ווען טהוט זיך עס נויטיג ארויסשפרינגען קעגען א נגיד, זיין א שייגעץ? ובפרט איין ארעמאן, ובפרט א מעקלער, ובפרט אזא מעקלער, ווי יהושע־העשעל, וואס געהט צו איהם אפטליך אריין, נישט מחמת גרוים ליעבשאפט, נאר טאקי צוליעב דעם, וואס די נויט טרייבט איהם. ער מיינט, א קשיא אויף א מעשה, טאמער וועט ער מאכען ביי איהם א מאל א שטי־קעל געשעפט. אמת, ניט אזוי גרינג מאכט מען ביי מארקוסען א געשעפט. מארקוס איז א שווערער פארשויז, א הארטער ביסען! דאס הייסט, אזוי איז ער אפילו נישקשה, א צוגעלאזט מענטשעל; אז מע קומט צו איהם אריין, בעט ער זיצען, איז מכבד מיט א פאפיראס, נאר געבען פארדיענען יענעם א קערבעל — דאס לא. שווער, שווער, כקריעת ים־סוף! זינט מארקוס איז א נגיד און יהושע־העשעל איין ארעמאן, האט ער נאך כמעט נישט געפרובט פארדיענען דורך איהם א קערבעל. א שווערער נגיד, א הארטער. אוי, א הארטער ביסען!

און יהושע־העשעל, זינגענדיג אינאיינעם מיט'ן חזן און מיט'ן איבעריגען עולם דעם „אקדמות“, חאפט א קוק אויף מארקוסען מיט דער אונטערגעשארענער שווארצער מארדע, מיט'ן געפאקטען בייכעל און מיט'ן הויכען שווארצען קוימען אויפ'ן קאפ, און טראכט זיך: „דא ביזט דו טאקי ביי זיך גרויס, אנגעבלאזען... דערפאר אבער דארטען! דארטען! מ נ ת ד י ל ז — אונזער גאב, וואס גאט האט אפגעשיידט פאר אונז נאך פון ווייס איך ווען אן... אמת, די גוטע געשמאקע מילכיגע סעודה היינט וועט טאקי עסען מארקוס, און מיט דער גוטער פרישער געשמאקער קאווע מיט פוטערגעבעקס וועט טאקי פארטרינקען מארקוס. און

איך וועל געפינען הלואי א גלעזעל ציקאריע, חאטש מיט איין אייערקיכעל ס'זאל זיין פאר די קינדער נעבאך; פון פיש מיל־כיגע, געפרעגעלטע אין פוטער, רעד איך שוין ניט, און בלינצעס מיט קרעפלעך מיט לאקשען מיט מילך — דאס האט מארקוס, ניט איך... דערפאר אבער דער לויתן מיט'ן שור־הבר דארטען! דארטען!... ט ל ו ל א ד ל ו י ת ן — די פרייד פונ'ם לויתן און פונ'ם ווילדען אכס דעם שור־הבר, בעת זיי וועלען האלטען מלחמה פאר די צדיקים אין די אויגען, בכדי זיי, די צדיקים, זאלען קוקען און קלויבען תענוג, ווי דער שור־הבר וועט דעם לויתן שטויסען מיט די הערנער, און דער לויתן וועט צאפלען אקעגען איהם מיט די פליספעדערען, דעמאלט וועט צוגעהן הקדוש־ברוך־הוא אליין, בכבודו ובעצמו, מיט זיין גרויסען שווערט, און וועט זיך מטריח זיין אנגרייטען א שענע גרויסארטיגע סעודה פאר זיינע ליעבע טייערע געטט, וואס האבען זיך עוסק געווען אין זיין תורה, איהם געלעגט תפילין און געלייענט קריאת־שמע"...

אזוי זינגט יהושע־העשעל, זינגט, שרייט גלייך מיט'ן חזן, וויל, אפנים, פארזינגען דעם יצר־הרע, פארשרייען דעם הונגער. עס חלש'ט איהם רעכט דאס הארץ נאך פון נעכטען; געווען אויף א גאנצע נאכט איבער'ן תקון־שבועות, און גאנץ פריה אוועק אין וואסער, און פון דארטען גלייך אין שוהל אריין פריהער פון דער גאנצער וועלט, אויסגעהערט פון א פאר מענטשען חכמים א שפאס: „וואס איז די מעשה, רב יהושע־העשעל, וואס איהר האט זיך היינט אזוי געפעדערט? אפנים, צוליעב דער מילכיגער סעודה?"... נאר וואס הערט ער זיי? יהושע־העשעל איז שוין געוואוינט געוואר־רען צו אזעלכע זאכען. אלע, ווער ס'האט גאט אין הארצען, האבען ליעב זיך מאכען א שפאס מיט יהושע־העשלען, און מעהר פון אלעמען טאקי אלץ דער אייגענער מארקוס. אלע מאל, ווען ער קומט צו מארקוסען, טהוט איהם מארקוס א פרעג, אויף א קאטאוועס געוועהנליך, אט אזוי, אשטייגער:

— נו? ווי איז אייך נעגאנגען דער שבת?

אָדער:

— ווי איז אייך געגאַנגען פּסח צו די סדרים?

אָדער:

— ווי אַזוי איז אייך אָפּגעלאָפן דער סוכּות אין סוכּה?

אָדער:

— האָט איהר געהאַט פּורים אַ פריילינע סעודה?

אויף אַזעלכע זאַכען ענטפערט יהושע־העשעל, געוועהנליך, גאָרנישט; ער ווייסט, אַז ס'איז גלאַט אַזוי, אַ שפּאַס. דעם נגיד איז גוט אויפ'ן הארצען, טרייבט ער קאַטאַוועס. ענטפערט דערויף יהושע־העשעל נאָר מיט אַ שמייכעלע: חע־חע. געפעלט דאָס מאַרקוסען, איז ער איהם מכבּד מיט אַ פּאַפּיראָס, רוקט איהם אונטער אַ גלעזעל טיי:

— טרינקט, רב יהושע־העשעל, נעמט צוקער, אַט שטעהט.

— אַ דאַנק, — זאָגט יהושע־העשעל, און עס געהט איהם גיט איין דאָס גלעזעל טיי; ער דערמאַנט זיך, פאַרשטעהט איהר, אַז דאָרט, אין דער היים ביי איהם, זענען פאַרהאַן בעלנים אויף טיי, קיין עין־הרע, געננג בעלנים, וואָס וואָלטען זיך מחיה געווען, ממש זיך דערקוויקט מיט אַ גלעזעל וואַרעמס — איז ניטאָ. פאַרהאַן דוקא אַ סאַמאָוואַר, נאָר קיין טיי און צוקער איז ניטאָ. און פון וואַנען זאָל זיין? פון דעם, וואָס מאַרקוס האַלט איהם אָפּ דריי זייגער־שעה, וויל, מע זאָל איהם דערצעהלען נייעס: „וואָס הערט זיך עפּיס אין שטעדטעל?" צי פון דעם, וואָס דאָס ווייב מיט די עלטערע מיידלעך פאַרדיענען קוים אַנדערהאַלבען גילדען אַ טאָג פאַר צוויי לייבעלעך? זיי האָבען זיך אויסגעלע־רענט נעהען לייבעלעך, זיצען זיי און אַרבייטען גאַנצע טעג, נע־הען זיך אָפּ די פינגער און נעמען אַנדערהאַלבען גילדען פאַר אַ פּאָר לייבעלעך. גוט איז נאָך, אַז ס'איז דאָ לייבעלעך! וואָס טהוט מען, אַז ס'איז קיין לייבעלעך אויך ניטאָ? הונגערט מען. דאָס הייסט, מע לעגט זיך שלאָפען מיט אַ לעדיגען, ניכטערען מאָגען. און אַז גאָט העלפט, איז מאָרגען אויך אַ טאָג און מע קאָן מאָרגען וויע־

דער הונגערען — און, זייט זיכער, קיין בן־אדם, קיין פויגעל וועט דערפון נישט וויסען. יהושע־העשעל איז ניט אזא מענטש, וואס זאל דערצעהלען התנצלות, זיך קלאגען. און ווער שמועסט, בעטען? ער זאל וויסען, חלילה, שטארבען! שטארבען!... בקיצור, יהושע־העשעל איז פון די ארעמעלייט, וואס געהען זיך אוים שטילערהייט, שא, אהן גוואלדעניש, אהן געפילדערען. עס קרעהט ניט אויף זיי, ווי מע זאגט, קיין האהן אפילו... פארהאן, פארהאן ביי אונז, צווישען די קינדער ישראל, א סך אזעלכע יהושע־העשעלס — איהר מעגט מיר גלויבען אויף מיינע הייליגע נאמנות, איך קען זיי, איך בין מיט זיי גוט באקענט... א גליק, כלעבען, וואס יהושע־העשעל איז א איד, און א פרומער עהרליכער איד, וואס גלויבט אין גאט, וואס דיענט גאט, וואס האט ליעב גאט, ממש פארברענט, פארליעבט אין דער שכינה, ווי א חתן, וואס האט זיך פארליעבט אין דער כלה. דעריבער זינגט אזוי געשמאק יהושע־העשעל גלייך מיט'ן חזן און האט באצייטענס הנאה פון די גוטע זאכען, וואס שטעהען דארט אנגעגרייט פון די ארעמעלייט'ס וועגען: „נגידין קמיהון — עס וועלען זיך ציהען דארטען פאר זיי גאנצע טייכען פון באלזאם־עהל, ומתפנקין — און זיי וועלען זיך אנזעפטיגען און אנזעטיגען מיט אלע גוטע זאכען און מיט יענעם גוטען אלטען זיסען וויין, וואס שטעהט דארטען אנגעברייט פון זייערטוועגען אין קעלטער נאך מששת ימי בראשית“...

אט אזעלכע מינים ליעדער זינגט זיך יהושע־העשעל שבועות מיט נאך א סך אידען, אזעלכע שלים־מזל'ען, ווי ער, הויבט־אויף ביידע הענט ארויף, מאכט־צו די אויגען, שאקעלט זיך מיט'ן גאנצען גוף, שפרינגט־אונטער מיט א טענצעל, און טראגט זיך אריבער מיט לייב און לעבען אהין, אהין, אין איין אנדער וועלט פון גאלע ליטערקייט, פון גאלע גוטסקייט, פון גאלע אייביגקייט, א וועלט, וואו ס'איז נישטא קיין קבצנים, קיין נגידים, קיין אויפגעקומענע קליינע מענטשעלעך מיט ווייסע מאנישקעס און אונטער

זיי אייזערנע שטיינערנע הערצער, קיין נאַרישע גראָבע תאוות, קיין צרות, קיין דחקות, קיין דאגת פרנסה, קיין מעקלערס, קיין שדכנים, קיין צער גידול בנים, קיין קנאה, קיין שנאה... און ער וואַרפט־אַראָפּ פון זיך דעם גאַנצען לבוש פון דער וועלט, און ער טהוט זיך אויס פון דער היגער וועלט, וויל פאַרגעסען, פאַרגעסען, ניט הערען, ניט זעהן וואָס אַרום איהם טהוט זיך, באַהעפט זיך אַצינד מיט זיין געליעבטער, מיט דער שכינה. ניט זיין עסק, וואָס דאָ אַקעגען איהם שטעהען זאַטע צופריעדענע מענטשלעך מיט פעטע אויסגעפּאַשעטע בייכלעך. ניט זיין עסק, וואָס דאָ קוקט־אַריין די זון מיט איין שטראַהל דורכ'ן אָפענעם פענסטער פונ'ם בית־המדרש, און דאָס איינציגע אַקאַציע־בוימעלע אויף דער שוהל־גאַס, וואָס האַלט אין רעכטען בליהען, שיקט־אַריין אַ געשמאַקען זיסען ריח גלייך צו די אידען אין נאָז אַריין, ווי איינער רעדט: „שמעקט, אידישע קינדער, איהר אויך פון מיינע בשמים און האָט אויך הנאה פון גאָט'ס וועלט"...

שאַט נאָר, שאַט! אין דער מינוט זאָלט איהר מיר נישט אָנריהרען מיין יהושע־העשלען. איהר זאָלט איהם ניט זאַטשעפּען! איהר זעהט דאָך, אַז ער איז ניט בהאי עלמא, אַז ער איז היינט נ י ש ט ק י י ן ה י ג ע ר, ער איז גאָר נישטאָ! ער איז גאָר דאָרטען, ווייט־ווייט פון דאַנען, ערגיץ ביי זיין געליעבטער, ביי דער שכינה...

נישטאָ יהושע־העשעל, נישטאָ איהם היינט!

# דער סדר

א בילד.

געשריבען אין יאהר 1906.

# דער סדר

שפאק, מייזעל און „דאס קינד“ האבען אלע דריי געמיטעט איין צימער אויף דער גרויעפערעלשטראססע און האבען אפגעצאהלט פאר א גאנצען חודש פריהער. דער חסרון, וואס דער חודש איז שוין אט־אט אויף דער נאז, און אט־אט קומט דער „פארטיע“, א גראבער דייטש מיט א פארשמאלצענעם קאפטאן און מיט א בלויער נאז, וואס זעהט־אוים ווי א יוינטערדיגע קארטאפלי, און דערמאנט די „גנעדיגע הערען“ מיט א שענעם „גוט מאיען“ און מיט א „קיססע די האנד“ און מיט איין „ערגעבענסטער דיענער“, אז זיי זאלען מוחל זיין באצאהלען פאר א חודש פריהער, — און דער דייטש זאל אזוי האבען די בלויע נאז, וואס זעהט־אוים ווי א ווינטערדיגע קארטאפלי, אויב זיי האבען אפילו א קרייצער ביי דער נשמה. געוועזן ביי׳ם „קינד“ א גולדען מיט צוואנציג, האט מען געקויפט א פאר צעהנדליג מצות, א האלב קילא ווארשטלעד כשר לפסח, עטליכע געבאקענע אייער און אין א פלעשעל פון מילך עפים א מין משקה, וואס שטעהט אינ׳ם מיטעלפונקט צווישען עסיג און בארשט און וואס טאמער מאכט מען דערויף „בורא פרי הגפן“ — איז דאס געווים ארויסגעווארפען, א ברכה לבטלה.

— זעה נאר, ער איז שוין פארטיג מיט׳ן סדר! — רופט זיך אן שפאק, א בחור מיט א געל מעשען פנים און מיט א שארפער ארויסגעבויגענער נאז, מיט א הויכען ווייסען שטערן און מיט לאנגע פארוארפענע האר ארויף.

— ווי קאָן זיך אַ „קינד“ באַגעהן אָהן אַ סדר? — ענט־פערט איהם אָפּ מייזעל, אַ בחור דוקא אַ שוואַרצער און דוקא מיט אַ פּרישטשעוואַטע פּנים און מיט אַ שטאַרק־אָפּגעשאָרענעם קאָפּ, וואָס דורך די שיטערע הערלעך זעהט זיך אַרויס אַ רויטער פאַר־שוויצטער שאַרבען.

דער, וואָס מע רופט איהם „דאָס קינד“, אַ בחור'על אַ יונגס, אַ שענס, מיט אַ שמאָל ווייס פּנימ'על, בלוט און מילך, מאַכט זיך נישט דערפון, בעט־אויס דעם טיש מיט אַ פרישען בלאַט „אַרביי־טער־צייטונג“, לעגט־אויס די מצות, די אייער, די וואָרשטלעך־כשר־לפסח מיט'ן ביסעל משקה, וואָס איז אַ ספק עסיג אַ ספק באָרשט, הויבט־אויף דעם קאָפּ, קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטען:

— וואו נעמט מען כוסות?

— כוסות? לאָז חאָטש זיין איין כוס! — אַזוי זאָגט שפּאַק, און מייזעל גיט־צו:

— מע וועט אַ ברירה זאָגען טרינקען פונ'ם פלעשעל. ווער מאַכט קידוש?

— איך! — זאָגט שפּאַק און נעמט זיך צום פלעשעל און וויל געבען אַ זופּ — און בלייבט שטעהן און גיט־איבער דאָס פלעשעל מייזלען. — ווייסט דו וואָס? מאַך דו.

— האָסט מיך דער'הרג'עט מיט אַ קניש! — מאַכט מייזעל און נעמט דאָס פלעשעל ביי שפּאַקען און טראָגט דאָס צו צום מויל און בלייבט שטעהן. — שאַ, ווייסט איהר וואָס? לאָמיר וואַרפען גורל.

— וואָס טויג אייך וואַרפען גורל? אַמעהר, גיט אַהער מיר, וועל איך מאַכען קידוש. — אַזוי זאָגט דער, וואָס מע רופט איהם „דאָס קינד“, און נישט לאַנג געטראַכט, נעמט ער דאָס פלעשעל אין האַנט, טהוט־אָן דאָס היטעל, שטעלט זיך אַוועק און הויבט־אָן דעם פּסח'יגען קידוש מיט'ן יום־טוב'דיגען ניגון: „סברי מרנן ורבנן ור־בו־תי“...

ביידע חברים, שפאַק און מייזעל, בלייבן שטעהן פאַרגאַפט, קוקען איינס אויפ'ם אַנדערע, און אַז דער, וואָס מע רופט איהם „דאָס קינד", האָט געענדיגט דעם קידוש, אויסגעלאָזט דעם „לזמן הזה־ה־ה", רייסט־אַרויס שפּאַק ביי איהם דאָס פלעשעל פון די הענט, קעהרט דאָס איבער, טהוט אַ צוויי־דריי חלעפּטשע און גיט דאָס איבער מייזלען מיט די ווערטער:

— נאַ, פאַרדיען אויך אַ מצוה. טרינק אויך פונ'ם פּסח'יגען קידוש!

דער, וואָס מע רופט איהם „דאָס קינד", איז דערפאַר נישט ברוגז, ענטפערט נישט דאָס צווייטע וואָרט; אדרבה, ער שמייכעלט, די בעקלעך פלאַמען איהם, נאָר די אויגען זיינע, די שוואַרצע טרויעריג־פאַרטראַכטע אויגען, זאָגען: „איהר זענט חזירים!"...

— ווער וועט פרעגען די קשיות? — זאָגט שפּאַק, און מייזעל ענטפערט איהם:

— וואָס הייסט ווער? געוויינטליך, „דאָס קינד".

און אַלע דריי חברים צעלאַכען זיך.

# נישטאָ קיין נייעס

צוויי לשנה־טובה־בריוולעך:

א) וואס א שניידער פון אמעריקע שרייבט צו זיינעם א פריינט אין דער היים.

ב) וואס א שניידער פון דער היים שרייבט צו זיינעם א פריינט אין אמעריקע.

געשריבען אין יאהר 1907.

# נישטא קיין נייעס

א.

מאי דיר פרענד  י ש ר א ל י ק!

לשנה טובה תכתבו ותחתמו, דו מיט דיין ווייף און מיט דיינע טשילדרען, איהר זאלט זיין אללרייט מיט כל ישראל, אמן.

מיר האבען גרויס טראבעל פון דעם, וואס דו שרייבסט אונז ניט קיין לעטערס, ווארום זינט עס האבען זיך אנגעהויבען ביי אייך די רעוואלושאן מיט דער קאנסטיטושאן מיט די מעסעקרעס, געהען מיר ארום דיסאפאינטעט, ממש אהן קעפ. אויב דאס, וואס אונזערע פייפערס שרייבען, איז ניט קיין בלאף, האט מען שוין באדארפט אוועקלעגען ביי אייך א האלבע וועלט. אלע טאג הערען מיר פון אייך איין אנדער סענסיישאן. נעכטען האב איך געלייענט א קייבעל, אז מיסטער קרושעוואן, דעם פרעזידענט פון דער פערטער דומע, האט מען געהאנגען, — שרייב מיר, צי ס'איז אמת? און פון דיינע ביזנעס זאלסט דו מיר שרייבען, צי דו ארבייטסט אין א שאפ, אדער דו ביזט א באס פאר זיך? און וואס מאכט דיין חנה־ריקעל? און וואס טהוט הערשעל? און מיין קאזין ליפא וואס מאכט? און יוסיל העניכ'ס? און בענצי מיט רחל'ען? און זלאטקע? און מאטעל? און די איבעריגע אפרייטארס וואס מאכען? און צי טראכסט דו וועגען אריבערמופען קיין אמעריקע? אלסדינג זאלסט דו מיר ארויסשרייבען אין דיין לעטער. און וועגען מיר וואס זאל איך דיר שרייבען, מאי דיר פרענד? איך בין אללרייט, און מיין ווייף איז אללרייט, און מיינע טשילדרען זענען אללרייט. דאנקען גאט, מיר מאכען דא אלע א

לעבען. מיר אַרבּייטען שווער און ביטער, אָבער מיר מאַכען אַ
לעבען. קיין געלט סייפען מיר ניט, נאָר מיר פאַרנעמען צוויי
רומס מיט אַ קיטשען. אַ גאַנצען טאָג אַרבּייטען מיר, און ביי־
נאַכט געהען מיר אַרויס אויף פּלעזשור, אָדער אויף אַ מיטינג פון
סאָשעליסטען, אָדער פון זייאָניסטען, אָדער גאָר אין אידישען טי־
איטער. דאָס גאַנצע לעבען ווערט מען טאַקי פאַרשוואַרצט, דער־
פאַר זענען מיר אָבער פריי, און איך קאָן מיר זיין אַ מעמבּער אין
וואָס פאַר אַ סאָסייטי איך וויל, און אַז איך וויל, ווער איך אַ סי־
טיזען און ווער צוגעלאָזט צו עלעקשאָן. איין זאַך געהט אונז דאָ
ניט אָיין — די היים. אוי, בּענקט זיך אַהיים! מיין דזשעני
(זי הייסט שוין מעהר ניט בּלומע, נאָר דזשעני) לאָזט מיך ניט
עטעמען. זי טרייבּט מיך, מיר זאָלען פאָהרען קיין ראָשע אויף
קבר־אָבות. זאָלסט אָנקוקען איצט מיין דזשעני, וואָלסט דו זי
ניט דערקענט. אַ ליידי מיט אַ העט און מיט גלאָווס. איך שיק
דיר דאָ די פּיקטשור פון מיין דזשעני מיט מיין פעמעלי. וואָס
זאָגסט דו אויף מיין עלטערען בּאָי? דאָס איז מאָטעל. מאָיק
הייסט ער שוין אַצינד. ער איז אָללרייט. ער אַרבּייט אין אַ פעק־
טאָרי און פאַרדיענט פון צעהן בּיז צוועלף דאָלאַר אַ וואָך. ער
זאָל ניט געמבּלען, וואָלט ער גאָר געווען אָללרייט! דער אַנדע־
רער, דזשעק, איז געווען פריהער בּיי דער אַרבּייט; היינט האָט
ער זיך צוגעלערענט אַ בּיסעל ענגליש און איז אַ בּוקקיפּער אין אַ
בּאַרבּער־שאָפּ. דער דריטער ממזר, בּענדזשאַמין, דיענט אין אַ
סאַלון. קיין ווידזשעס נעמט ער ניט, נאָר ער בּרענגט אַהיים
אַמאָל זעכס דאָלאַר און אַמאָל אַכט. דער פערטער, דער בּאָיטשיק
וואָס מיט'ן היטעלע, איז אַ גוטער לויפער, וויל ניט געהן אין
סקוהל, ליגט טאָג ווי נאַכט אין סטריט און שפּיעלט אין בּאָל.
די מיידלעך אַלע בּיי מיר זענען אויך אָללרייט. זיי אַרבּייטען אין
די שעפּער און האָבען שוין געלט אין די בּענק. דער חסרון, וואָס
מע קוקט זיי ניט אָן אין די אויגען. זיי געהען *ווען* זיי
ווילען און *וואוהין* זיי ווילען און *מיט וועמען*

זיי ווילען. אַמעריקע איז אַ פריי לאַנד. מע טאָר ניט זאָגען יענעם קיין דעה, אפילו איין אייגענער טאָכטער. אַט, צום ביי־שפּיעל, מיין עלטערע טאָכטער, חיה האָט זי געהייסען, אַצינד הייסט זי שוין פרענסים, — האָב איך מיט איהר געהאַט אַ דזשאָב! זי האָט זיך פאַרליעבט און חתונה געהאַט אָהן מיין ווּיסען מיט אַ פוסטען באַי, פון די, וואָס באַלאַנגען צו די פּיק־פּאָקעטס. ער איז אַנטלאָפען פון די האַוז אָף רעפיודזש, און איהר האָט ער דערצעהלט, אַז ער איז אַ באַוואוסטער קלאָדהינג־מאַנופעקטשורער און אַ ריעל־עסטייטניק. לסוף האָט זיך אויס־געלאָזט, אַז ער איז אַ ביגאַמיסט. ער האָט זיין אייגענם סך־הכל דריי ניט־קיין־געגט'ע ווייבער! איך האָב געהאַט גענוג טראָ־ראַטעט אַ פּאָשקאַרט־פּעדלער און איז אָללרייט. די איבעריגע טעכטער מיינע זענען נאָך ניט אויסגעגאַנגען, און אַז זיי ווילען אויסגעהן, ווילען זיי אויך ביי מיר ניט פרעגען. אַמעריקע איז אַ פריי לאַנד, יעדער אַטענדעט זיינע ביזנעס, ווי ער פאַרשטעהט — און דאַטס אָלל! האָב איך דיר אַרויסגעשריבען, מאַי דיר פרענד, אַלסדינג, וואָס ביי מיר טהוט זיך, און איך בעט דיך, דו זאָלסט מיר, למען השם, באַלד אָפּענטפערען מיט אַ לעטער אויך פון אַלס־דינג, וואָס ביי דיר טהוט זיך. און לאָז גריסען איטליכען באַזונדער גאָר פריינטליך, און איך ווינש אייך נאָך אַ מאָל אַ כתיבה וחתימה טובה. גוד באַי!

פון מיר דיין בעסט פרענד

ד ז ש י י ק א ב (אַמאָל געוועזן יענקעל).

## ב.

טייערער פריינט י ע נ ק ע ל!

דיין לשנה־טובה־בריעף האָב איך פאַלוטשעט פּונקט ערב־ראש־השנה, און איך דאַנק דיר זעהר פאַר דיין ליעבען בריעף, און

איך ווינש דיר דעם זעלבען לשנה טובה תכתבו ותחתמו. געב גאָט צו זעהען זיך מיט פריילינע הערצער, אמן. אצינד קום איך דיר ענטפערען אויף דיין בריעף. ממה נפשך, שרייבסט דו שוין יאָ איין מאָל אין צוויי יאָהר א לשנה־טובה־בריוועל, טאָ שרייב שוין, ווי א מענטש! ווער איז דאָס אביאַזאַן צו פאַרשטעהן, וואָס הייסט דאָס: לעטער, פייפער, פיק־טשור, בלאָף, וכדומה אזעלכע ווערטער? היינט שרייבסט דו, מע זאָל דיר שרייבען און שרייבען. וואָס זאָל איך דיר שרייבען? נישטאָ קיין שום נייעס. ס'איז איצטער, דאַנקען גאָט, שוין בלאָ־האָפאָלוטשנע ביי אונז. די נגידים מאַכען גוט, ווי אַלע מאָל, און אָרעמעלייט שטאַרבען פון הונגער, ווי אומעטום. מיר, בעלי־מלאכות, זיצען אָהן א שטאָך אַרבייט. פאַר איין זאך זענען מיר, ברוך השם, אָבגעזאָפּעטשעט — פאַר א פּאָגראָם. מיר האָבען שוין פאַר א פּאָגראָם כלל קיין מורא ניט. מחמת ס'איז שוין געווען, און צוויי מאָל „אודך" — דאָס איז א זאַך, וואָס קאָן זיך טרעפען נאָר איין קעשענעוו. דער פּאָגראָם איז געווען ביי אונז אפילו שפּעטליך, נאָר דערפאַר האָבען מיר געהאַט א פּאָגראָם מיט אַלע פּליטערלעך. בקיצור, קיין סך שרייבען וויל איך דיר ניט און קאָן ניט און האָב ניט וואָס צו שרייבען. איך קאָן דיר נאָר מעלדען, ליעבער יענקעל, איין זאַך: איך לעב! איך האָב זיך געזעהען מיט'ן מלאך־המות דריי מאָל — נאָר בלאָטע! ווי זאָגט געצי דער דאַמסקער שניידער — געדענקסט איהם? — „מי ברעש ומי במגפה — אַז ס'איז באַשערט מוטשען זיך, שענקט גאָט דאָס לעבען"... מיר האָט נאָר ווען געטהאָן דאָס האַרץ פאַר מיין ווייב און פאַר מיינע קינדער, האָב איך זיי אווע־געשיקט לעזאזל, זיי האָבען זיך גאַנץ פיין פאַרקלויבען צו א גוטען גוי אויפ'ן בוידעם און זענען דאָרט אָפּגעלעגען בכבוד צוויי טעג מיט צוויי נעכט, חלילה נישט געגעסען, נישט געטרונקען, נישט גע־שלאָפען, און ערשט העט אויפ'ן דריטען טאָג, אַז ס'איז שוין ניט געווען וואָס צו ראַבעווען און ווען צו שלאָגען, איז געוואָרען

ביי אונז, דאַנקען גאָט, בלאַהאָפּאָלוטשנע; איז מען פּאָוואָלינקע אַראָפּ פון די בוידעמער אַלע בשלום, און עס האָט, ברוך השם, פון אונזער סעמעיסטווע קיינעם ניט געשאַדט, אחוץ ליפּאַ, וואָס איז גע׳הרג׳עט געוואָרען מיטביידע זיהן, נח און מלך — גילדענע צוויי אַרבייטער, און אחוץ משה־הערשען, וואָס מע האָט איהם, מחילה, אַראָפּגעלאָזט פונ׳ם בוידעם, און פּערעל דבורה׳ס האָט מען שוין שפּעטער געפונען אַ טוידטע, טאַקי ביי זיי אין קעלער, און אַ ברעקעל קינד איהרס (רייזעלע) האָט מען געפונען ביי דער ברוסט... קרוגאָם, שוין מיט קליינע קינדער, זענען פון אונזער סעמעיסטווע, הייסט עס, גע׳הרג׳עט געוואָרען סך־הכל זיעבען... נאָר ווי זאָגט געצי: „גם זו לטובה — עס קאָן נאָך זיין ערגער; בעסער האָט קיין שיעור ניט"... אויף הערשלען פרעגסט דו? זיי רוהיג. ער זיצט שוין העכער אַ האַלב יאָהר איינער אַליין אָהן אַ קנעלונג אין טורמע. פאַר וואָס? מסתמא דערפאַר, וואָס ער האָט געקוקט, ווי כהנים דוכנ׳ען... ס׳איז אַ סברה, אַז מע וועט איהם געבען אַ פיינעם כיבוד: אָדער מע וועט איהם הענגען, אָדער מע וועט איהם שיסען; דאָס וועט שוין זיין, ווי זיין גליק וועט שפּיעלען, מחמת צו אַלסדינג, זאָגט געצי, באַדאַרף מען האָבען מזל. למשל, אָט איז יוסיל העניכ׳ס געשטאָרבען נאָך איידער מע האָט איהם געבראַכט אין טורמע אַריין... ווייטער איז ניטאָ קיין שום נייעס דיר צו שרייבען. נו, און אויף נחמיה דעם סטאָלער׳ס זוהן, לייב, פרעגסט דו גאָרניט? געדענקסט איהם? געווען אַ גאָרנישט מיט אַ נישט, איאָ? „לייב־דרייב־אַבדיריק" — האָט מען איהם גערופען. היינט ליגט ער, ווי אַ גראַף, אין פּעטראָפּאַוולאָווסקע קרעפּאָסט. זעהסט דו, אויף וועמען ס׳איז יאָ אַ רחמנות נעבאָך? אויף זלאַטקען. זי, זאָגט מען, איז געריהרט פאַר צרות... אַ קלייניגקייט — פאַרלירען אין איין וואָך צוויי קינדער! און אברהם משה׳ס זוהן איז שוין איצט אודאי אין אַמעריקע. אַז דו וועסט איהם זעהען, זאָלסט דו איהם לאָזען גריסען און זאָגען, אַז זיין טאַטע איז אַ מאַלאָדיעץ: ער איז געשטאָרבען נאָך פאַר דער

קאָנסטיטוציע! און מאַטעל אונזערער איז גלאַט פאַרפאַלען גע־
וואָרען, מע ווייסט ניט וואו ער איז... עס זענען אַט אַזוי אַ סך
איטשעזנעט געוואָרען, מע ווייסט ניט וואו זייער געביין איז
אַהינגעקומען... אַ סך זענען זיך צעלאָפען, אַ סך זענען גע'הרג'עט
געוואָרען און אַ סך רוהען זיך אױס אין די טורמעס, שפּאַציערען־
אַרום אין סיבירער 'שנייען, אַרבייטען מיט דער טאַטשקע — נאַר
וועמען הערען זיי? חברה האָבען זיך איינגעשפּאַרט איין מאָל פאַר
אַלע מאָל: אָדער קאָנסטיטוציע, אָדער אַ קרענק! קיין חכמות
געהט ניט אָן ביי אונז, בעלי־מלאכות, ווי זאָגט געצי: „ל א
מ ע ו ק צ ד ו ל א מ ד ו ב ש ד — זיי מיר ניט קיין פעטער
און נעה מיר ניט קיין שטיוועל“... אַ מאָדנער מענטש אָט דער
געצי: איין זוהן האָט מען איהם אַוועקגעלעגט אין דער מלחמה,
דער אַנדערער — זיצט, און אַליין איז ער אויך אויף צרות, נאַר
קומט צו אַ גלייכוועדטעל אָדער אַ פּסוק, חאַפּט איהם אַוועק דער
רוח!... און וויטער איז ניטאָ מעהר קיין נייעס צו שרייבען.
ס'איז, דאַנקען גאָט, בלאַהאָפּאָלוטשנע, און מיר זענען אַלע, ברוך
השם, איין בעסטען געזונט, אַחוץ וואָס חנה־ריקעל מיינע קלאָגט
זיך נעבאַך אויף'ן הארצען... אַ ווערטעלע אויסצורעדען — די
פּחדים, וואָס מע שטעהט דאָ אויס פון די עקספּראָפּריאַציעס. דו
ווייסט אודאי נישט, מיט וואָס מען עסט דאָס? וועל איך דיר
באַשרייבען. מע קומט אַריין צו דיר אין שטוב אַריין מיט אַ פאַר־
טיגער באַמבע, אָנגעפּילט דוקא ניט מיט מצה־מעהל, נאַר מיט פּול־
ווער און מיט צוויעקעס, און מע זאָגט צו דיר: „רוקי ווערך!“
(געצי רופט דאָס אָן: „שאו ידיכם!“), און מע צעשפּילעט דיר
די קאָפּאָטע און מע נעמט־צו ביי דיר וואָס דו האָסט — און רוף
מיך קנאַקניסעל! אָנומעלטען זענען אַריין צו מיר צוויי חברה־
לייט, געזאָגט מיט מיר דעם פּסוק און צוגענומען ביי מיר די מאַ־
שינע. און אַ בהמה האָב איך געהאַט, איז זי אַליין גע'פּגר'ט.
און מיין ברכה איז נאָך אַ גרעסערע אביון'טע, ווי זי איז געווען,
און אַלטערען געהט אויך אָפּ געגנוג צו אַ נגיד, און לייזערען האָט

מען אַרויסגעשיקט ניט לאַנג פאַר אַ פּאַס. אַ מצוה — ווער איז איהם שולדיג? לאָז ער ניט זיין קיין מלמד! און מענדעל האָט זיך אויך שען אויסגעפּיינט. געגומען און געשטאָרבען, אַ טייל זאָגען — פון דער טשאַכאַטקע, אַ טייל זאָגען — פון הונגער, און איך מיין, אַז פון ביידע זאַכען... און בנימינ'ס קדיש דיענט, און פון דער חלירע שמועסט מען ביי אונז גאַנץ געשמאַק. נאָך דאָס פעהלט אונז!... און ווייטער איז ניטאָ מעהר קיין שום נייעס דיר צו שרייבען. און דאָס, וואָס דיין בלומע, אָדער ווי אַזוי הייסט זי היינט, דזשעני, וויל קומען צו פאָהרען אויף קבר־אבות, איז ניט איצטער די צייט, יענקעל! לאָז איבער אויף איבער־אַ־יאָהר, אם ירצה השם, ס'וועט ווערען ביי אונז אַ ביסעל שטילער, דער עולם וועט אויפהערען זיך קוילען איינס דאָס אַנדערע, וועט איהר דעמאָלט קומען צו פאָהרען, וועלען מיר געהן, אם ירצה השם, איינ־איינעם אויפ'ן פעלד — ס'איז אונז דאָרט צוגעקומען, ברוך השם, אַ שען ביסעל פריינט, פון באַקאַנטע שמועסט מען ניט; עס קומט נאָך צו היינט אויך אַלע טאָג! מעהר קיין נייעס איז ניטאָ צו שרייבען. זייט געזונט און לאָז גריסען איטליכען באַזונדער גאָר פריינטליך. קיין אַמעריקע פאָהר איך ניט. דיין אַמעריקע הויבט מיר ניט אָן צו געפעלען. אַ לאַנד, וואָס אַ גאַזעט הייסט פּייפּער, וואָס פון בלומע ווערט דזשעני, און אַ חתן האָט דריי ווייבער — פון אַזאַ לאַנד, האָב קיין פאַראיבעל ניט, דאַרף מען לויפען! פון דיין בריעף זעה איך אַרויס, אַז ווען מיר האָבען דאָ די קאָנסטיטוציע, וואָס מיר מיינען, באַדאַרפען מיר שוין קיין שום אַמעריקע נישט. דעמאָלט האָבען מיר דאָ אַ בעסער אַמעריקע, ווי איהר דאָרט... יענקעל! זאָלסט גאָר קיין יסורים ניט האָבען: אַזאַ שטיק גאָלד מיר, און אַזאַ מכה קרושעוואַנען, וואָס פאַר אַ קאָנסטיטוציע מיר וועלען, אם ירצה השם, האָבען!... הלואי זאָל אונז גאָט אָנ־התמ'ענען אַ גוט יאָהר, אונז דאָ און אייך דאָרטען!

פון מיר דיין פריינד   י ש ר א ל.

---

## ענגלישע און פאַרענגלישטע ווערטער אין דער דערצעהלונג.

אויסגעהן — זיין פאר׳קנס׳ט. אטענדען די ביזנעס — טהון די נעשעפטען.
אָלרייט — אין בעסטען שטאנד. אפרייטארם — שניידערס. אריבער־
מופען — איבערקלייבען זיך.

באי — יונגעל. באל — מיאטש. באס — בעל־הבית. בארבער־שאפ — פאריק־
מאכער־שטוב. בוקקיפער — בוכהאלטער. ביגאמיסט — פיעל־ווייבער־
ניק. ביזנעס — געשעפטען. בלאף — גוזמא. בעסט פרענד — בעס־
טער פריינט.

גוד באי — זיי געזונט. גלאווס — הענטשקעס. געמבלען — שפיעלען אין
קארטען.

דאטס אלל — איין עק. דזשאב — איין עסק. דיסאפאינטעט — צעטראגען.

האוז אף רעפיודזש — איין אויסבעסערונג־אנשטאלט. העט — הוט.

ווידזשעס — געצאהלט. ווייף — ווייב.

זייאניסטען — ציוניסטען.

טיאייטער — טהעאטער. טראבעל — יסורים. טשילדרען — קינדער.

לויפער — א דער־רוח־ווייסט־וואס. ליידי — מאדאם. לעטער — א בריעף.

מאי דיר פרענד — מיין טייערער פריינט. מעמבער — מיטגליעד. מעסעק־
רעם — פאגראמען.

סאלון — שענק. סאסייטי — געזעלשאפט. סאשעליסטען — סאציאליסטען.
סטריט — גאס. סיטיזען — בירגער. סייפען — קלויבען. סענסיי־
שאן — איבעררשונג. סקוהל — שול.

עלעקשאן — וואהלען.

פושקארט־פעדלער — א פעדלער מיט א וועגעלע. פיקטשור — בילד. פיק־
פאקעטס — גנבים. פייפערס — גאזעטען. פלעזשור — פארגעניגען.
פעמעלי — פאמיליע. פעקטארי — פאבריק.

קאזין — געשוועסטערקינד. קיטשען — קיך. קייבעל — דעפעש. קלאדהינג־
מאנופעקטשורער — א פאבריקאנט פון קליידער.

ראשע — רוסלאנד. רומס — חדרים. ריעל־עסטייטניק — האנדעלט מיט היי־
זער. רעוואלושאן, קאנסטיטושאן — רעוואלוציע, קאנסטיטוציע.

שאפ — געווערקהויז.

# א פריהער פסח

א מעשה, וואס קאן זיך פארלויפען אויף דער גרויסער וועלט.

געשריבען אין יאהר 1908.

# אַ פריהער פסח

א.

די וועלטבאַריהמטע דייטשע שטאָדט נ אַ ר ר ע נ ב ע ר ג איז איין אַלטע אידישע שטאָדט. און ניט נאָר אַ אידישע שטאָדט — זי איז אַ פרומע שטאָדט, אַ גאָטספאָרכטיגע. איהרע אידען האָבען זיך געמאַכט אַ שם אויף דער וועלט דערמיט, וואָס זיי האָבען קיינמאָל ניט געגריבעלט זיך, ניט אריינגעלאָזט זיך אין חקירות, ניט געפילאָזאָפירט, ניט געפרעגט קיין קשיות אויף אַזעלכע זאַכען, וואָס קעהרען זיך אָן מיט גאָט. אויף זיי מעג מען זאָגען, אַז זיי זענען אידען אָהן חכמות.

אמת, זייער אידישקייט באַשטעהט ניט מעהר ווי אין דריי דינים, וואָס שטאַמען מסתמא פון אברהם אבינו, אָדער אפשר נאָך פון אָדם הראשונ'ען: 1) יאָהרצייט, 2) בר־מצוה, 3) פסח. די דריי דאָגמען זענען גאַנץ גענוג אויפצוהאַלטען דאָס אידישע פאָלק נאָך טויזענטער און טויזענטער יאָהרען. מיינט ניט, אַז דאָס האָבען זיי אויסגעזויגען פון זייער אייגענעם פינגער; דאָס האָבען זיי געהערט ניט איין מאָל פון זייער ראַבינער, דאָקטאָר און פרעדיגער, וועלכען די נאַררענבערגער קהילה האַלט־אויס ניט מיט ווינציגער עהרע, ווי די קאַטוילען, להבדיל, דעם רוימישען פּאַבסט. דער ראַבינער, דאָקטאָר און פרעדיגער טראָגט ביי זיי דעם נאָמען „רבי", „אונזער רבי", און די נאַררענבערגער קהילה איז איבער־צייגט, אַז נאָך אַזאַ למדן, ווי זייער רבי, איז שוין נישטאָ אויף דער גאַנצער וועלט. אין זיינע דרשות, וואָס ער האַלט זיי אַלע

יום־טוב אין דער סינאַגאָגע, וואַרפֿען זיך דורך אַזעלכע לשון־קודש'דיקע ווערטער, וואָס נאָך דער מחבר פֿון'ם סידור זאָל איצטער אויפֿשטעהן, וואָלט ער זיי אפֿשר פֿאַרשטאַנען, און אפֿשר ניט... די נאַררענבערגער אידען דערצעהלען פֿון איהם מופֿתים, ווי פֿון אַ „גוטען אידען". למשל, זיי באַריהמען זיך, אַז שוין עטליכע און צוואַנציג יאָהר, זינט ער איז בײַ זיי ראַבינער און פּרעדיגער, האָט זיך נאָך ניט געטראָפֿען, ער זאָל אַמאָל האָבען אַ טעות: אַלע יום־טוב די זעלבע דרשה מיט די זעלבע פּסוקים פֿון'ם זעלבען תנ"ך, מיט דער זעלבער באַדייטונג, מיט די זעלבע משלים. איך מיין אָבער, אַז דאָס איז אַ ביסעל איבערטריבען. דער אויטאָריטעט פֿון'ם ראַבינער, דאָקטאָר און פּרעדיגער איז אין שטעדטעל אַזוי גרויס, אַז קיין יאָהרצייט, קיין בר־מצוה און קיין יום־טוב ווערט ניט באַשטימט, ביז עס ווערט ניט פֿריהער פֿעסטגעשטעלט פֿון'ם ראַבינער און פּרעדיגער. און הגם יעדער נאַררענבערגער אידישער איינוואָהנער מוז האָבען בײַ זיך אין שטוב אַ אידישען לוח, פּונקט אַזוי ווי יעדע נאַררענבערגער אידישע פֿרוי מוז האָבען אַ ווייסע כּפּרה ערב יום־כּפּור, דאָך, אַז עס קומט אונטער אַ יום־טוב, גלויבט קיינער ניט דעם לוח אויף נאמנות און מע געהט צום רבין זיך ערקונדיגען: „ווען האָבען מיר פֿייערטאָג?" און ווער שמועסט נאָך אַזאַ יום־טוב, ווי דער הייליגער פּסח?! פּסח ווערט געפֿייערט אין נאַררענבערג — איך געה מיט אייך אין געוועט — מיט מעהר פּראַכט און גלאַנץ און מיט מעהר כּשרות אַלס אין דער פֿרימסטער שטאָדט בכל תפֿוצות ישראל! די נאַררענבערגער ווייבער — זיי קומט דער שבח — זענען אַזעלכע צנועות, אַז פּסח איז טהעאַטער באַנוצען זיי ניט די חמצ'דיגע בינאָקלס פֿון אַ גאַנץ יאָהר. אפֿילו די נאַררענבערגער מאַנסבילען, וואָס זענען עפּיס ניט אַזעלכע גרויסע מצה־שמורה'ניקעס, פֿון דעסטוועגען האָט זיך געמאַכט וויפֿיעל מאָל, אַז מע איז געקומען צום רבין מיט אַ שאלה, צי מעג מען פּסח טרינקען מינכענער ביער און פֿאַרבײַסען מיט פּראַגער שינקען.

אצינד, אז מיר האבען זיך שוין א ביסעל באקאנט מיט די נאררענבערגער אידען אלס אידען, — קאנען מיר שוין צוטרעטען צו דעם עצם פון דער געשיכטע, וואס האט זיך פארלאפען אין דער שטאדט נאררענבערג אין דעם יאהר 1908, אדער 5668 פון זינט די וועלט איז באשאפען געווארען, לויט רעכענונג פון אונזער אידישען וועלט-לוח.

## ב.

די נאררענבערגער קהילה באנוצט זיך מיט איהרע אייגענע פאבריקאציעס און פראדוקטען, אויסער אידישע ליטעראטור. אמאל פלעגען זיי די אידישע ליטעראטור אימפארטירען פון אויסלאנד, מעהרסטענטייל פון לאנדאן אדער פון ווארשא. נאר פון דער לעצטער צייט, זינט עס האבען זיך אנגעהויבען ביי אונז די בהלות, מלחמה, רעוואלוציע, קאנסטיטוציע און פאגראמען, האבען די חוואליעס פון דער געוואלטיגער עמיגראציע ארויסגעווארפען אויף דעם דאזיגען נאררענבערגער אאזיס, צווישען א סך אנדערע נפשות, אויך איינעם א פעקעל-טרעגער אדער א מוכר-ספרים'ניק מיט'ן נאמען פ י נ ח ס פ י נ ק ו ס.

פינחס פינקוס איז א אידעל א נידעריגס, א זשוואווע, מיט איין אויגעל א קליינס, דאס אנדערע א גרויס. בשעת ער רעדט, קוקט דאס קליינע אויגעל אויפ'ן גרויסען, ווי איינער רעדט: „נו?"... און דאס גרויסע אויג ענטפערט איהם: „נו-נו!"...

די ערשטע צייט האט ער זיך געגנוג אנגעליטען, גענוג אויסגעהונגערט און גענוג אויסגעשטאנען יסורים, וועהטיגען און בזיונות פון זיינע דייטשע ברידער, ביז ער האט זיך דערשלאגען צו זיין שטענדיגער פרנסה פון דער היים — ארומטראגען אידישע ספרים און ביכלעך איבער די הייזער. א צעבראכענער, א צעראבעוועטער, א נאקעטער און א הונגעריגער, האט ער פארלאזען זיין לאנד, וואו ער איז געבארען, און האט זיך מיט גרויס מיה דערשלאגען אין א

פריי לאַנד — קיין נאַררענבערג, וואו ער איז שוין געווען באַ־
וואָהרענט פון אַ פּאָגראָם, נאָר ניט געווען באַוואָהרענט פון שטאַר־
בען פון הונגער, מחמת אין דעם פרייען לאַנד איז דאָס שנאָרען
שטרענג פאַרבאָטען אפילו צווישען אייגענע ברידער. יעדער מענטש
איז מחויב עפּיס טהון. אונזער צעשלאָגענער עמיגראַנט פּינחס
פּינקוס האָט אָבער ניט געקאָנט געפינען קיין שום טהועכץ אינ׳ם
פרייען לאַנד. שולדיג איז געווען אין דעם ניט אזוי ער אליין,
ווי די שפּראַך. דאָס הייסט, וואָס ניט ער האָט פאַרשטאַנען
ז י י ע ר שפּראַך, און ניט זיי האָבען פאַרשטאַנען ז י י ן
שפּראַך. די ערשטע צייט האָט ער אָרומגעשפּאַציערט איבער די
נאַררענבערגער גאַסען און באַטראַכט די שטאָדט מיט די מענ־
טשען, דעם הימעל מיט דער ערד. דאַכט זיך, די זעלבע הייזער,
די זעלבע מענטשען, דער זעלבער הימעל מיט דער זעלבער ערד —
און גאַרנישט, אַלע געהען זיך אזוי רוהיג; קיינער האָט קיין מורא
ניט פאַר אַ שטיין פון אויבען, פאַר אַ קויל פון פאָרענט אָדער
פאַר אַ מעסער פון הינטען — גליקליכע מענטשען! אַ געבענטשט
לאַנד!...

וואָס ווייטער האָט אָבער דאָס לאַנד אָנגעהויבען אָנווערען
דעם חן אין זיינע אויגען — איבער׳ן מאָגען. דער מאָגען איז אַ
בייזער בעל־דבר; איהם, אז עס קומט די צייט פון עסען, וויל
ער ניט הערען ניט פון קיין פּאָליטיק, ניט פון פילאָזאָפיע. „האָסט
מיך עפּיס אין זינען, צי ניין?“ — אזוי טענה׳ט אַ לעדיגער
מאָגען. — „פון מיינעטוועגען קאָנסט דו בעטלען געהן, קאָנסט
גנב׳נען, גזל׳ענען, אַבי מיר זאָלסט דו אָפּגעבען מיינס, און וויי־
טער איז ניט מיין עסק!“... דער חסרון איז אָבער, וואָס אויף
אויסציהען די האַנט דאַרף מען זיין אַ געבאָרענער בעטלער, אָדער
האָבען אַ נשמה פון אַ בעטלער. און אונזער העלד האָט זיך לאַנג
אַרומגעדרעהט איבער די נאַררענבערגער שטראַססען, ביז ער האָט
ביי זיך גע׳פועל׳ט אָפּשטעלען דעם ערשטען מענטשען, חלילה ניט
אויף צו בעטען ביי איהם עפּיס, נאָר גלאַט אזוי, אויסרעדען זיך

א ביסעל דאס הארץ. פינחס פינקוס האט זיך אנגערופען צום ערשטען דייטש בזה הלשון:

— האט קיין פאראיבעל ניט, מיין ליעבער הערר דייטש, איך בין דא א גר און פארשטעה ניט דאס לשון. איך לויף פון א קאנסטיטוציע לויף איך, און פאל, הייסט עס, מיט'ן פנים צו דער ערד. גלויבט מיר, איך וואלט אייך ניט מטריח געווען, ס'זאל ניט זיין, ווי מע זאגט, באו מים עד נפש. איך בעט ניט חלילה קיין נדבה; איך זוך עפים א מלאכה, א טהועכץ, וואס ניט איז, אבי דערהאלטען די נשמה. האט רחמנות...

דער דייטש האט איהם אויסגעהערט ביז'ן סוף און האט זיך פאר איהם אנטשולדיגט, אז ער האט קיינמאל אזא שטראססע ניט געהערט, און איז אוועק זיין וועג. דער צווייטער דייטש האט אויסגעהערט די זעלבע דרשה און איז אוועק אהן ווערטער. דער דריטער דייטש איז געווארען א ביסעל ברוגז, וואס מע נעמט צו זיין צייט, און האט זיך רעכט אויסגעבייזערט אויף דעם „פער־דאמטען קערל". דער פערטער דייטש האט איהם אפילו ניט אויסגעהערט ביז'ן סוף, באוויזען איהם, אז ער האט א שטעקען, און געזאגט, אז טאמער געהט ער ניט „פארט", אזוי רופט ער צו א „שוצמאן"...

און אונזער העלד האט גיך איבערגעביטען זיין פריהעריגע מיינונג איבער די דייטשען און איבער זייער פרייען לאנד, וועל־כעס ער האט פיינט געקריגען, און איז דעם דייטש געווארען א דם־שונא!

ג.

אויב דער אומגליקליכער פינחס פינקוס האט פיינט געקרא־גען די נאררענבערגער דייטשען, האט ער טויזענט מאל אזוי פיעל געטראגען שנאה און פארדראס אויף די נאררענבערגער דייטשע אידען מיט זייער ראבינער, דאקטאר און פרעדיגער, וואס האט אוועקגעשטעלט דעם ארעמען עמיגראנט דריי טענות: 1) למאי

איז ער איין ארעמאן? 2) למאי געהט ער אפגעריסען? 3) למאי רעדט ער ניט קיין דייטש? דערויף האט איהם דאס ארעמע אידעל אפגעענטפערט א ביסעל טאקי מיט צופיעל חוצפה:

— אדוני קעניג! איך וועל אייך ענטפערען על ראשון ראשון ועל אחרון אחרון: דאס, וואס איהר טענה'ט, למאי איך בין איין ארעמאן און געה ווי א שלעפער — זענט איהר גערעכט; דער אויבערשטער האט מיר געוואלט געבען געלט, האב איך איהם געזאגט: געב דאס בעסער מענדעלסאנען — ער איז א משומד און האט ניט קיין חלק לעולם־הבא... נאר דאס, וואס אייך געפעלט ניט מיין אידיש לשון, וואלט איך א בעלן געווען, איהר זאלט זיין אין מיין פאלאזשעניע און קומען מיט אייער דייטשמעריש צו אונז קיין מאסקווע, און אפילו קיין באַרדיטשעוו, וואלט איהר דעמאלט געוואוסט, וואס פאר א גאט מיר האבען.

א גליק, וואס דער ראבינער האט פארשטאנען פון דער דאזיגער גאנצער רעדע נאר עטליכע געצעהלטע ווערטער: „געלט"... „מענדעלסאן"... „מאסקווע"... און דער נאררענבערגער ראבינער האט איהם גענומען לייענען א נאטאציע און זאגען מוסר, אז ס'איז א „פורכטבארע פרעכהייט" פון אזא אידעל זיך מישען אין דער רוסישער פאליטיק און קריטיקירען מענדעלסאנען, למאי ער שטיצט מאסקווע מיט געלט... „אט דאס איז טאקי אייער אומגליק, — האט דער ראבינער גע'דרש'עט צום ארעמען עמיגראנט — וואס איהר קריכט אהין, ניט וואו מע דארף. אט דערפאר טאקי שלאגט מען אייך און מע טרייבט אייך, און מיר, דייטשע אידישע בירגער, האבען דורך אייך חרפה און בושה"... און נאך א סך אזעלכע ערנסטע קלוגע רעד האט דער נאררענבערגער ראבינער און פרעדיגער אויסגעשאטען אומזיסט און אומנישט, מחמת דאס אידעל האט פון זיין דרשה נאך ווינציגער פארשטאנען... דאס רעזולטאט איז געווען, וואס נאך עטליכע מאל ארויסטרייבען איהם און אנרופען „שנארער", „פאלנישער יודע" וכדומה אזעלכע נעמען, האט זיך אונזער פינחס פינקוס פארט דערשלאגען ביי דער נאררענבער־

גער קהילה, מע זאָל איהם אויסלייהען אַ ביסעל מזומנים, וועט ער אויסשרייבען פון דער היים אַ ביסעל געדרוקטע סחורה — טאָמער וועט ער עפּיס פאַרדיענען.

און כּך הוה. ער האָט אויסגעשריבען אַ טראַנספּאָרט ספרים און ביכלעך, אויך אַ ביסעל סידורים, חומשים, סליחות און הגדות, און דער עיקר — אידישע לוחות. אויף לוחות, האָט ער אַרוים־געזעהן, וועט ער דאָ האָבען מעהר בעלנים, ווי אויף אַלע אַנדערע ספרים. פּינחס פּינקוס האָט ניט אומזיסט פאַרבראַכט זיין צייט צווישען די דייטשע ברידער. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אַ לוח איז כּמעט דער איינציגער גאַנגבאַרער אַרטיקעל פון דער אידישער ליטעראַטור אין נאַררענבערג. ער האָט זיך ניט אָפּגענאַרט. ער האָט אויספאַרקויפט דאָס גאַנצע פּעקעל אידישע לוחות אין איין טאָג און האָט געמוזט אויסשרייבען נאָך אַ טראַנספּאָרט מיט לוחות, און האָט דעם טראַנספּאָרט אויך אָפּגעזעצט.

פון דעמאָלט־אָן האָט אונזער פּינחס פּינקוס אָנגעהויבען וואַק־סען און וואַכסען, דאָס הייסט, געהן פון איין שטעדטעל אין'ם אַנדערען מיט אַ פּעקעל ספרים אויף די פּלייצעס, צום מיינסטען אידישע לוחות, באַרדיטשעווער, ווילנער און וואַרשעווער פאַברי־קאַציע. נאָר דער הויפּט־אָפּזעץ איז ביי איהם געווען נאַררענ־בערג און ווידער אַ מאָל נאַררענבערג, וואָרום אין ערגיץ איז ניטאָ אַזאַ איין אָפּגאַנג אויף דער סחורה, ווי אין נאַררענבערג. אַ נאַררענבערגער איד, אַז ער קויפט אַ אידישען ספר, איך מיין אַ לוח, טהוט ער דערמיט דריי „וואָהלטאַטען" מיט אַ מאָל: ערש־טענס, וואָס ער ברענגט אין שטוב אַריין אַ „אידישען ספר"; צווייטענס, וואָס ער פאַרשפּרייט דערמיט די אידישע ליטעראַ־טור; דריטענס, וואָס ער גיט צו לייזען דעם אָרעמען „פּאָלנישען יודען" געלט. און דער אָרעמער „פּאָלנישער יודע" מאַכט ניט שלעכט. דאָס ערשטע יאָהר האָט ער אויסגעבראַכט אידישע לוחות אין די צעהנדליגער. דאָס צווייטע יאָהר — אין די הונדערטער. צום דריטען יאָהר האָט ער זיך געגרייט אָפּצוזעצען טויזענט לוחות,

און אפשר נאך מעהר — ווער ווייסט? עס איז נאר א הארצוועה־טיג, וואס ער מוז די סחורה באציהען אזש פון דער היים און צאהלען פאר איהר מיט בארעס געלט. עס וואלט געווען א גלענ־צענדעס געשעפט, ווען מע זאל קאנען די סחורה פאבריצירען דא אויפ'ן ארט. און אונזער לוח־הענדלער פינחס פינקוס האט פאר־טראכט א קאמבינאציע — א גאנצען פלאן, א גאונ'ישען, א טייוועלשען פלאן.

## ד.

איינמאל אין א שענעם פריהמארגען איז אונזער לוח־עקס־פארטער, פינחס פינקוס, געזעסען איז זיין אידישען רעסטאראן, וואו ער האט גאנץ פיין אפגעמיטאגט, זיך גערייניגט די ציינער, און זיינע צוויי נישט־גלייכמעסיגע אויגען האבען געקוקט איינס אויף דאס אנדערע און געפיהרט א שמועס. א סימן, אז דער קאפ האט געטראכט און דער מח האט געארבייט. און בכדי דער לעזער זאל וויסען, וואס האט אזעלכעס געטראכט פינחס פינקוס, געבען מיר איבער אין קורצען דעם שמועס פון זיינע אויגען (לאָ־מיר זיך אויף א מינוט פארשטעלען, אז אויגען רעדען).

דאס קליינע אויגעל: מע דארף אויסשרייבען א טראנספארט לוחות צום יאהר תרס"ח... אוועקשיקען אזוי פיעל געלד!

דאס גרויסע אויג: א גאנצען אוצר!

דאס קליינע אויגעל: איין עבירה פאר גאט!

דאס גרויסע אויג: מען איז עובר אויף בל תשחית!

דאס קליינע אויגעל: מע זאל קאנען קריגען פון זייערטוועגען איין אלטען לוח...

דאס גרויסע אויג: פון תרח'ס יאהרען, אבי א לוח!...

ד אָ ס ק ל י י נ ע א ו י ג ע ל : די נאַררענבערגער לומדים...

ד אָ ס ג ר ו י ס ע א ו י ג : מופלגים, גרויסע קעפּ, שאַר־פע מוחות!...

ד אָ ס ק ל י י נ ע א ו י ג ע ל : אַי, טאָמער וועלען אוים־קומען די דאַטעס פאַפּעריק?

ד אָ ס ג ר ו י ס ע א ו י ג : בין איך בדלות!

ד אָ ס ק ל י י נ ע א ו י ג ע ל : אַ מצוה אויף זיי!

ד אָ ס ג ר ו י ס ע א ו י ג : חאַפּט זיי בעני!

ד אָ ס ק ל י י נ ע א ו י ג ע ל : במילא טריפ׳ניאַקעס, דייטשען!...

ד אָ ס ג ר ו י ס ע א ו י ג : קירע מאַק!...

ד אָ ס ק ל י י נ ע א ו י ג ע ל : זיי האָבען מיר געגוג בלוט פאַרצאַפּט, איידער איך האָב מיך אַרויסגעשלאָגען אויף אַ שטיקעל דרך...

ד אָ ס ג ר ו י ס ע א ו י ג : עס מעג שוין אַמאָל קומען אויף זיי אויך אַ מפּלה!...

און פּינחס פּינקוס האָט אַ וואונק געטהאָן צום קעלנער:

— הער נאַר, דייטש בן דייטש! אַ קריגעל סמעטענע!

דאָס האָט געהייסען אַזוי גוט, ווי אַ קופעל ביער. און אונזער לוח־הענדלער האָט אויסגעטרונקען אַ קופעל ביער און האָט אוועק־געשריבען אַהיים אַ בריעף, פון וועלכען מיר געבען דאָ איבער אַ ריכטיגע קאָפּיע:

„...און ווייטער שרייב איך אייך, מיין ליעבער פריינט, איהר זאָלט זיין אַזוי גוט און אַריינפּאַקען מיר וויפיעל איהר קאָנט אַלטע לוחות, צום מיינסטען פון יאָהר תרמ״ח. איך האָב דאָ אויף זיי איין אָפּזעץ. די דייטשען קויפען אַלטע מאַרקעס מיט אַלטע לוחות. פאַרשטעהט זיך, אַז זיי צאָהלען דערפאַר זעהר ביליג, נאַר אַלץ איז בעסער פאַר אייך, איידער זיי זאָלען פוילען ביי אייך

אויפ'ן בוידעם און די מייז זאָלען זיי עסען. אַז איהר וועט איינ־פּאַקען די אַלטע לוחות, זאָלט איהר מוחל זיין זיי איבערוועגען און רעכענען מיר לויט וואָג פון פּאַפּיער און אַרויסשיקען מיר פער נאַכנאַהמע. זעהט זשע, למען השם, אַלע אַלטע לוחות, וויפיעל איהר האָט, צום מיינסטען פון יאָהר תרמ"ח. איך טהו דאָס כמעט נאָר צוליעב אייך. איך וויים, אַז עס וואַלגערען זיך ביי אייך אַלטע לוחות, וויל איך אייך געבען צו לייזען. צו קיין אַנדערען שרייב איך נישט, נאָר צו אייך, ווייל איך האַלט פון אייך. געדענקט זשע, למען השם, וואָס מעהר אַלטע לוחות, און איך גריס אייער ווייב און קינדער גאָר פריינטליך.

ממני פינחס פינקוס".

פאַר'חתמ'ט דעם בריעף, האָט ער אַ רוף געטהאָן דעם קעלנער:

— הער נאָר, דייטש בן דייטש, נאָך אַ קריגעל סמעטענע!...

באַקומען נאָך אַ קריגעל ביער, האָט אונזער לוח־פאַבריקאַנט אָנגעשריבען נאָך אַ בריוועל צו איין אַנדער מוכר־ספרים:

„...והשנית שרייב איך אייך, אַז איך האָב אויסגעקראַצט דאָ איינעם אַ דייטש, וואָס איז אַ קונה אויף אַלטע לוחות, אָבער נאָר פונ'ם יאָהר תרמ"ח. אויב איהר האָט זיי, שיקט זיי מיר צו באַלד דורך אַ נאַכנאַהמע. רק איהר זאָלט נישט רעכענען מעהר ווי דאָס פּאַפּיער, כי איך דאַרף דאָך אויך עפּיס פאַרדיענען. איך שרייב נאָר צו אייך, ווייל איך וויים, אַז נאָר ביי אייך געפינען זיך אַלטע לוחות. און מחמת איך האָב קיין צייט נישט, מאַך איך דאָס בקיצור.

ממני פינחס פינקוס".

און נאָך אַ בריוועל האָט ער אָוועקגעשריבען, שוין אין איין אַנדער שטאָדט:

„...והשנית שרייב איך אייך, אַז איך קאָן ביי אייך הייגטיגס יאָהר קויפען לוחות נאָר על־מנת, דאָס הייסט מיט אַ תנאי, אַז צו

יעדען נייעם לוח פון יאָהר תרס"ח דארפט איהר מיר צולעגען דריי לוחות אַלטע פונ'ם יאָהר תרמ"ח אומזיסט. ווייל ס'איז דאָ א פּאָר דייטשען, וואָס זיצען און שטודירען די וועטערונגען נאָך די אַלטע לוחות פון די פריהעריגע יאָהרען. לכן אבקש, איהר זאָלט מיר ארויסשיקען אַלע אייערע אַלטע לוחות פון יאָהר תרמ"ח, צו־לעגען צו יעדע דריי אַלטע איינעם א נייעם לויט פּרייז, און באַלד ארויסשיקען על־ידי נאכנאהמע.

פון מיר אייער פריינט פּינחס פּינקוס".

אַט אַזעלכע בריוועלעך זענען אַוועקגעגאַנגען נאָך עטליכע צו פאַרשיידענע בוכהענדלער אין פאַרשיידענע שטעדט. און אונזער לוח־אַנגראָסיסט פּינחס פּינקוס האָט זיך צעצאָהלט מיט'ן קעלנער און האָט זיך אַנגעזאָטעלט מיט'ן פעקעל ספרים אויף די פּלייצעס און איז אַוועק זיין וועג, ווי אַ מענטש, וואָס האָט פאַרקלערט און אויסגעפיהרט אַ רעכטען, אַ וויכטיגען עסק.

ה.

דאָס געוועזענע יאָהר 5668, זינט גאָט האָט באַשאַפען די וועלט, איז געווען פאַר די נאַררענבערגער אידען א יאָהר פון שפע. אַלע, פונ'ם ערשטען פאַבריקאַנט ביז'ן לעצטען בעל־מלאכה, האָ־בען געמאַכט גוטע געשעפטען. אַלע, פונ'ם גרעסטען קאָמיסיאָנער ביז'ן קלענסטען הויזירער, האָבען פאַרדיענט געלט, און אַלע זענען געווען צופריעדען און האָבען זיך געפרעהט, וואָס דער „אָרמער פּאָל־נישער יודע" לייזט ביי זיי געלט פאַר'ן לוח תרס"ח. מע קאָן זאָ־גען, עס איז נישט געווען אין נאַררענבערג קיין איינציג הויז, וואָס זאָל נישט האָבען געקויפט ביי'ם „פּאָלנישען יודען" קיין לוח אויף דעם יאָהר. און די נאַררענבערגער אידישע באַפעלקערונג האָט גע־נומען דאָס נייע יאָהר תרס"ח (5668) נאָכ'ן אַלטען לוח פונ'ם יאָהר תרמ"ח (5648) אויסגעצייכענט גוט, דאָס הייסט: מע האָט זיך געהאַט יאָהרצייטען, געפייערט בר־מצוות און געבענטשט

חנוכה־ליכטלעך, געגעסען פורים׳דיגע המן־טאַשען און גענומען זיך גרייטען צום הייליגען פסח, באַקען מצות — אַלסדינג ווי אַלע יאָהר, פון זינט די וועלט איז אַ וועלט, — און אין דער ריכטיגער צייט, לויט דער לוח זאָגט, האָט מען זיך גאַנץ פיין אַוועקגעזעצט צום סדר, אויף מאָרגען נאָך אַ מאָל צום סדר, און אַזוי וואָלט זיך אַפּלויפען דער פסח, און אפשר דער שבועות מיט׳ן סוכות אויך, ווען עס זאָל זיך נישט טרעפען אַ מעשה (ביי אַלע שרייבערס פון דער וועלט מוז זיך טרעפען אַ מעשה).

ומעשה שהיה כך היה:

איינער איין אַפּטייקער האָט געדאַרפט פאָהרען פון נאָררענבערג קיין בערלין נאָך סחורה. האָט ער זיך אויפגעזעצט דעם ערשטען טאָג חול־המועד פסח און איז אַוועק קיין בערלין. געקומען איז ער קיין בערלין איין אויסגעהונגערטער פונ׳ם וועג — סכנות! דער לעזער, וואָס האַלט קאָפּ, געדענקט אודאי, אַז אַ נאָררענבערגער אידישער דייטש, ער מעג זיך זיין אפילו איין אַפּטייקער, אָדער אַ דאַנטיסט, אָדער אפילו נאָך ערגער פון אַ דאַנטיסט, וועט אייך פסח קיין חמץ נישט עסען פאַר קיין צעהן מיליאָן. אַ גאַנץ יאָהר וועט איהר ביי איהם פועל׳ען, ער זאָל אייך עסען חזיר. איהר וועט איהם איינבעטען, ער זאָל אייך עסען ראַקעס און וואָס איהר ווילט. נאָר קומט דער הייליגער פייערטאָג פסח, ווערט אַ דייטש פרום מיט סכנת־נפשות! ער וועט אייך גיכער שטאַרבען פון הונגער, איידער זיך צוריהרען צו חמץ אום פסח. איהר מעגט דאָס אָנרופען פאַנאַטיזם — ס׳איז אַ פאַרפאַלענע זאַך!

אַלזאָ, געקומען אַ הונגעריגער קיין בערלין, איז אונזער אַפּטייקער קודם געגאַנגען זוכען אַ אידישען רעסטאָראַן אויף דער פריעדריכשטראַססע און האָט דערזעהן דאָס וואָרט „כשר“ און האָט זיך מחיה געווען. אַריינגעקומען אין רעסטאָראַן אַריין, האָט ער נישט צייט געהאַט זיך אַוועקזעצען ביי׳ם טישעל און דורכשטודירען דאָס צעטעל פון די פסח׳ניגע מאכלים, איז אויסגע־

וואכסען נעבען איהם א קעלנער, א געזונטער יונגאטש מיט איין אנגעפאמאדעטען קאפ, מיט שטעהענדיגע וואנסען, א לא ווילהעלם דער צווייטער. דער יונגאטש דער קעלנער האט געהאלטען אין די הענט א טעלער, און אויפ׳ן טעלער — שטעלט אייך פאר! — א המן־טאש מיט מאהן!!!...

אונזער אפטייקער איז שיער נישט געפאלען חלשות: וואס הייסט עס? כשר, פסח, און א המן־טאש מיט מאהן! ווען דער אפטייקער זאל נישט זיין טוידט־הונגעריג, וואלט ער זיכער געמיינט, אז ס׳איז א חלום. דער קעלנער דער יונגאטש האט דערזעהען, אז דער גאסט קוקט עפּיס מיט מאדנע אויגען, האט ער פארשארט ארויף ביידע שטעהענדיגע וואנסען א לא ווילהעלם דער צווייטער און האט א זאג געטהאן צו׳ם גאסט מיט א פריינטליכען שמייכעלע פון א קעלנער:

— וועגען פייערטאג — פורים־שפּיין!... כשר לפורים!...

דא איז אונזער אפטייקער געווארען נאך מעהר צעמישט: וועגען פייערטאג — פורים־שפּיין?!... דער קעלנער איז אוועק און אויף זיין ארט איז אויסגעוואכסען דער „ווירטה" פונ׳ם רעסטאראן, איין עלעגאנט געקליידטער דייטש מיט א זעהר ליעבליך אלאונטערטעניגסט שמייכעלע אויף די פעטע רויטע ליפּען, און צווישען דעם ווירטה מיט׳ן גאסט האט זיך פארבונדען זעהר א אינטערעסאנטער שמועס, פון וועלכען מיר געבען דא איבער נאר ־עם תמצית. דער ווירטה האט באגריסט דעם גאסט מיט׳ן פייערטאג פורים, און דער גאסט האט געוואלט איינרעדען דעם ווירטה, אז היינט איז טאקי א פייערטאג, נאר דער פייערטאג הייסט נישט „פורים", ער הייסט „אסטערן" (פסח). תחילת האט דער ווירטה געוו׳עכענט, אז דער גאסט איז גלאט א פריילִיכער פארשויין און מאכט זיך לוסטיג לכבוד פורים, האט ער גאנץ העפליך געחיחיקעט. דעם גאסט איז אבער דאס חיחיקען פונ׳ם ווירטה גארנישט געפעלען, און דער שמועס צווישען ווירטה און צווישען גאסט האט אנגעהויבען וואס ווייטער אריין אין ערנסט, ביז עס האבען

דערהערט אויך די איבעריגע געסט פון רעסטאָראַן און האָבן זיך אויך אַריינגעמישט אין דעם הויך־אינטערעסאַנטן שמועס. דאָס האָט אונזער אַפּטייקער פאַרדראָסן, האָט ער זיך אויסגעשפּראָכן מיט זעהר אַ גיפטיג שמייכעלע, אַז מע קאָן זיך זיין אַ איד און דערלויבן זיך עסן חמץ אין פסח, נאָר אַריינמישן זיך אין פרעמדע אַנגעלעגענהייטען איז נישט לויט דעם דייטשן עטי־קעט... דערויף האָט איינער אַ דזשענטעלמאַן מיט צוויי שענע באַקענבאַרדען, שוין אַ ביסעל גרויליך, מיט נישט ווינציגער גיפט אַ פרעג געטהאָן בײ'ם אַפּטייקער: פון וואַנען איז דער „הערר"? און אַז ער האָט דערהערט, אַז דער „הערר" איז אַ נאַררענבערגער, האָט ער אויסגעצויגען אַ לאַנגען „אַאַאַ!!!" און האָט זיך פאַר־טיעפט אין טעלער...

ווען אונזער נאַררענבערגער העלד זאָל נישט זיין אַזוי הונגע־ריג, וואָלט ער דעם דזשענטעלמאַן מיט די באַקענבאַרדען פאַר אַט דעם דאָזיגען „אַאַאַ" מכבד געווען, ווי עס געהער צו זיין: ערש־טענס, וואָלט ער איהם דערלאַנגט זיין וויזיט־קאַרטע מיט דער פירמע „דאָקטאָר פאַרמאַציע אין נאַררענבערג"; צווייטענס, וואָלט ער געפאָדערט פון דעם דזשענטעלמאַן מיט די באַקענבאַרדען, אַז ער זאָל איהם געבען זיין וויזיט־קאַרטע מיט זיין פירמע, און וואָס נאָכדעם וואָלט געווען — יויים איך נישט, איך בין נישט קיין נביא. וואָס ס'איז געווען — דאָס קאָן איך אייך דערצעהלען. און געווען איז אַט וואָס: אונזער נאַררענבערגער העלד איז פון דעם רעסטאָראַן אַוועק אַ ברוגז'ער אין אַ צווייטען רעסטאָראַן. אויך אַ אידישען, און האָט געטראָפען דאָרט פונקט דאָס אייגענע בילד; אויך אַ חמצ'דיגען מיטאָג, אויך חמצ'דיגע המן־טאַשען, „כשר לפורים" — און געענדיגט האָט זיך עס דערמיט, וואָס אונזער אַפּטייקער איז אַוועק פון דאָרט אין אַ כריסטליכען רעסטאָראַן און האָט זיך באַשטעלט אַ גויישען מיטאָג „אַ לאַ קאַרט". ער האָט זיך געטראַכט: „איידער עסען חמץ אום פסח, איז שוין גלייכער עסען טרפה"...

## ז.

איינע פון די ניצליכסטע ערפינדונגען פון אונזער צייט בלייבט טאקי נאר דער טעלעפאן. א דאנק דעם טעלעפאן איז גאנץ נאררענבערג אין פארלויף פון איין האלבע שעה געוואהר געווארען, אז די הויפט־שטאדט פון דייטשלאנד, די אידישע שטאדט בערלין, האט פארשפעטיגט מיט'ן פסח כמעט אויף א גאנצען חודש: אז וועהרענד אין נאררענבערג איז שוין דער צווייטער טאג חול־המועד פסח, איז אין בערלין ערשט פורים! פאר דער נאררענבערגער קהילה איז דאס געווען אזוי איבערראשענד, אז זיי האבען געוואלט וויסען, וואס וועט זאגען דערויף „אונזער רבי"? און מען איז אוועק צו אונזער ראבינער, דאקטאר און פרעדיגער און מע האט איהם שוין געטראפען ביי'ם טיש שרייבענדיג א טע־לעגראמע קיין בערלין צו זיינעם א קאלעגע, אויך א ראבינער און אויך א דאקטאר און אויך א פרעדיגער. ער האט געבעטען ביי זיין קאלעגע, ער זאל איהם זאפארט טעלעגראפירען, וועלכער פיי־ערטאג איז היינט אין בערלין? און דעם זעלבען טאג ארום פאר־נאכט האט דער ראבינער באקומען א קלארע תשובה פון בערלין. די תשובה איז באשטאנען נאר פון אייןווארט: „שושן־פורים"... און טאקי דורכ'ן זעלבען טעלעפאן האט ער געגעבען צו וויסען דער גאנצער שטאדט און האט געבעטען יעדען באזונדער, אז מע זאל אריינקוקען אין לוח אריין, קאנטראלירען דעם דאטום. און די שטאדט נאררענבערג האט גענומען שטודירען דעם לוח מיט אזא אינטערעס, גלייך ווי מע וואלט וועלען דערגעהן, ווען קעהרט זיך איבער די וועלט?...

מע טאר אבער נישט אוועקגעהן פונ'ם אמת: נאררענבערג איז טאקי זעהר א פיינע שטאדט און איהרע אידישע איינוואהנער זענען טאקי זעהר ארענטליכע מענטשען — איינס צום אנדערען געהער זיך אבער נישט אן: קיין סך געלעהרענטע מענטשען, וואס זאלען פארשטעהן לוח, איז דארט נישט פארהאנען; דער איינצי־

נער אידישער געלעהרטער, וואָס פאַרשטעהט אַ אידיש וואָרט, איז איינער, וואָס טראָגט זעהר אַ הויכען באַריהמטען נאָמען „מאַטיאַס דרייפוס“.

מיר פאַרהאַפּען זיך אויף צו־פריהער און מאַכען אויפמערקזאַם דעם לעזער, ער זאָל חלילה קיין טעות נישט האָבען און נישט מיינען, אַז דאָס איז דער מאַטיאַס דרייפוס, דער ברודער פון אונזער וועלטבאַריהמטען מאַרטירער קאַפּיטאַן (היינט מאַיאָר) אַלפרעד דרייפוס. דער נאַררענבערגער מאַטיאַס דרייפוס איז דער שמש פון דער דאָרטיגער כּאָהרשוהל און דער שוחט פון שטאָדט. ווי קומט צו איהם אַזאַ נאָמען — זאָלט איהר נישט פרעגען. למאי ס'איז דאָ אין דעם זעלבען נאַררענבערג אַ איד איין אָרעמאַן, וואָס לעבט פון דעם, וואָס ער זאָגט קדיש, אַז מע באַצאָהלט איהם, און טראָגט דעם נאָמען נאַטאַניעל ראָטשילד? אָדער ס'איז פאַרהאַן, טאַקי אַלץ אין נאַררענבערג, אַ שוסטער, און אַ קאַליקע דערצו, וואָס שעהמט זיך נישט און הייסט מיט'ן נאָמען היינריך היינע? און אַ ראַזירער איז דאָרטען דאָ, שטעהט אויף זיין שילד אויסגעמאָהלט אַ נקבה מיט אַ רויטען פּאַריק, און אונטען אָנגעשריבען מיט גרויסע לויטערע אותיות: לודוויג בערנע? עס פעהלט נאָך צום רומעל אַ שטיוועלפּוצער מיט'ן נאָמען ברוך שפּינאָזאַ... עס קאָן זעהר געמאָהלט זיין, אַז עס דרעהט זיך ערגיץ אַרום דאָרטען אין שטאָדט אַ ברוך שפּינאָזאַ, נאָר איך האָב נאָך נישט געהאַט דאָס גליק מיט איהם פּערזענליך צו באַקענען זיך... נאָר מיר קעהרען זיך אום צו אונזער געלעהרטען מאַטיאַס דרייפוס, דעם שמש פון דער כּאָהרשוהל.

אַז דער געלעהרטער מאַטיאַס דרייפוס האָט דערהערט די געשיכטע, וואָס דער אַפּטייקער האָט געבראַכט צו פיהרען פון בערלין, אַז דאָרט איז ערשט פּורים, נישט פּסח, האָט ער זיך גענומען גריבלען אינ'ם לוח גאָר מיט אַנדערע כּלים, ווי עס פּאַסט פאַר אַ געלעהרטען, וואָס איז אי אַ שמש, אי אַ שוחט און הייסט דרייפוס. ער האָט זיך אַזוי לאַנג געגריבעלט, ביז ער האָט זיך אַרויפגע־

גריבעלט אויף אַ שטיקעל דרד. ער האָט געפרעגט אַ קשיא: וואו איז אַהינגעקומען דער „ואדר" (אדר שני)? — לויט זיין רעכענונג, ער געדענקט דאָס נאָך פון פאַראַיאָהרען, האָט היינטיגס יאָהר — דאָננערוועטטער! — באַדאַרפט אויסקומען איין עבור־יאָהר. אַ באַווייז האָט ער פונ'ם אָרגאַניסט, פריעדריך שפּיעלהאַגען; ער איז אַ כּריסט און שפּיעלט ביי די אידען יום־טוב אין כּאָהרשוהל; זאָגט ער, פריעדריך שפּיעלהאַגען, אַז ביי זיי איז היינטיגס יאָהר אויך איין עבור־יאָהר!

מיט דעם דאָזיגען וויכטיגען מאַטעריאַל איז אונזער געלעהרטער דרייפוס אַוועק צום ראַבינער, דאָקטאָר און פּרעדיגער, און ביידע האָבען זיך אַוועקגעזעצט שטודירען דעם לוח גאָר איבעראַנייעם — און דאָ איז געקומען די רעכטע קאַטאַסטראָפע: ביידע האָבען דערזעהן, אַז זייער לוח איז נישט פון יאָהר ת ר ס " ח (5668), נאָר פונ'ם יאָהר תרמ"ח (5648). דאָס הייסט, אַ פאַרצוואַנציגיאָהריגער לוח!...

דער פּאָרפאָסער פון דער דאָזיגער אמת'ער געשיכטע באַדאַנקט דעם געעהרטען לעזער פאַר דעם, וואָס ער האָט זיך געגעבען די מיה אויסצוהערען די מעשה כּמעט ביז'ן סוף, און לאָזט איהם איבער אויף זיין אייגענער פאַנטאַזיע, ער זאָל זיך פאַרשטעלען, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטהאָן אין דער שטאָדט נאָררענבערג, ווען מען איז געוואָהר געוואָרען פונ'ם רבין אַליין, אַז זיי האָבען פאַרחאַפּט דעם פּסח מיט אַ גאַנצען חודש פריהער, און אַז מע וועט דאַרפען פּראַווען פּסח נאָך אַ מאָל פונ'ם אָנהויב! איך וואָלט געקאָנט אויסניצען אַלע שאַרפע אויסדרוקען, ווי צום ביישפּיעל: עמפּערט, ענטטוישט, איבעראַשט, אויפגעבראַכט, אויפגעטראָגען, צעקאָכט, נידערגעשלאָגען, אויסער זיך, וכדומה. איך פיהל אָבער, אַז ס'איז נישט דאָס; ס'איז באַנאַל. דאָס ריכטיגסטע וואָרט

וואָלט געווען, דאַכט מיר, „פאַרניכטעט!“... באַרעכענט אייך: אַ גאַנץ האַלב יאָהר האָט אַ שטאָדט אַפּגעלעבט פאַלש נאָך איין אַלטען אָפּגעלעבטען לוח פון פאַר צוואַנציג יאָהרען! געפייערט יום־טובים נישט אין דער ריכטיגער צייט! געגעסען מצה דעמאָלט, ווען אַלע אידען האָבען געשלאָגען המנ'ען! היינט וואו זענען די בר־מצוות? די יאָהרצייטען? די קדישים?... און וועמען האָט מען צו פאַרדאַנקען? עפּיס אַ אידעל, אַ גאַרנישט, איין עמיגראַנט... „אַה, דער פּאַלנישער יודע!“ — האָבען געזאָגט די נאַררענבערגער אידישע דייטשען און האָבען זיך געשאַרפט די צייהן אויפ'ן „פּאַלנישען יודען“. לאָז ער נאָר קומען קיין נאַררענבערג מיט זיין פּעקעל ספרים, וועט ער שוין טרוקען נישט אַרויס...

און דער „פּאַלנישער יודע“, אונזער בוכהענדלער פּינחס פּינקוס, איז אין דער צייט געזעסען מיט נאָך אַ סך אַזעלכע אַרויס־געוואָרפענע, ווי ער, אויף אַ ריעזענשיף, וואָס איז געדולדיג און ראַשיג געשוואומען פון האַמבורג קיין ניו־יאָרק. פונ'ם גאַנצען דאַברע־מזל, וואָס ס'איז איהם געראָטען אַרויסצובאַקומען פון די „דייטשען“, האָט ער קוים צונויפגעשלאָגען אויף אַ שיפסקאַרטע צווישען דעק, און ער פאָהרט אָט דאָס אַהין, אינ'ם גאָלדענעם לאַנד. וואָס קאָלומבוס האָט אַנטדעקט צוליעב דעם, אַז אָרעמע אידען פון דער גאָרער וועלט, פאַריאָגטע און פאַרוואָגעלטע, באַרויבטע און פאַרשענדעטע, זאָלען קאָנען עהרליך און מיט כבוד, חאָטש אפילו מיט גרויס מיה, פאַרדיענען זייער שטיקעל ברויט...

לעזער! לאָמיר איהם ווינשען גליק און אַ פריילינען כשר'ען פסח.

# בלינצעס

## ערשטעס קאפּיטעל

[א געהיימער פּארשוין אין א קארעטע, מיט א צילינדער און מיט א רעגענשירם].

אויף איינער פון די זייטיגע גאסען פון דער גרויסער שטאדט נ., דעם ערשטען טאג שבועות אין דער פריה, פליהט א קארעטע, אין וועלכער עס זיצט איין עלעגאנטער פּארשוין אין א צילינדער, דאס פּנים פארשטעלט מיט א רעגענשירם, חאטש דער הימעל איז ריין ווי גאלד. צוגעפאהרען צו איינעם פון די גרעסטע שענסטע מויערען, שפּרינגט דער פּארשוין ארוים פון דער קארעטע, קוקט זיך ארום אויף אלע זייטען, צעצאהלט זיך אויף דער גיך מיט'ן קוטשער און טהוט איהם א מאך מיט דער האנט אהן ווערטער, ווי איינער רעדט: „איך דארף דיך מעהר נישט, קאנסט פאהרען ווייטער". די קארעטע פאהרט־אוועק, און דער פּארשוין נעמט זיך דוקא צוריק, צעהלט־אפּ דריי נומערען, און ביי איין אלט הויז מיט שווארצע פאררויכערטע ווענט, נומער 21B, בלייבט ער שטעהן און נעמט־ארוים פון קעשענע א וויים עלעגאנט ביכעלע פון עלעפאנטביין און לייענט שטילערהייט:

— נומער 21B, אין הויף, דריטער שטאק, לינקס.

אנגעקלונגען אין טויער, טרעט ער אריין אין א גרויסען פּיערעקעכיגען הויף, ווי א קאסטען, און נעמט באטראכטען די ווענט און די טירען און די פענסטער, און דערזעהט א וויים ברעטעל מיט שווארצע אותיות „כ ש ר".

— אַ! אַט דאָ איז דאָס! — זאָגט דער פּאַרשוין צו זיך אַליין, און איז זיינע אייגענע באַווייזט זיך אַ פייערעל און אויף די ליפּען — אַ צופריעדענע שמייכעלע פון אַ מענטשען, וואָס האָט געפונען דאָס, וואָס ער זוכט. מיט גיכע טריט קלעטערט ער ארויף אויפ׳ן דריטען שטאָק, און טרעפט דריי טירען: איינע אַקעגען, איינע רעכטס, איינע לינקס. אויף דער לינקער טיר דערזעהט ער ווידער אַ מאָל איין אויפשריפט „כשר“. נאָכדעם ווי ער האָט אַ ביסעל אָפּגעאָטעמט און אויסגעווישט זיך דעם שטערן, נעמט ער זיך ענדליך צום גלעקעל.

אַט דאָ מוזען מיר זיך אָפּשטעלען אויף אַ ווײַלע און אויפקלערען דעם לעזער: ווער איז אַט דער געהיימער פּאַרשוין? וואָס איז ער דאָס געפּאָהרען אַזוי פאַרשטעלט? צוליעב וואָס האָט ער אָפּגעצעהלט דריי נומערען צוריק? און וואָס האָט ער זיך אַזוי דערפרעהט, אַז ער האָט דערזעהען דאָס וואָרט „כשר“? — מיינע ליעבע פריינט! דאָס איז נישט שערלאָק האָלמס; דאָס איז דער העלד פון אונזער ראָמאַן — מאַרקוס ביבער, פאַרשטעהער פון דער פירמע „ביבער, שפּאַק עט קאָמפּאַניע“.

## צווייטעס קאַפּיטעל

[ רעדט פון זייטיגע ענינים, פון טענץ, פון עסענדיש, פון עולם־הזה וכדומה אַזעלכע זאַכען ].

איך קאָן אייך ניט זאָגען אַקוראַט, מיט וואָס די פירמע באַשעפטיגט זיך. איך ווייס נאָר, אַז מאַרקוס ביבער, דער פאַרשטעהער פון דער פירמע „ביבער, שפּאַק עט קאָמפּאַניע“, איז אַ רייכער סוחר און אַ געזונטער יונג און אַ זעלטענער פּאַרשוין און אַ ליעבער מענטש, און איז נאָך אַ בחור.

מאַרלאָזען זיך אַקאַרשט די שדכנים אַזוי ניט פרעהען — מאַרקוס ביבער האָט זיך געגעבען דאָס וואָרט, ער זאָל ניט חתונה האָבען קיינמאָל.

די, וואָס קענען איהם פונ׳ם אָרט, דערציעהלען, אַז אין דער יוגענט איז מארקוס ביבער געווען איין עלעגאַנטער קאַוואַליער, געהייסען „קראַסאַוויטשיק" און האָט זיך געמאַכט באַריהמט מיט זיין טאַנצען. ביי די מאַמזעלען פון שטאָדט איז געווען אַ גאַנצער יחוס, אַז „קראַסאַוויטשיק" האָט מיט זיי געטאַנצט. טאַנצען מיט אַ שענעם קאַוואַליער האָבען אַלע מיידלעך ליעב. פאַר וואָס ניט? עס איז גאָר קיין עולה ניט. מיט וועמען דען זאָלען זיי געהן טאַנ־צען? איך און איהר זענען שוין צו אַלט דערוייף, און אגב זענען מיר שוין לאַנג באַווייבט און האָבען שוין פאַרגעסען די שפּראַך פון טאַנצען. די טאַנצען־שפּראַך — דאָס איז אַ באַזונדער מין לשון, וואָס מע דאַרף עס קענען. אונזער העלד, מארקוס ביבער, האָט געקאָנט אַוועקטאַנצען אַ שעה כסדר און ניט אויפהערען שי־טען מיט פראַזען, ווי מיט בלומען: „איינס־צוויי־דריי — איהר זענט גרינגער פון אַ פעדער"... „איינס־צוויי־דריי — אייער טאַליע איז אַ חלום"...

איאַ, ס׳איז ביי אייך תרגום? מע דאַרף דאָס קאָנען און מע דאַרף וויסען, ווי אַזוי זיך מיט מאַמזעלען צו באַגעהן און ווי זיך צו האַלטען און וואָס מיט וועמען מע דאַרף רעדען. איך ווייס עס פון מיין אייגענעם ערפאַהרען. איך בין געווען אַמאָל אין אַ גע־זעלשאַפט. מע האָט מיך פאַרגעשטעלט פאַר די שענסטע דאַמען און מאַמזעלען פון שטאָדט, אַלס שרייבער און אַלס הומאָריסט. אַ בוקעט פון דאַמען און מאַמזעלען האָט מיך ארומגערינגעלט פון אַלע זייטען. געוואָלט הערען פון מיר אַ גוט וואָרט. איך האָב געמאַכט אַ שמועס פון... ליטעראַטור. תחילת האָבען מיינע דאַ־מען צו מיר זעהר זיס געשמייכעלט. נאָכדעם האָבען זיי זיך אָנ־געהויבען איבערקוקען איינס מיט דאָס אַנדערע. אַ ביסעל שפּע־טער האָב איך באַמערקט, אַז זיי פאַרשטעלען זיך די מיילער, מע זאָל ניט זעהען, ווי זיי געהניצען. געענדיגט האָט זיך עס דערמיט, וואָס איך בין געבליבען איינער אַליין, ווי ראָבינזאָן־קרוזע, און מיינע דאַמען און מאַמזעלען האָבען זיך צונויפגעשלאָ־

גען אין אַ ווינקעלע עפּיס אַרום אַ שענעם, אַ הויכען מאַנספּאַרשוין, און האָבען אַזוי געשמאַק און הילכיג געלאַכט, אַז ס'איז געווען אַ פאַרגעניגען צו הערען פון דער ווייטען. איך האָב געבעטען, מע זאָל מיך פאַרשטעלען פאַר דעם דאָזיגען מאַנספּאַרשוין. מע האָט מיך פאַרגעשטעלט. זיין נאָמען איז געווען מאַרקום ביבער („קראַסאַווטשיק“).

איצט איז דאָס שוין נישט דער מאַרקום ביבער, וואָס אַמאָל. אוים „קראַסאַווטשיק“. דאָס הייסט, ער איז נאָך היינט אויך אַ פיינער יונג. עלעגאַנט געקליידט, שטענדיג אויסגעפּוצט, גוט אַרומגעראַזירט און רעכט אָנגעפּאַרפּומירט, האָט מיט זיך שטענדיג אַ קליין בערשטעלע אויף צו פאַרקעמען די וואָנסעס אַרויף און אַ שפּיעגעלע אויף צו חאַפּען אַ קוק. אין זיין גרינעם שניפּס — אַ רויטע שפּילקע, אויפ'ן פינגער שעמערירט אַ בריליאַנט. דאָס וואָלט אַלסדינג געווען גוט, ווען נישט דאָס ווייסע טעלערעל אויפ'ן שפּיץ קאָפּ, וואָס ווערט אַלע טאָג גרעסער און גרעסער, און ווען נישט אָט דאָס בייכעל, וואָס ווערט אַלע טאָג העכער און העכער, און אַליין פיהלט ער זיך אויך פון טאָג צו טאָג אַלץ שווערער, גאַרנישט דאָס, וואָס אַמאָל. ווער רעדט פון דאַמען? מאַמזעלען? טענץ? טשעפּעט זיך אָפּ. איהם גלוסט זיך שוין גאָר רוהען, חאַפּען אַ דרימעל נאָכ'ן עסען. אַבי ס'זאָל נאָר זיין גוט געגעסען. גוט עסען און געשמאַק שלאָפען — וואָס מיינט איהר? ס'איז נישט אַזאַ גרויסע נאַרישקייט. איך ווייס נישט, מיט וואָסער אַ פילאָזאָפיע מיין העלד באַנוצט זיך, — און אפשר איז ער גאָר דער־גאַנגען מיט זיין אייגענעם שכל, אַז דאָס לעבען פונ'ם מענטשען איז אַזוי קורץ און די וועלט איז אַזוי נאַריש, אַז אַ שאָל שווארצע קאָפע מיט אַ האַוואַנע־ציגאַר נאָך אַ רעכטען מיטאָג שמעקט זעהר גוט און העלפט דעם מאָגען קאָכען... אַז וואויל איז צו דעם, וואָס קומט צו דער אידעע באַצייטענס, כּל־זמן דער מאָגען קאָכט נאָך און דער שלאָף לאָזט זיך נישט לאַנג בעטען. איהר קאָנט אייך אפילו זאָגען, אַז דאָס איז בורזשואַזנע, אַ געדאַנק פון איין עולם־

הזה׳ניק; אבער דאס וועט איהר ניט אפּלייקענען, אז א געדאנק איז דאס.

מיר געפעלט, וואס איך האב מיך אָרויסגעכאפּט מיט׳ן וואָרט „עולם־הזה׳ניק״. דאס איז דאס ריכטיגע וואָרט פאר אונזער העלד. מארקוס ביבער איז איין עולם־הזה׳ניק, א מורא׳דיגער עולם־הזה׳ניק. ער געהט מיט דעם גאנג, אז אלע קאָנען זיך נישט באשעפטיגען מיט איין זאך. פארהאן מענטשען, וואס געבען זיך אָפּ מיט עולם־הבא, דאס איז זייער עסק. ביבער, אז ער קומט אויף א ניי אָרט, זעהט ער זיך קודם א ריינע, א רוהיגע סטאנציע אינ׳ם בעסטען האטעל, און טאקי באלד טהוט ער א טראכט מכח עסען. אין דער צייט, ווען די אנדערע אנגעקומענע פּאסאַזשירען לויפען־ארום, דער — אנקוקען די שטאָדט, און דער — וועגען געשעפט, וועט איהר ביבערען זיכער געפינען אָדער מיט א גאפּעל אין האנט אין בופעט, ביי די פלעשלעך מיט די פארביי־סענס, אָדער מיט א ווייסער סערוועטקע אויפ׳ן האלז, ביי א טי־שעל אין רעסטאָראן, פארטיעפט אין דער שפּייזקארטע און שטו־דיערענדיג די אויסגערעכענטע מאכלים.

זענט איהר שוין, אלזא, א ביסעל באקענט מיט מיין העלד. שוין צייט זיך באקענען אויך מיט דער העלדין פונ׳ם ראמאן.

## דריטעס קאפּיטעל

[שטעלט פאר די העלדין פונ׳ם ראמאן].

זי איז נאך גאר א יונגע פרוי און הייסט פיין, און האלט א גאסטהויז, און האט צוויי קינדערלעך, וואס געהען אין גימנאזיע, מיט איין אלטער מוטער, וואס זיצט מיט זילבערנע ברילען איבער א גרויסען סידור און דאווענט, און מיט א קליין שוועסטערעל, וואס העלפט איהר אין געשעפט. א גאסט, אז ער שטעלט זיך נאר איין מאל אָפּ ביי דער מאדאם פיין, נעכטיגט־איבער איין

נאכט, אדער עסט־אפ איין אנבייסען, אדער רעדט מיט איהר צוויי ווערטער, וועט ער שוין דאס צווייטע מאל זיך ניט אפשטעלען איז ערגיץ. און אז ער וועט אזועקפאהרען, וועט ער איהר פנים, מיט איהר געשטאלט, מיט איהרע אויגען, מיט אלע איהרע באוועגונגען לאנג־לאנג טראגען ביי זיך אין זכרון. ס'איז אוממעגליך זי צו פארגעסען. אז איהר זעהט זי צום ערשטען מאל, ווייזט זיך אייך אויס, אז זי איז אייך קענטליך, אז איהר האט זי שוין ערגיץ אמאל געזעהען. רעדענדיג מיט איהר און קוקענדיג איהר אין די אויגען אריין, קומען אייך אויפ'ן זינען אלע שענהייטען פונ'ם חומש, ווי איהר האט אייך זיי פארגעשטעלט אמאל אין אייער יונגער ריינער פאנטאזיע, און איהר קומט מיט א פרעטענזיע צום רבונו־של־עולם:

„וואס וואלט דיך געאהרט, גאט, אז אלע ווייבער, למשל, וואס דו האסט באשאפען, זאלען זיין אזוי, ווי די מאדאם פיין? דיין וועלטעל וואלט דעמאלט געהאט גאר איין אנדער אויסזעהען. עס וואלט געווען א פרייד, וואס מע לעבט אויף דער וועלט"...

יא, א פרייד. עס איז א פרייד צו רעדען מיט דער פיין, צו קוקען איהר אין די אויגען אריין, צו הערען איהר קול, צו זעהען איהרע הענט. אך, איהרע הענט! צו וואס זי ריהרט זיך צו, איז גאלד. אלץ גלאנצט, אלץ שעמערירט, אלץ לעבט־אויף ביי איהר אין די הענט. און וואו זי געהט, און וואו זי שטעהט, איז ליכטיג. און טהוט זי אן אויף זיך א קלייד, זינגט דאס. און געהט זי דורך די שטוב, לאכען די ווענט. אלץ ארום איהר לעבט, אלץ זינגט, אלץ פרעהט זיך.

אט דאס איז אונזער העלדין, די ווירטהין פונ'ם גאסטהויז און אידישען רעסטאראן, וואס געפינט זיך אין איינער פון די זייטיגע גאסען פון דער גרויסער שטאדט נ., אין הויז נומער 21B, אין הויף, דריטער שטאק, לינקס.

אצינד, רעכען איך, וועט מיין לעזער זיין פארענטפערט א סך קשיות, און מיר קאנען פארטזעצען אונזער ראמאן.

## פערטעס קאפיטעל

[ אידישע פיש, מילכיגע בלינצעס און א יונגערמאן מיט איין ענגען קאלנער ].

נאך אז ער איז געווען אויף יענער זייט טיר, האט אונזער העלד דערפיהלט א געשמאקען ריח פון פיש, פון אידישע פיש, וואס האבען א טבע זיך לאזען הערען אויף א קוואדראטנע מייל ארום און ארום. זיי באריהמען זיך פאר דער גאנצער וועלט: „דרך־ארץ! מיר, אידישע פיש, זענען נישט גלייך צו אלע אנדערע פיש; אונז עסען אידען, ווארום מיר זענען געפילט מיט געווירצען און שמעקען מיט פעפער!“... אריינגעקומען אינוועניג, האט ער געטראפען א גרויסען, א ליכטיגען, א ריינעם זאל. די ווייסע ווענט זענען באהאנגען מיט גרינס. א לאנגער ווייסגעדעקטער טיש איז באפוצט מיט בלומען, און ארום טיש זיצען אלערליי אידען, מיט היטלען און אהן היטלען, מיט בערד און אהן בערד, אזעלכע, וואס רעדען אידיש, אזעלכע, וואס רעדען רוסיש, און אזעלכע, וואס רעדען דייטש, דאס הייסט, נישט אינגאנצען דייטש, נאר העכער האלב כמעט אויף דייטש. אויסגעטהאן דעם אויבערראק און אפגעלעגט דעם צילינדער, האט אונזער העלד פארנומען א לע־דיגען פלאץ, וואס איז נאך פארבליבען ביי'ם טיש, אקעגען עפיס א פארשוין מיט א רויט פנים, מיט א רויטען שניפס און מיט איין ענגען קאלנער. דער קאלנער קוועטשט איהם אזוי שטארק, אז ער ווערט שיער ניט דערוואַרגען. עס שפארען איהם די אויגען פון שטערן, נאר א מכה וועט עמיצער וויסען. ער וועט בעסער ליידען שטילערהייט, אפקומען חבוט־הקבר, פיהלען דעם טעם פון גיהנם, איידער אראפווארפען דעם קאלנער און אויסטהון אזא שע־נעם שניפס. פארנומען זיין פלאץ, פארנייגט זיך מארקום ביבער, ווי דער עטיקעט פאדערט עס, פאר זיין וויז־א־ווי, דאס הייסט, פאר'ן יונגענמאן מיט'ן ענגען קאלנער. און עס ווערט דורך דעם געשלאסען צווישען זיי א שטיקעל קענטשאפט. מארקום ביבער גיט איהם צו וויסען, אז ער איז דא דעם ערשטען מאל אינ'ם דא־

זיגען... דאַזיגען אידישען רעסטאָראַן. שטעהן — שטעהט ער, איינגענטליך, אין „גראַנד־האָטעל", און געקומען איז ער אַהער צו־ליעב שבועות. דאָס הייסט, ניט אַזוי צוליעב'ן שבועות, ווי צו־ליעב די שבועות'דיגע בלינצעס, חע־חע.

— חע־חע! — גיט איהם נאָך דער יונגערמאַן מיט'ן קאָלנער און ווערט נאָך רויטער און קוקט איהם גלייך אין די אויגען אַריין.

ביי די פיש ווערט אונזער העלד נאָך מעהר באַרעדעוודיג:

— אויסגעצייכענטע פיש! איך האָב שוין לאַנג נישט גע־געסען אַזעלכע אידישע פיש. אידישע פיש האָבען גאָר איין אַנ־דערען טעם. לעבען זאָלען די אידען מיט די אידישע מאכלים! איך בין, ווי איהר קוקט מיך אָן, עפּיס ניט אַזאַ כשר'ער איד, נאָר פון כשר'ע עסענס האַלט איך. ווער שמועסט — יום־טוב. יום־טוב עס איך נאָר כשרס. איך וועל אייך ניט אָוועקגעבען אַ אי־דיש שטיקעל פיש פאַר אַלע זייערע מאַרינאַדען און מאַיאָנעזען, און, צווישען אונז רעדענדיג, וועל איך אייך ניט פאַרבייטען איין אידיש ראָסעל־פלייש פאַר צוואַנציג גוויישע ביפשטעקסען, רומ־שטעקען, האַזבראַטען און ראָסטביפען. וואָרום, לאָמיר זיך נישט נאַרען: וואָס קאָן זיין בעסער פון אַ אידיש העלזעל, געפילט מיט מעהל? אָדער אַ טייגעכץ מיט לעבערלעך? אָדער נירלעך, אי־בערגעטרייסעלט מיט פאַרפעלעך? צי, אַשטייגער, וואָס געהט־אָפּ אַ אידישע יויך מיט מאַנדלען, מיט לאָקשען, אָדער גאָר מיט קרעפּלעך? האַ, וואָס זאָגט איהר?

דער יונגערמאַן מיט'ן קאָלנער זאָגט גאָרנישט. וואָס זאָל ער זאָגען? אַז אַך און וועה איז איהם, קוים וואָס ער חאַפּט דעם אָטעם. און ביבער קעהרט זיך אום צו אידישע פיש, רעדט אַלע מאָל העכער, וואָרום אַלע רעדען, דער גאַנצער עולם רעדט פון פיש, זיי קאָנען זיך ניט אָפּלויבען פון די פיש. זיי לויבען די פיש און די בעל־הבית'טע פון די פיש, די מאַדאַם פיין.

— אַז מע וויל אַ גוט שטיקעל פיש, זאָל מען טאַקי געהן נאָר צו דער מאַדאַם פיין. — זאָגט אַ איד מיט גראָבע ליפּען.

— אז מע וויל הנאה האבען פונ׳ם עסען, זאל מען עסען ביי דער מאדאם פיין. — האלט איהם אונטער א איד, וואס שוויצט מיט סכנת־נפשות.

— איך עס שוין באלד פיער יאהר ביי דער מאדאם פיין. — זאגט א יונגערמאן, וואס אז ער עסט, שאקעלט זיך ביי איהם דער קאפעליש.

מיט איינעם ווארט — פון אלע זייטען טיש הערט זיך נאר „פיין", און „פיין", און „פיין". און אט איז זי אליין אויך, די מאדאם פיין

## פינפטעס קאפיטעל

[ ברוך־הבא, בלינצעס! ].

אריינגעקומען איז די מאדאם פיין מיט א גאנצער סוויטע. פון איין זייט די אלטע מוטער, פון דער אנדערער זייט איהר יונג שוועסטערעל און פון הינטען איהרע צוויי קינדער, די גימנאזיסט־לעך. אלע געהען זיי אנגעטהאן יום־טוב׳דיג, און אלע זעהען זיי אויס יום־טוב׳דיג, און זענען אנגעלאדען מיט גרויסע פאלומיסקעס מיט הייסע בלינצעס, וואס לאזען זיך הערען מיט זייער מילכיגען ריח איבער׳ן גאנצען זאל.

מיט׳ן אריינקומען פון דער מאדאם פיין האט מען געקאנט מיינען, אז א באזונדערע שיין פון דער זון האט זיך מיט א מאל אריינגעריסען אהער אין שטוב אריין, און אויף אלע פנים׳ער האט זיך באוויזען ווי א שמייכעלע. אלע, ווי איין מענטש, הויבען זיך אויף און באגריסען די מאדאם פיין.

און די מאדאם פיין? ווייך, פראסט און פריינטליך, היימיש, ווי איין אייגענע, ווי א שוועסטער, געהט זי צו צו יעדען איינציגען פון די געסט, יעדען באזונדער האט זי וואס צו זאגען עפיס אזעל־כעס, וואס יענעם ווערט גוט אויף׳ן הארצען און ווארעם אויף דער

נשמה, און איהרע אויגען לאכען, און אַלעמענ׳ס אויגען לאכען, און אַלץ אַרום איהר לאכט און פרעהט זיך.

אונזער העלד, וואס איז, ווי אונזערע לעזער ווייסען שוין, אַזא ליעבהאַבער פֿין אידישע מאכלים, האט איצטיגס מאָל שטאַרק גענומען אויפ׳ן אויג די בעל־הבית׳טע פון די בלינצעס און נישט געקאַנט אַפּרייסען פון איהר די אויגען. ער פֿאַרשטעהט נישט, פון וואנען האט זיך גענומען מיט אַ מאָל אַזא ליכטיגקייט אין שטוב. און פון וואנען איז געקומען צו איהם פּלוצים אַזא וואַרעמקייט און אַזא פֿרייד? גערעדט האבען זיי צווישען זיך, דאכט זיך, קיין איינציג וואָרט. ער האט זיך נאַר אויפגעהויבען פון אָרט און זי האט איהם געשענקט אַ קוק, מעהר נישט ווי איין קוק פון איהרע ליכטיגע חנ׳עוודיגע לאַכענדיגע אויגען, און ער האט דערפיהלט, אַז עפּיס האט אויפגעוואַכט ביי איהם אין דער נשמה, עפּיס איין אומגעוועהנליכע זאך, וואס ער האט נאך ביז אַהער נישט בייגעוואוינט און וואס ער קאָן דאס אפילו ניט אָנרופען ביי׳ם נאָמען.

— ברוך־הבא, בלינצעס! — רופט ער זיך אָן צו זיין וויז־אַ־ווי און פיהלט, אַז ניט דאס האט ער געוואָלט זאָגען. ער קוקט שוין מעהר נישט אויפ׳ן יונגענמאַן מיט׳ן קאַלנער און אויף זיינע אַ־דיאַטישע אויגען. ער עסט די בלינצעס און לאָזט נישט אראפּ קיין אויג פון דעם מאַדאַם פּיין און הערט נישט אויף אין איינוועגס צו רעדען ווייטער:

— געפעלט אייך, אַשטייגער, די בעל־הבית׳טע פון די בלינצעס? וועט איהר זאָגען אין אייער לעבען, אַז דאס איז אַ ווירטהין פון אַ גאַסטהויז, פון אַ רעסטאָראַן? זעהט זי נישט אויס ווי אַ גרעפין? ווי אַ קייסעריני? האַ? וואס זאָגט איהר?

נאַר דער יונגערמאַן מיט׳ן קאַלנער זאָגט גאַרנישט. ער וועט נאך רויטער. ווי פריהער, און הייבט אָזש אָן צו שוויצען. און אונזער העלד גיט זיך דאס וואָרט, אַז זיין נאָמען זאָל ניט הייסען

ביבער, אויב ער וועט זיך ניט באקענען מיט דער דאזיגער מאדאם א ביסעל נעהענטער נאך היינטיגען טאג.

## זעכסטעס קאפיטעל

[ דער העלד בייט־איבער זיין קווארטיר פון „גראנד־האטעל" אויף נומער 21B, דריטער שטאק, לינקס ].

איך מיין, אז עס וועט קיינעם נישט זיין פריקרע, וואס מיין העלד, מארקוס ביבער, דער פארשטעהער פון דער פירמע „ביבער, שפאק עט קאמפאניע", האט זיך באלד נאך שבועות אריבערגע־טראגען מיט'ן גאנצען געפעק פון „גראנד־האטעל" אויף נומער 21B, דריטער שטאק, לינקס. אודאי איז אין „גראנד־האטעל" מעהר גרויסארטיג, מעהר שיק — וואס איז דא צו רעדען? דערפאר האט ער זיך אבער נאך קיינמאל אין ערגיץ נישט געפיהלט אזוי גוט און אזוי היימיש, ווי אט דא, צווישען גוטע מענטשען. מאר־קוס ביבער איז גיך געוואהר געווארען, ווי אזוי מע רופט די צוויי גימנאזיסטלעך. איינער הייסט הערצעל, דער אנדערער מישא. און ער שליסט מיט הערצלען און מיט מישאן גוטברודערשאפט, שפיעלט מיט זיי אין „ציעגען־וואלף" און אין „פעטשערלעך". מיט'ן קליינעם שוועסטערעל איז ער אויך געווארען א שטיקעל מחותן. און אפילו פאר דער אלטער מאמען, וואס זיצט מיט זיל־בערנע ברילען איבער א גראבען סידור, האט ער אויך וואס צו זאגען:

— באבעניו, איהר הערט ניט אויף צו דאווענען?

— איך דאווען שוין פאר מיינע קינדער און פאר מיינע אייניקלעך.

— אז ס'איז יא אזוי, טא דאוועגט שוין, באבעניו, פאר מיר אויך.

די „באבעניו" הויבט־אויף אויף איהם די זילבערנע ברילען און ענטפערט נישט גארנישט אויף דער חכמה.

הקיצור, אונזער העלד איז דאָ געוואָרען אַזוי היימיש, אַז עס גלוסט זיך איהם גאָרנישט אַוועקצופאָהרען פון דאַנען, נישט קוקענדיג דערויף, וואָס פון דער היים זעצט מען מיט בריעף, ער זאָל קומען צו פאָהרען. די געשעפטען רופען איהם. געשעפטען? וואָס פאַר געשעפטען קאָנען איהם אַוועקנעמען פון דאַנען, וואו ער האָט ענדליך געפונען זיין אמת'ען איינציגען אידעאַל אין לעבען? ווי אַזוי און ווען איז דאָס ביי איהם פאַרטיג געוואָרען — ווייסט ער אַליין נישט. אָט אַזוי, פון זיך אַליין. וויפיעל שידוכים מע האָט איהם איבערגערעדט! וויפיעל מיידלעך האָבען זיך נאָך איהם געיאָגט!... באַשערט איין אָרעמער, עלענדער פרוי, מיט צוויי קינדער, מיט אַ קליין שוועסטערעל און מיט איין אַלטער מאַמע, אַזאַ גליק! די קינדער וועט ער צושרייבען צו זיך, איבערגעבען זיי זיין נאָמען „ביבער“, דאָס קליינע שוועסטערעל וועט ער חתונה מאַכען, און די אַלטע באַבעניו לאָז זיך זיצען און דאַווענען געזונטערהייט.

אַזוי טראַכט זיך אונזער העלד, און ער שטעלט זיך פאָר, ווי די אָרעמע פרוי פיין וועט דאָס ווערען איבערראַשט, אַז ער, מארקום ביבער, דער פאָרשטעהער פון דער פירמע „ביבער, שפּאַק עט קאָמפּאַניע“, וועט איהר דערקלערען, אַז ער וויליגט־איין צו געבען איהר זיין נאָמען און צעטיילען מיט איהר זיין פאַרמעגען! „איך האָף, אַז איהר מיינט דאָס ערנסט?“ — וועט זי איהם זאָגען און די גאַנצע פאַרב וועט זיך צעגיסען איבער איהר פּנים, וואָס איז ווייסער פון מילך, און איהרע שענע אויגען וועלען זיך אָנצינדען מיט אַ ניי פייערעל!... דערווייל לעגט ער איהר פאָר בילעטען, אפשר וועט זי געהן מיט איהם אין טהעאַטער?... אַך, פאַר וואָס נישט?... די מאַדאַם פיין דאַנקט איהם זעהר. זי מוז איהם אָבער זאָגען, אַז אָהן די קינדער קאָן זי נישט געהן! זי האָט שוין לאַנג צוגעזאָגט נעמען זיי אין טהעאַטער אַריין. און וויבאַלד די קינדער, מוז מען שוין נעמען די שוועסטער אויך... געוויס. ער האָט גאָר אַנדערש ניט געטראַכט! און מאַרקוס ביבער נעמט אַ לאָזשע,

און געהט מיט דער מאדאם פיין און מיט איהרע קינדער און מיט איהר שוועסטערעל אין טהעאטער אריין.

## זיעבעטעס קאפּיטעל

[א ביסעל טעלעגראפען־ליטעראטור].

זיצענדיג מיט דער מאדאם פיין און מיט איהר משפחה אין דער לאזשע, טראכט זיך ביבער: ווי קומט דאס צו דער דאזיגער פרוי אזא האלטען זיך מיט אזא באנעמען זיך? א גרעפין דארף ניט זיצען שענער, ווי עס זיצט אט די ווירטהין פונ'ם רעסטאראן. אך, ווי שעי עס וועט איהר פאסען דער נאמען „מאדאם ביבער"!... אז ער וועט זי ברענגען צו זיך אין שטאדט, וועט זי פארשטעלען, פארטונקלען אלע שענסטע דאמען. נאטירליך, וועט ער קיינעם ניט דערצעהלען, אז זי האט וועז געהאלטען א גאסטהויז, א רעס־טאראן... ער וועט זאגען, אז זי שטאמט פון דעם גרעסטען אדעל, געהער זיך אז א שטיקעל אייגענע מיט די פאליאקאווס, האט א פעטער א מיליאנער אין מאסקווע און צוויי ברידער אינזשעניערען אין פעטערבורג...

די דאזיגע חלומות פארטראגען אונזער העלד אזוי וויים, אז ער הויבט אליין אן גלויבען אין די פעטערבורגער אינזשעניערען, און ער נעמט זיך אונטער מיט זיי צו בויען א נייע ליניע, און אז ס'וועט ניט האפּען קיין געלט, וועט מען זיך א נעם טהון צום פעטער צום מיליאנער. נישקשה, דאס קוויטעל „ביבער, שפּאק עט קאמפּאניע" איז א גוט קוויטעל...

— וואס זאגט איהר, מאדאם פיין?

וואס זאל זי זאגען? זי איז איהם זעהר דאנקבאר פאר דער לאזשע. ניט אזוי פאר זיך אליין, ווי פאר די קינדער. זי האט זיי שוין לאנג צוגעזאגט נעמען אין טהעאטער. א גוטע נאכט, הערר ביבער!

— אַ גוטע נאַכט, מאַדאַם פּיין! אַ גוטע נאַכט, הערצעלע! אַ גוטע נאַכט, מישענקע! מאָרגן זעהען מיר זיך. אַ גוטע נאַכט!

און מאַרקוס ביבער געהט־אַרויף צו זיך אין צימער און פּיהלט, אַז עס ווילט זיך איהם זינגען, עס ווילט זיך איהם טאַנצען. נאָר ניט ער זינגט, ניט ער טאַנצט. ער שפּאַנט־אַרום הין און צוריק און קאָן זיך קיין אָרט ניט געפינען. ער עסט זיך אויף אַ לעבעדיגען, פאַר וואָס ער האָט נאָך ביז איצט מיט איהר קיין האַלב וואָרט נישט גערעדט, נישט וועגען זיינע פּלאַנען, נישט וועגען זיינע געפיהלען. שוין פון עטליכע טעג, אַז ער קלויבט זיך מיט איהר וועגען דעם צו רעדען, און קאָן נישט. ער קאָן נישט! ער האָט נישט פאַר איהר קיין ווערטער, קיין שפּראַך. די אַלטע טאַנצענ־שפּראַך, פיהלט ער, איז דאָ נישט אויפ׳ן פּלאַץ. איבערצורעדען וועגען אַזאַ וויכטיגע זאַך דאַרף מען האָבען אַ מענטשען אַ געניטען, אַט, למשל, ווי זיין עלטערער שותף שפּאַק. שפּאַק האָט שוין אַליין חתונה געמאַכט קינדער. ער וואָלט דאָס דורכגעפיהרט בעסער, ווי אַלע. און אגב דאַרף מען דאָך טאַקי פריהער געבען צו וויסען אַהיים פון אַזאַ ערנסטען שריט, וואָס ער געהט מאַכען. לאָז זיך די אַלטע מוטער אויך פרעהען (ביבער האָט אַ רייכע מוטער, וואָס איז דער קאָפּ פון דער פירמע, און ער, מאַרקוס, איז איהר איינציגער יורש). און עס בלייבט ביי איהם, ער זאָל אַוועקשרייבען אַהיים אַ בריעף און בעטען דעם שותף, ער זאָל קומען צו פאָהרען וואָס גיכער. און נישט לאַנג געטראַכט, גענומען אַ בויגען פּאַפּיער און אַוועקגעזעצט זיך צום טיש און...

דאָ מוזען מיר אָבער איבעררייסען און זאָגען אַ פּאָר ערנסטע ווערטער. אונזער העלד, עס זאָל איהם צו קיין חרפּה נישט זיין, איז אין דער מלאכה פון שרייבען עפּיס נישט אַזאַ שאַרפער בריה. דאָס הייסט, ער איז, חלילה, נישט קיין עם־הארץ, וואָס קאָן קיין פען נישט האַלטען, נאָר ער איז מעהר געוועהנט צו שרייבען געשעפטליכע מעמאָראַנדומס, חשבונות, וועכסלען וכדומה אַזאַ מין ליטעראַטור. יעדענפאַלס, נישט אַזעלכע בריעף, וואו מע דאַרף

אויסגיסען אזוי פיעל געדאנקען מיט אזעלכע טיעפע געפיהלען, וואס לאזען זיך גארניט ארויסשרייבען אויף פאפיער. איז נישט גלייכער אפשר ארויסרופען אהער דעם שותף דורך א דעפעש?...

און עס הויבען־אן פליהען דעפעשען פון איין שטאדט אין דער אנדערער צווישעןביידע שותפים, פון ביבערן צו שפאקען און פון שפאקען צו ביבערן. מיר זעצען־איבער אויף א ציקאוועסט די דאזיגע טעלעגראפען־ליטעראטור.

1) פון ביבערן צו שפאקען:

„קומט צו פאהרען. ערנסט געשעפט. ביבער“.

2) פון שפאקען צו ביבערן:

„טעלעגראפירט וואסער א געשעפט? שפאק“.

3) פון ביבערן צו שפאקען:

„קומט צו פאהרען, וועט איהר זעהען. ביבער“.

4) פון שפאקען צו ביבערן:

„פאהרען אוממעגליך. טעלעגראפירט וויפיעל דארף מען זאלאג? שפאק“.

5) פון ביבערן צו שפאקען:

„קיין שום זאלאג. קומט צו פאהרען. ביבער“.

6) פון שפאקען צו ביבערן:

„ב׳קום מיט׳ן קוריער־צוג. שפאק“.

און שפאק קומט צו פאהרען מיט׳ן קוריער־צוג.

## אכטעס קאפיטעל

[ וואו דער לעזער האט א געלעגענהייט צו באקענען זיך מיט א נייעם פארשוין — שפאק ].

אויף וויפיעל מארקוס ביבער איז איין עולם־הזה׳ניק, אויף אזוי פיעל איז זיין עלטערער שותף, שפאק, אויסגעטהאן פון דער וועלט מיט אלע איהרע תענוגים און פארגעניגענס. שפאק האט פארקויפט די נשמה זיינע צום שווארצען יאהר און האט זיך אפגעגעבען מיט

לייב און לעבען צום געשעפט. ניט עסען, ניט טרינקען, ניט שלאָ־פען, נאָר געשעפט און געשעפטע און געשעפט. זיין ווייב און קינדער זאָלען אויף איהם ניט אַכטונג געבען, נאָכלויפען מיט גוואַלד, ער זאָל עפּים עסען, וואָלט ער אויסגעגאַנגען, ווי אַ ליכט. ער האָט אַזוי אויך אַ פּנים פון אַ רוח. אַליין איז דאָס אַ קליינס און אַ דאָרם און איין אַיינגעבויגענס, און אַ טבע האָט דאָס אַלע מינוט אָדער אַ פינטעל מיט די אויגען, אָדער אַ מאַך מיט דער נאָז, אָדער אַ הויב מיט די פּלייצעס. די געדאַנקען ביי איהם תמיד פליהען, די געשעפטען פליהען, און אַליין פליהט ער אויך. און רעדען רעדט ער אַזוי גיך, אַז ער מוז איבערהאַפּען עטליכע מאָל דאָס אייגענע צוריק, און איז שטענדיג אין כעס, ער ווייסט ניט אויף וועמען, ער ווייסט ניט פאַר וואָס, שמיצט זיך און וואַרפט זיך און שפּייעט — אַ שטיק משוגענער! נאָר, אין עצם, ניט קיין שלעכטער מענטש, האָט פיינט כבוד, קאָן ניט זעהען קיין טרערען און האָט ניט מורא פאַר קיין זאַך, נאָר פאַר אַ קאַץ און פאַר אַ דונער. אָט האָט איהר אייך דעם גאַנצען פּאַרשוין.

געקומען צו פאָהרען פון באַהן, ניט געשלאָפען אַ נאַכט, האָט שפּאַק געהאַט אַ שטיקעל סכסוך מיט'ן קוטשער, זיך געשמיצט און געוואָרפען און געשפּיגען, און צום סוף געמוזט באַצאָהלען צוויי מאָל אַזוי פיעל, און אפילו נישט אָפּגערוהט, נישט אייננגע־וואַשען זיך, נישט איבערגעביסען, האָט ער אַ נעם געטהאָן ביבערן אויף אַ זייט:

— וואָס איז דאָס געשעפט וואָס? גיכער, ווען געהט צוריק דער קוריער ווען? וויפיעל האַלט דער זייגער איצטער, גיך?

— האָט צייט. לאָמיר קאָרשט פריהער עפּים נעמען אין מויל אריין. — בעט זיך ביי איהם ביבער, און שפּאַק ווערט אין כעס, וויל נישט הערען פון קיין זאַך: אָדער געשעפט, אָדער אָט זעצט ער זיך אויף און פאָהרט צוריק אַהיים! אויף שפּאַקען איז צו גלויבען! מע זעצט זיך אַוועק, און ביבער דערצעהלט דעם שותּף זיינעם באַריכות, מיט אַלע איינצעלהייטען, אַ גאַנצע גע־

שיכטע, ווי אזוי ער האט זיך אפגעשטעלט אין „גראנד־האטעל“, ווי אזוי ס'איז געקומען שבועות, ווי אזוי ער האט זיך אנגעהויבען נאכפרעגען אויף א אידישען רעסטאראן, וואו מע קאן עסען מילכיגע בלינצעס, און אזוי ווייטער, ניט דורכגעלאזט קיין ברעקעל, אפילו דאס קליינע שוועסטערעל, די אלטע מיט'ן סידור, די צוויי קינדער, הערצעל און מישא, די לאזשע אין טהעאטער... די גאנצע צייט, וואס דער יונגערער שותף האט דערצעהלט, איז דער עלטערער געזעסען ווי אויף הייסע קוילען, געפינטעלט מיט די אויגען, געמאכט מיט דער נאז און געהויבען מיט די פלייצעס און געריבען האלז־און־נאקען: גיכער, גיכער! — ביז ס'איז געקומען צום רעכטען פונקט, און מארקוס ביבער האט געפיהלט, אז ס'איז איהם אראפ א שטיין פון הארצען.

זאל איך אייך געהן דערצעהלען, וואס ס'איז פארגעקומען, אז שפאק איז געוואהר געווארען פון דער גאנצער מגילה דעם רעכטען שפיץ, אז זיין יונגערער שותף, מארקוס ביבער, פארשטעהער פון דער פירמע „ביבער, שפאק עט קאמפאניע“, וויל חתונה האבען פאר דער רעסטאראטארשע פון דער דאזיגער אכסניה, וואס האט א שען פנים און קאן מאכען בלינצעס?... איין אנדערער אויף שפאק'ס ארט וואלט געווים אויסגעשאסען מיט א געלעכטער און אויסגע'בטל'ט אלע חלומות אויף די שונאים'ס קעפ. ניין, שפאק איז ניט אזא מענטש, וואס לאכט. שפאקען האט מען ניט געזעהען לאכען שוין העכער פינף און צוואנציג יאהר. שפאק האט זיך געחאפט מיט ביידע הענט בײ'ם קאפ און אנגעהויבען לויפען הין און צוריק, ווי א משוגענער, אהן ווערטער. נאכדעם ערשט האט ער אנגעהויבען רעדען — ניין, נישט רעדען, נאר שפריצען, שיטען מיט פייער. געשווארען זיך, אז ווען ער האט צייט, נעמט ער איהם, ביבערען הייסט דאס, און פיהרט איהם אפ צום דאקטאר. נאר אזוי ווי ער האט קיין צייט ניט, די געשעפטען לאזען ניט, טהוט ער א שפיי און פאהרט־אוועק אהיים און לאזט איהם איבער דא, ביבערען הייסט דאס, לאז ער זיך אנצינדען מיט זיינע

אכסניות און מיט די רעסטאראטארשעס און מיט די בלינצעס. לאז אלסדינג געהן קאפוט, אין דער ערד אריין אלע געשעפטען, אין דער ערד אריין!! ...

שפאק האט אזש צעשפילעט דעם קאלנער און פארוואָרפען דאס שניפּסעל פונ׳ם האלז ארויף אויף דער שאפע — אזוי אויפ־געבראכט איז ער געווארען אויף זיין שותף. און זיין שותף וואס האט געטהאן? גארנישט. געזעסען און געשוויגען. ביבער קען איהם. ער ווייסט, אז שפאקען דארף מען לאזען אויסשרייען זיך, איבערקאכען זיך, נאכדעם קאן מען מאכען מיט איהם וואס מע וויל.

— שוין? — זאגט צו איהם ביבער. — אצינד קומט־אראפּ אין רעסטאראן, וועלען מיר עפּיס נעמען אין מויל אריין.

אוןביידע פארשטעהער פון דער פירמע „ביבער, שפאק עט קאמפּאניע" לאזען זיך אראפּ אין רעסטאראן עפּיס נעמען אין מויל אריין, זעצען זיך אוועק צום טיש, און ביבער שטעלט פאר דער מאדאם פיין זיין עלטערען שותף הערר שפאק — און עס גע־שעהט א נס...

## נייענטעס קאפּיטעל

[די געשעהענישען אנטוויקלען זיך און א נייע פּערזאן ערשיינט אויף דער סצענע.]

אין כישוף גלויבט איהר? מע מוז אמאל גלויבען אין כישוף אויך, ווארום וואס דען איז דאס געשעהען מיט שפאקען? וואו איז אהינגעקומען זיין כעס, זיין משוגעת? גאר נישט דער שפאק! א שאט, ער האט גאר אויפגעהערט פינטלען מיט די אויגען! א שעה צוויי איז ער אפּגעזעסען מיט דער פיין ביי׳ם טיש, גערעדט מיט איהר פון אלסדינג אין דער וועלט, גארנישט באמערקט, וואו די צייט איז אהינגעקומען. און אז ער איז ארויפגעקומען ארויף, האט ער א ביסעל ארומגעשפּאנט הין און צוריק מיט גיכע טריט,

ווי זיין שטייגער איז, נאָכדעם האָט ער זיך אָוועקגעשטעלט קעגנען ביבערען, אויפהויבענדיג דעם קאָפּ צו דער סטעלי, אַריינגעלעגט די האַנט אונטער'ן קאַלנער און אַ זאָג געטהאָן צו איהם גיך, אי־בער'חזר'ענדיג דריי מאָל אַ וואָרט:

— דאַרפסט נישט מאַכען קיין לאַנגע שהיות דאַרפסט דו נישט מאַכען דו, און אַרויסרופען די מאַמע מיט אַ דעפּעש דאַרפסט דו אַרויסרופען.

ביבער פּראָטעסטירט. וואָס איז ער עפּיס? אַ יונגעלע? אַ חתנ'דעל, וואָס די מאַמע וועט קומען איהם אָנקוקען אַ כּלה? שפּאָקען איז אָבער שווערליך איבערצושפּאַרען. לשון־געשעפט — לאָזט איהם. אַ געשעפט פאַרשטעהט ער בעסער. און עס פליהט אַ דיפּלאָמאַטישע דעפּעש צו מאַדאַם ביבער:

„געשעפט פאָדערט אייער אַנוועזענהייט. קומט צו פאָהרען. שפּאָק".

אויף דער דעפּעש קומט באַלד צוריק אַ דעפּעש:

„וואָס איז געשעהען? טעלעגראַפירט געזונט מאַרקוס. אומ־רוהיג".

אויף דער דעפּעש פליהט נאָך אַ דעפּעש:

„מאַרקוס פאָלקאָם געזונט. קומט צו פאָהרען. שפּאָק".

אויף דער דעפּעש קומט צוריק אַ דעפּעש:

„כ'פאָהר מיט'ן קוריער־צוג".

נישט טוידט, נישט לעבעדיג, קומט צו פאָהרען די פרוי בי־בער, די מוטער פון אונזער העלד, אַ באַיאָהרטע, נאָך גאָר אַ שענע פרוי, מיט אַ רידיקיול אין האַנט. פאַלט דעם זוהן אויפ'ן האַלז, דאַנקט גאָט, וואָס זי האָט געטראָפען „מאַרקוסלען" אַ לעבעדיגען. אַז זי איז נישט געשטאָרבען אין וועג נאָר פון איבערטראַכטען אַליין, איז אַ סימן, אַז זי וועט נאָך, אם ירצה השם, לאַנג לעבען!

## צ ע ה נ ט ע ס  ק א פ י ט ע ל

[ אלע דריי פארשוינען נעמען זיך צו זייער דיפלאמאטישער ארבייט ].

שפאק, האטש ער איז א טרוקענער נפש, איז דאך מעהר דיפלאמאטיש, ווי ביבער. ער האט נישט דערצעהלט דער פרוי ביבער פון מארקוס'עס ראמאן, פארשוויגען די גאנצע מעשה. ער האט נאר צונויפגעפיהרטביידע פרויען אונטען אין זאל ביי'ם עסען — און גענוג. ס'איז שוין געווען ניט אזוי גרינג זיי צו שיידען זיך. די אלטע פרוי ביבער האט זיך געטראכט: „זעהט־נאר! ווען גאט שיקט מיר צו אזא שנור, וואס וואלט איך וועלען נאך פון זיין ליעבען נאמען?“... מע קאן זיך שוין פארשטעלען די טרערען, וואס האבען זיך איהר געשטעלט אין די אויגען, אז שפאק האט זי נאכדעם דיפלאמאטיש צוגעגרייט, אין וואס דא האנדעלט זיך, און אז „מארקוסעל“ אליין האט איהר אנטפלעקט דעם סוד, אז ער איז שטערבליך פארליעבט אין דער מאדאם פיין, און אז ער ווארט נאר, וואס זי, די מאמע זיינע, וועט זאגען?... די אלטע פרוי ביבער איז ווידער א מאל געפאלען איהר זוהן אויפ'ן האלז, געדאנקט גאט, וואס זי האט דערלעבט דעם נחת, אויף וועלכען זי קוקט ארויס שוין לאנג, שוין גאנץ לאנג... אמת, דער שידוך איז ניט פון זייער גראד, נאר ווער קוקט דערויף? ס'איז היינט איין אנדער וועלט געווארען... לאז גאט געבען, ס'זאל זיין מיט גליק.

— אמן! — רופט זיך אפ שפאק. — אצינד איז געבליבען נאר איין זאך איז געבליבען אצינד: מע דארף איבעררעדען דארף מען מיט איהר מכח דעם דאזיגען געשעפט מכח, און טאקי באלד טאקי, מארקוס, וואו האלט דער זייגער וואו?...

דעם פשט פון שפאק'ס ווערטער האט מען באדארפט פאר־שטעהן אזוי: „מיט איין אלטען בחור טאר מען לאנג ניט שפע־קולירען“... און אלע דריי פארשוינען קוקען אייננס אויף דאס אנ־דערע, פארשטעהען זיך אהן ווערטער.

עס איז שוין געווען שפּעטליך אין דער נאַכט, אַז אונזערע דריי פּאַרשוינען, ביידע שותּפים און די אַלטע פרוי ביבער מיט'ן גרויסען רידיקיול, האָבען זיך אַראָפּגעלאָזט אונטען אין רעסטאָראַן אַריין עפּיס עסען, און טאַקי דאָרטען שוין איבעררעדען מיט דער מאַדאַם פיין מכּח אַכטצעהן און דרייצעהן. אין זאַל איז נישטאָ קיינער. נאָר אין אַ ווינקעלע, ווי אַלע מאָל, זיצט די אַלטע מאַמע מיט די זילבערנע ברילען איבער איהר גראָבען סידור. ביידע שותּפים זעצען זיך אַוועק צום טיש, און די מאַדאַם ביבער רוקט זיך צו אויף אַ ווײַלע צו דער אַלטער, פאַרגעהט צו איהר מיט רעד, פריהער וועגען גלאַט אַזוי שטובזאַכען, ווירטהשאַפט, נעכטיגע טעג, ביז זי קומט אַרויף אויף קינדער, טאַפּט־אויס ביי דער אַלטער, וויפיעל ס'איז מעגליך, אַלע מעלות פון איהר טאָכטער און פאַר־געסט ניט בשעת־מעשה אויסצורעכענען פאַר איהר די מעלות פון איהר זוהן, ניט ווייל ער איז איהרער אַ זוהן, און נאָך אַ בן־יחיד דערצו, — אַלע וועלען דאָס אויף איהם זאָגען, אַז ס'איז דער איין אַפּענע האַנט. איהם אַז עמיצער געפעלט, איז די זעל מיט דער נשמה. גליקליך וועט זיין יענע, וואָס וועט אַריינפאַלען צו איהם, אין זיין גורל אַריין — דאָס טעלערעל פונ'ם הימעל!...

די אַלטע מיט'ן גראָבען סידור האָט אפילו ניט רעכט פאַר־שטאַנען, צוליעב וואָס יענע לויבט אַזוי אין טאָג אַריין איהר זוהן, דאָך האָט זי אָנגעשטעלט אויף איהר די זילבערנע ברילען און הערט זי אויס ביז'ן סוף. דאָס הייסט, ביז די פרוי ביבער שלאָגט זיך אַליין ניט איבער די רעדע, קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטען און טהוט אַ פרעג:

— וואו איז אייער טאָכטער?

די אַלטע טהוט־אויס די זילבערנע ברילען:

— איהר דאַרפט זי? אַט געה איך זי אַ רוף טהון. זי איז ביי זיך מיט די קינדער, מאַכט מיט זיי די „אוראָקעס".

— ניין, ניין. למאי זאל איך אייך מטריח זיין? אט וועל איך בעסער אליין אריינגעהן צו איהר אויף א ווײלע. ווײזט מיר נאר, וואו דאס איז?

און די פרוי ביבער נעמט איהר רידיקיול און לאזט זיך אראפ אויף א ווײלע צו דער מאדאם פיין.

לאמיר אקארשט איבערלאזען די ווײבער אויף שפעטער און זיך אומקעהרען צו אונזערע מאנסבילען. זיי זענען בילכער: מאנספארשוינען!

## עלפטעס קאפיטעל

[ עס שווימט־ארויף א באקאנטער פארשוין, און אונזערע צוויי שותפים ווערען שטארק איבערראשט ].

אונזערע צוויי שותפים, ביבער און שפאק, ביידע פארשטעהער פון דער פירמע „ביבער, שפאק עט קאמפאניע“, זענען זיך דערווייל געזעסען בײ׳ם טיש, זעהר געהויבען און יום־טוב׳דיג געשטימט, און געשמועסט וועגען געשעפט. דאס הייסט, שמועסען האט געשמועסט, אייגענטליך, נאר שפאק, ווארום שפאק, אז ער רעדט פון געשעפט, איז נישט נאר ער רעדט מיט אלע זיינע צוויי הונדערט אכט און פערציג אברים, נאר עס רעדען מיט איהם די ווענט. שפאק האט ליעב געשעפט ניט דערפאר, ווייל ער איז אזוי להוט נאך געלט. געלט — מהיכי־תיתי, ווער האט עס נישט ליעב קיין געלט? דער עיקר איז אבער בײ איהם געשעפט! געשעפט איז בײ שפאקען, ווי, אשטייגער, בײ א שאכשפיעלער — שאך, ווי בײ א שכור — וויין, אדער, איך בעט איבער אייער כבוד, ווי בײ איין אויסגעלאסענעם עולם־הזה׳ניק — שענע מיידלעך... מע קאן זאגען, אז שפאק איז פארליעבט אין געשעפט — און א סוף! אין דעם, ווי שפאק רעדט, קומט־ארײן אין זאל א פארשוין און פארנייגט זיך צו די שותפים גאנץ העפליך. אונזער העלד, מארקוס ביבער, הויבט־אויף די אויגען און קוקט־אן דעם אריינ־

געקומענעם פארשוין. א ? דאס איז זיין וויז־א־ווי פונ׳ם טיש, דער יונגערמאן מיט׳ן ענגען קאלנער. ווי קומט ער אהער ? און אזוי שפעט אין דער נאכט ? דערזעהענדיג, אז מע קוקט אויף איהם זעהר שטארק, איז דער יונגערמאן מיט׳ן ענגען קאלנער געבליבען שטעהן ניט אהין, ניט אהער, פארשוויצט, רויט ווי פייער, און די אויגען — אט־אט שפרינגען זיי ארויס ! פאר רחמנות בעט איהם ביבער זיצען, שטעלט זיך איהם פריהער פאר:

— מיר זענען, דאכט זיך, שוין באקאנט. מארקוס ביבער. און דאס איז מיין קאמפאניאן, שפאק.

דער יונגערמאן פונ׳ם ענגען קאלנער פארנייגט זיך נאך א מאל גאנץ העפליך און שטעלט זיך אויך פאר פאר די שותפים:

— פיין.

— פיין ?

— פיין.

— קעהרט איהר זיך נישט אן עפים א פריינט מיט דער מאדאם פיין ?

דער יונגערמאן פון דעם קאלנער זאל דאס אייך באווייזען אפילו א סימן פון א שמייכעל. ער קוקט מיט א פאר קיילעכיגע קעלבערנע אויגען גלייך ביבערען אין פנים אריין:

— די מאדאם פיין איז מיין פרוי, דאס הייסט, איך בין איהר מאן.

ווי אזוי האט זיך געפיהלט אונזער העלד, אז ער האט דער־הערט אזא מין בשורה, דארף דער לעזער, דאכט מיר, שוין אליין טרעפען. וויבאלד אז לוט׳ס ווייב איז געווארען א שטיק זאלץ, איז פון ביבערען געווארען א שטיין. גאנץ אנדערש האט אויס־געזעהן דער שותף זיינער. שפאק האט אנגעהויבען מיט א מאל שטארק פינטלען מיט די אויגען, מאכען מיט דער נאז, הויבען די פלייצעס, שפייען און שפריצען און איבערזעצען זיך פון איין בענקעל אויפ׳ן אנדערען. א פייער האט זיך אנגעצונדען אין שפאקען און א מורא׳דיגע שנאה צום יונגענמאן פונ׳ם קאלנער.

מע זאָל איהם לאָזען, וואָלט ער איהם אויפגעהאנגען אַט דאַ, אין מיטען זאָל, אויפ׳ן הענגלאָמפּ. און דער יונגערמאַן נעבאַך, גאָט די נשמה שולדיג, זעצט זיך אַקעגען ביידע שותפים און קוקט זיי ווי אַ זינדיגער מענטש, גלייך אין די אויגען אריין. לאָמיר איי־בערלאָזען אַקאָרשט די מאַנספּאַרשוינען און אַ קוק טהון אויף אַ ציקאַוועסט, וואָס טהוט זיך דאָרטען, ביי די ווייבער?

## לעצטעס קאַפּיטעל

[דאָס רעדעל, וואָס האָט זיך מאָדנע אַ דרעה געטהאָן, מאַכט אַ סוף צום ראָמאַן].

די פרוי ביבער, אַז זי איז אריינגעטראָטען מיט׳ן רידיקיול אין האַנט צו דער מאַדאַם פּיין, האָט זי געטראָפען זי זיצען מיט איהרע צוויי קינדער די גימנאַזיסטלעך איבער אַ ביכעל. די פרוי ביבער בלייבט שטעהן אַ ווײַלע אויף דער טיר. אפשר שטעהרט זי זיי? מאַדאַם פּיין שטעהט־אויף. זי האָט זיך נישט געריכט אויף אַזאַ גאַסט. זי בעט זי זיצען. אפשר וועט זי טרינקען טיי? ניין, די פרוי ביבער דאַנקט. זי דאַנקט פאַר דער טיי. אַך, וואַ־סערע שענע, וואָסערע ליעבע קינדערלעך ביי איהר! אַזעלכע קינ־דער אַז מע האָט, איז אַ ברכה פון גאָט. זי האָט גאָט גע־שטראָפט. נישט געגעבען איהר קיין סך קינדער. נאָר איינעם. אַ בן־יחיד. מאַרקוס — דאָס איז איהר איינציגער טרייסט. איין אויג אין קאָפּ. איינער — אָבער אַ געראָטענער. ווי געפעלט ער איהר?

— ווער?

— מאַרקוס. מיין זוהן מיין איד.

— דער הערר ביבער? אָ! זעהר־זעהר אַ פיינער מענטש. און אַ ליעבער מענטש. מיינע קינדער זענען פאַרליעבט אינ׳ם הערר ביבער. דער הערר ביבער באַלעוועט זיי צופיעל. אנומעל־טען זיי גענומען אין טהעאַטער...

— אין טהעאטער? חא־חא! דאס איז א קלייניגקייט. איהר קענט איהם נאך ניט. א מענטש אהן א גאל. און איין אפענע האנט. איהם, אז עמיצער געפעלט, איז די זעל מיט דער נשמה. גאט מעג איהם העלפען פאר זיין גוט הארץ. ער פאר־דיענט, אז מע זאל איהם ליעב האבען. גליקליך וועט זיין יענע, וואס וועט אריינפאלען צו איהם אין גורל אריין. דאס טעלערל פונ'ם הימעל!... ווארום זיין גוטסקייט, זיין געטריישאפט און זיין ליעבשאפט האט דען א גרונט? איך בין א מאמע, און ווער ווייסט נאך אזוי איהר קינד, ווי א מאמע? אט בין איך דא נאך נישט קיין טאג אפילו, און קאן איך זאגען, הערט איהר, אז זיין הארץ און זיין נשמה און ער אליין געהערען אינגאנצען, אינגאנצען צו אייך.

— צו מיר?!

— צו אייך, צו אייך, מיין קינד. איך פארשטעה אייך, איך געה אריין אין אייער לאגע, איך פיהל אייער הארץ, און עס וואונ־דערט מיך נישט, וואס איהר זענט רויט געווארען...

— מאדאם ביבער...

— איהר דארפט זיך ניט פארענטפערען. איך פארשטעה אייך גאנץ גוט. איך בין אליין אויך א פרוי. איך בין אויך גע־ווען אמאל יונג און שען. מע האט מיך אויך אמאל ליעב געהאט. שעמען זיך פאר מיר דארפט איהר ניט. ווארום איך בין א מאמע און בין איהם געטריי, און וויל איהם זעהען גליקליך. איך ווייס, אז אין אייך וועט ער געפינען דאס אמת'ע גליק, ווארום נישט איך און ניט ער אליין ווינשט זיך נישט קיין בעסערען זיווג, קיין בע־סערע פרוי, ווי איהר...

— מאדאם ביבער! גאט איז מיט אייך!...

— לאז גאט זיין מיט אונז אלעמען, קינד מיינס! רוף מיך נישט מאדאם ביבער, רוף מיך בעסער מוטער, ווארום איך בין דיר א מוטער, גלייך ווי איהם. איהר זענט מיינע קינדער, איך בין

אייער מוטער. אויב ס׳איז דיר נישט שטארק פריקרע, קום אהער, וועלען מיר זיך צעקושען אין די פיסקלעך, און לאמיר נאך היינט אויף דער נאכט ברעכען טעלער.

די מאדאם פיין שטעהט־אויף, נאר אנשטאט דעם, זי זאל צו־געהן צו דער פרוי ביבער, טרעט זי אפ צוריק. איהרע אויגען ברע־נען פאר כעס, נאר דאס פנים לאכט. זי חאפט ביידע קינדער פאר די הענטלעך, גלייך ווי עמיצער וואלט זיי וועלען ביי איהר אוועק־נעמען...

— מאדאם! איהר רעדט נארישקייטען! איך האב א מאן!

— הא? וואס?... איהר? איהר האט א מאן?...

— ביז הונדערט און צוואנציג יאהר.

— וואו?... ווער?...

— ווער? ער איז אין א געשעפט, ער איז א בוכהאלטער...

די פרוי ביבער איז געווען אויפגעשטאנען, זעצט זי זיך אוועק צוריק אויפ׳ן בענקעל, עפענט־אויף דעם רידיקיול, פארמאכט איהם צוריק און עפענט איהם אויף נאך א מאל, זי ווייסט נישט צוליעב וואס.

עס האט זי באשלאגען א קאלטער שוויים.

* * *

אין א באזונדער קופע, ערשטער קלאס, זיצען דריי פארשוי־נען. דער צוג פליהט, די רעדער קלאפען, די פאסאזשירען שוויי־גען. איינע, א באיאהרטע, נאך א שענע פרוי, מיט א רידיקיול אין האנט און מיט א קישעלע צוקאפענס, האלט צוגעמאכט די אויגען, מאכט זיך, ווי זי שלאפט. אקעגען זיצט איינער אייז אויסגעטריקענטער נפש איבער א גאנצען פאק מיט חשבונות, פינ־גערט מיט די אויגען, מאכט מיט דער נאז און הויבט מיט די פלייצעס, רעכענט בלומרשט, רעדט שטילערהייט מיט זיך אליין. מיט׳ן פנים צום פענסטער, די הענט ארונטער, שטעהט דער דריי־

טער, איין עלעגאַנטער פאַרשוין, און קוקט, ווי סלופּעס, שטיבער, בוימער, וועלדער, פעלדער פליהען פאַרביי, פאַרביי, און ווערען פאַרשוואונדען.

„אַט אַזוי לויפען, פליהען די טעג, די יאָהרען — טראַכט ער זיך — די בעסטע יונגע יאָהרען"...

# קנאָרטען

א מעשה פון איין אלטען אפיקורס, איבערדערצעהלט לכבוד חנוכה.

געשריבען אין יאָהר 1912.

# קנאַרטען

היינט זענען קאַרטען אַ וואָכעדיגער גאַנג.

וואו שפּיעלט מען היינט ניט אין קאַרטען? ווען שפּיעלט מען היינט ניט אין קאַרטען? און ווער שפּיעלט היינטיגע צייטען ניט אין קאַרטען?

אַמאָל, אויב איהר האָט אין דעם אַ געפיהל, האָט מען ביי אונז געשפּיעלט אין קאַרטען נאָר איין מאָל אין יאָהר — חנוכה.

דאָס הייסט, אַז מע וויל צוריק, פלעגט מען אַמאָליגע צייטען חאַפּען אין מיטען יאָהר אויך אַמאָל אַ קערטעל, און אַ רעכט קערטעל! אַ וואָרעמס! נאָר וואו? בחדרי-חדרים! בסוד-סודות!

אָדער ווינטער אין חדר, אויב איהר האָט אין דעם אַ גע-פיהל, ביין מנחה למעריב, אַז דער רבי איז געווען אין קלויז און געוואָרעמט זיך ביי דער לעזשאַנקע, כּלומרשט געלערענט „עין-יעקב" פאַר די בעלי-מלאכות; אָדער זומער אין אַ פינסטערער שטאָל, ביי אַ שפּאַרינקעלע פון דער טיר; אָדער גאָר אונטערגע-קויפט געצעל דעם שמש, אַ איד אַ הויקער און אַ יאַדעשליוועער דערצו, און פאַרשלאָסען זיך גאַנץ אויבען, אין דער ווייבערשער שוהל, איבערגעקעהרט אַ סטענדער, מחילה, מיט'ן פּנים אַראָפּ, און וואָליי אין „סטאַרשי קאַזיר", אָדער אין „איין-און-דרייסיג". אָדער אין „טערטעל-מערטעל"!

ריבה-לאה די גבאי'טע, זכרונה לברכה, זי איז שוין לאַנג אויף דער אמת'ער וועלט, האָט געפונען ביי זיך איינמאָל אין

סטענדער א זאך — איז זי שיער ניט אנידערגעפאלען חלשות: ווער האט עס איהר געקאנט אונטערוואַרפען אזא זאך אין סטענ־דער אריין? !...

איז זי ארויסגעלאפען אויף דער גאס, זיך געלאזט איבער דער שטאדט, און, אויב איהר האט אין דעם א געפיהל, גענומען שרייען:

— גוואלד, אידישע קינדער, ראטעוועט! גוואלד, איין אומ־גליק! א בלבול! קומט, וועל איך אייך עפּיס ווייזען, וועט איהר זעהען!

וואו איין אומגליק? און וואס פאר א בלבול? — האט מען ביי ריבה־לאה'ן נישט געקאנט דערגעהן בשום אופן.

— קומט, קומט מיט מיר, וועל איך אייך ווייזען!

און אט אזוי האט זי, אויב איהר האט אין דעם א געפיהל, צונויפגעזאמעלט ארום זיך איין עולם, קיין עין־הרע, פונ'ם רב מיט'ן דיין מיט'ן שוחט מיט'ן חזן, ביז די איבעריגע חשוב'ע בעלי־בתים פון שטאדט.

פארשטעהט זיך, אז מע האט דערזעהען, ריבה־לאה די גבאי'טע געהט און עס געהען איהר נאך דער רב מיט'ן דיין מיט'ן שוחט מיט'ן חזן מיט נאך בעלי־בתים, האט שוין דער פראסטער עולם אויך גענומען געהן זעהען, וואס טהוט זיך דארט. און ווייבער און יונגעלייט און יונגלעך זענען אויך געוועזן ציקאווע זעהען, וואס איז דארטען. און מע איז אוועק אלע מיט ריבה־לאה'ן — אין שוהל אריין. פריהער ריבה־לאה, דערנאך די שטאדט.

איהר קאנט אייך פארשטעלען, אויב איהר האט אין דעם א געפיהל, וואס פאר א פחד ס'איז געפאלען אויף דער שטאדט. אידען האבען געמיינט, אז ס'איז זיכער איין אומגליק: אדער א ממזר האט מען זיי אונטערגעווארפען, אדער א געהאנגענעם האט מען געפונען, אדער, חס־ושלום, איין עלילת־דם, אדער אזוי עפּיס א צרה אויף דער שטאדט...

ניט טוידט, ניט לעבעדיג, האָט מען אַרויפגעקלעטערט אויף דער ווייבערשער שוהל, ריבה־לאה די גבאי׳טע אויף־צו־פריהער, דער רב מיט׳ן דיין מיט׳ן שוחט מיט׳ן חזן נאָך איהר, און נאָך זיי דער איבעריגער עולם.

— וואו? וואו איז דער בלבול? — האָט דער עולם גע־פרעגט ביי ריבה־לאה דער גבאי׳טע, זיך צוגעהערט, טאָמער וועלען זיי דערהערען אַ קול פונ׳ם ממזר, אָדער דערזעהען הענגען אַ מענ־טשען, אָדער גאָר, חלילה, סימנים פון בלוט, וואָס שונאים האָבען אונטערגעוואָרפען, בכדי צו ברענגען איין אומגליק אויף דער שטאָדט.

און שטעלט אייך פאָר, אויב איהר האָט אין דעם אַ געפיהל, ווי איבערראַשט מען איז געוואָרען, אַז אַנשטאָט אַ לעבעדיגען ממזר און אַנשטאָט אַ געהאַנגענעם און אַנשטאָט בלוט, האָט מען דערזעהען אַ מאָדנע זאַך ביי ריבה־לאה דער גבאי׳טע אין סטענ־דער: אַ גלח מיט אַ שוואַרצען צלם! און נישט נאָר איין גלח, נאָר צוויי גלחים מיט צוויי צלמים: איין גלח פון אויבען, דער אנדערער גלח פון אונטען!...

אַלע האָבען זיך אָנגעבויגען, אַריינגעקוקט צו ריבה־לאה׳ן אין סטענדער אַריין: פריהער דער רב, דער דיין, דער שמש, דער חזן, דערנאָך די חשוב׳ע בעלי־בתים, און דערנאָך שוין דער גאַנצער איבעריגער עולם, איינס נאָכ׳ן אַנדערען. אַ קוק — און אַוועק. וואָרום נעמען צוריהרען זיך צו דעם מיט די הענט — דערויף איז קיינער קיין בעלן ניט געווען. אַ חוץ איין וועלוועל ראַמשע־וויטש, דעם חזנ׳ס איידעם.

וועלוועל ראַמשעוויטש, אַז ער האָט נאָר אַ קוק געגעבען, איז ער געוואָרען מלא גדולה, האָט זיך צעלאַכט און אויסגערופען מיט אַ שמחה:

— ס׳איז גאָרניט, ס׳איז אַ געלעכטער. ס׳איז דער מלך טרעף!...

— וואָס הייסט עס מלך טרעף?

— ס'איז אַ קאָרט פון די קאָרטעז, אַ שפּיעל, וואָס מע שפּיעלט...

— ווי זשע קומט זי אַהער, אין דער ווייבערשער שוהל, ביי ריבה־לאה דער גבאי'טע אין סטענדער? איז איין מאָל אוועק. והשנית, פון וואַנען ווייסט דו, דעם חזנ'ס איידעם, וואָס איז אַזעלכעס אַ קאָרט? און אַז זי הייסט מלך טרעף? און אַז דאָס איז אַ שפּיעל, וואָס מע שפּיעלט?...

אודאי האָט מיין ווע‏לוועל דערזעהען נעבאַך, אַז ער איז דאָ מיאוס אַריינגעפאַלען, איז ער געוואָרען, אויב איהר האָט אין דעם אַ געפּיהל, אַלערליי קאָלירען און האָט גענומען בעלעבעטשען מיט דער צונג „בע" און „מע", אַהין, אַהער, אַ וואָרט צו אַ וואָרט האָט זיך ניט געקלעפּט, — אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז...

נאָר נישט דאָס איז דער עיקר, וואָס איך האָב אייך געוואָלט דערצעהלען. דאָס איז אַ חוץ אַ מעשה, וואָס מיר לעגען־אָפּ אויף איין אַנדערש מאָל. עס איז נישט מעהר, ווי אַ מאמר המוסגר, ווי עס רופט זיך, אַ מין אַריינפאַהר צו אונזער געשיכטע פון די „קנאַרטען". איך האָב אייך נאָר געוואָלט ווייזען, אויב איהר האָט אין דעם אַ געפּיהל, ווי ווייט קאָרטען זענען אַמאָל געווען טרפה און ווי ווייט מע פלעגט זיך דאַרפען מיט זיי היטען.

איין וואָך אין יאָהר איז נאָר געווען אַ גליקליכע, וואָס דע־מאָלט האָט מען געקאָנט ביי אונז שפּיעלען אין קאָרטען פראַנק און פריי, בפרהסיה.

דאָס איז געווען די וואָך פון חנוכה.

און וויבאַלד מע שמועסט פון „פרייהייט", איז דאָך ניט שייך! האָבען מיר זיך צונויפגעקלויבען אַ גאַנצע חברה יונגעלייט, איינס און איינס, טאַקי ביי ווע‏לוועל ראַמשעוויטש אין שטוב. ער איז שוין דעמאָלט געווען, אויב איהר האָט אין דעם אַ געפּיהל, אַ חברה־מאַן, וואָס האָט זיך אָפּגעשערען באָרד און פאות דוקא אום ספירה־צייט, געראָיכערט שבת אַ פּאַפּיראָס דוקא אויפ'ן גאַ־

נעק, און געגעסען אַ גויישען קאַלבאַס דוקא אין די בייען טעג — און רופט מיך קנאַקניסעל!

און זיין ווייב, חיה'לע, דעם חזנ'ס טאָכטער, האָט זיך מיישב געווען און האָט אַראָפּגעוואָרפען דעם פּאַריק און געבליבען אין איהרע אייגענע דוקא געלע האָר, און האָט באַשאָטען מיט פּודער איהר דוקא געשטופּעלט פּנים, און טאָג ווי נאַכט מיט יונגעלייט: חאַ־חאַ־חאַ און חאַ־חאַ־חאַ, באַווייזען אַלעמען דוקא איהרע שוואַרצע צייהן.

„דאָס קלייזעל" — אַזוי האָט געהייסען ביי אונז ראַמשעס־ווימש'עס שטוב — איז געווען אָפען תּאָר אַלע יונגעלייט פון שטאָדט. דאָרט האָט מען געקאָנט לייענען אַ בלאַט־צייטונג, אַ פסול'דיג ביכעל, רויכערען שבת אַ פּאַפּיראָס, אין אַ תענית זיך טריף מאַכען מיט אַ קאַלבאַס — און דער עיקר האַפּען אַ קערטעל.

קאָרטען האָבען זייביידע ליעב געהאַט, אי ער, אי זי; זי נאָך מעהר, ווי ער. זי האָט געברענט, געווען אש־להבה! אַ סברה, אַז זיי האָבען געלעבט דערפון... מחמת זי האָט כסדר געהאַלטען אין איין געווינען. ס'איז איהר געגאַנגען די קאָרט, און איין עק! שטענדיג איז ביי איהר געווען טריומף. אַלע מאָל די בעסטע קאָרטען, אַלעמען האָט זי געשלאָגען, און געהט טהוט איהר עפּיס!

אויב איהר האָט אין דעם אַ געפיהל, וואָס הייסט איין איי־רעמעל אויף קעסט, באַדאַרף איך אייך זאָגען, אַז צוליעב איהר, צוליעב אָט דער חיה'לע מיט די רויטע האָר און געשטופּעלטען פּנים, האָט ניט איין איידעמעל, וואָס איז געזעסען אויף קעסט, פאַרשפּיעלט דאָס גאַנצע נדן מיט'ן ווייב'ס פּערעל און געמאַכט דעם שווערער פּאַר איין אַנזעצער.

מיט איינעם אַזאַ איין איידעמעל האָט זי אָפּגעשפּיעלט איינ־מאָל אַ גאַנצען ווינטער אין אָקע און געבראַכט דערצו, ער זאָל זיך גט'ען מיט'ן ווייב — אַ בילד, אַ קראַסאַוויצע — און אַריבער צו איהר אויף קעסט... איז געוואָרען אין שטאָדט אַ ויצעקו! וואָס זאָל איך אייך זאָגען? חושך ואפלה!...

נאָר דאָס געהער זיך נאָך אויך נישט אָן מיט אונזער גע־שיכטע פון די „קנאַרטען". נישט מעהר איך בין צוגעטראָטען צום סאַמע רעכטען אָרט, וואו די מעשה האָט זיך געטראָפען. דאָס הייסט, די געשיכטע, וואָס איך וויל אייך דערצעהלען, איז פאָר־געקומען טאַקי אין דעם „קלייזעל", וואָס איך זאָג אייך, — ביי די ראַמשעוויטשעס אין שטוב, און געווען איז דאָס דעם ערשטען טאָג חנוכה.

זענען מיר, אַלזאָ, געזעסען דעם ערשטען טאָג חנוכה אין „קלייזעל" ביי די ראַמשעוויטשעס און געשפּיעלט, אויב איהר האָט אין דעם אַ געפיהל, אין אונזער כשר'ען אידישען שפּיעל — אין אָקע.

און געשפּיעלט האָבען מיר דאַרטען, דאַרפט איהר וויסען, כּתות'ווייז, פּאַרטיעסווייז. איין פּאַרטיע האָט אָפּגעשפּיעלט, די אַנדערע האָט זיך געזעצט שפּיעלען. אַלע מאָל אַזוי. ווער ס'האָט געשפּיעלט אין דער פריה, ווער — בייטאָג, און ווער — אויף דער נאַכט. און מיט יעדער קאָמפּאַניע האָט געשפּיעלט איינער פון די ראַמשעוויטשעס. אַמאָל ער, און אַמאָל זי, און אַמאָל זיי ביידע. ביינאַכט, אַז ער איז געשלאָפען, האָט זי געשפּיעלט, און אַז זי איז געשלאָפען, האָט ער געשפּיעלט. און אַמאָל האָט זיך געמאַכט, אַז זיי זענען אַ נאַכט און צוויי נעכט און דריי נעכט ביידע נישט געשלאָפען, ביידע געשפּיעלט. סיידען אויף אַ האַלבע שעה אָפּגעטראָטען אויף אַ זייט און צווישען איין קאָהן און דעם אַנדערען, אויב איהר האָט אין דעם אַ געפיהל, אַנגעשפּאַרט זיך און געחאַפּט אַ דרימעל...

צושפּאַרען זיך און חאַפּען אַ דרימעל — דאָס האָט געקאָנט יעדערער פון די געסט אויך. ווער עס האָט פאַרחאַפּט פריהער איין אָרט אויף צו צושפּאַרען זיך — דער האָט געחאַפּט אַ דרימעל.

דאָס אייגענע איז געווען אויך מיט'ן עסען. אויפ'ן טיש איז תּמיד געשטאַנען אַ פלעשעל מיט אַ גלעזעל, אַלערליי געזאַלצענס און אַנגעשניטענער קאַלבאַס, און, אויב איהר האָט אין דעם אַ געפיהל, איז כּל דכפין — ווער עס וויל, דער קאָן געהן עסען.

פאַרשטעהט זיך, אַז דאָס אַלסדינג איז געווען על חשבון הקאָרטען. פון יעדען קאָהן האָט מען אַראָפּגענומען אַלע מאָל „מויד־געלט", פאַר דער מויד הייסט עס, חאָטש אין „קלייזעל" איז נישט געווען קיין שום מויד. די ראַמשעוויטשעס האָבען זיך ניט גענויטיגט אין קיין דיענסט. קיין מאָלצייטען האָט מען נישט געקאָכט, קיין בעטען נישט געבעט, די שטוב נישט געקעהרט. ס'איז נישט געווען קיין צייט דערויף. היינט צו וואָס א מויד? פון דעסטוועגען האָבען די ראַמשעוויטשעס נישט דורכגעלאָזט קיין שפּיעל אָהן „מויד־געלט". אַלע האָבען געוואוסט, אַז דאָס געהט אויף דירה־געלט, אויף הייצונג, אויף קאָרטען און אויף פאַר־בייסען: לעבעדיגע מענטשען. א לעבעדיגער מענטש דאַרף עסען. דערפון קאָנט איהר שוין פאַרשטעהן, אויב איהר האָט אין דעם א געפיהל, אַז עסען און טרינקען האָט איהר דאָרט געקאָנט ווען און וויפיעל אייער האַרץ גלוסט...

דאָס זעלבע אויך מיט פּאַפּיראָסען. גאַנצע קאַסטענס מיט פּאַפּיראָסען — און ווער עס האָט געהאַט גאָט אין האַרצען, דער האָט געבלאָזען. און מעהר פון אַלע האָבען גערויכערט די ראַמ־שעוויטשעס אַליין, ער און זי, זי נאָך מעהר פון איהם. איך קאָן מיר גאָרנישט פאַרשטעלען חיה'לע ראַמשעוויטש אָהן א פּאַפּיראָס אין מויל. דערצו דאָס אָנגעפּודערטע געשטופּעלטע פּנים מיט די נישט־פאַרקעמטע רויטע האָר, מיט די נישט־דערשלאָפענע אונ־טערגעשוואָלענע אויגען, און דער שטענדיג בלויער רויך, וואָס אין שטוב, מיט'ן טומעל, מיט'ן הו־האַ, — אָט דאָס אַלץ אינאיינעם, אויב איהר האָט אין דעם א געפיהל, קאָנט איהר זיך פאַרשטעלען, ווי דאָס „קלייזעל" האָט אויסגעזעהען חנוכה, ווען מע קאָן שפּיעלען אין קאָרטען פראַנק און פריי און מע דאַרף זיך נישט באַהאַלטען און נישט מורא האָבען פאַר א גוט אויג...

איך בין יענעם טאָג געווען פון דער דריטער אשמורה, דאָס הייסט, פון דער קאָמפּאַניע, וואָס האָט זיך געזעצט שפּיעלען דעם ערשטען טאָג חנוכה אויף דער נאַכט, צום צווייטען ליכטעל, און

נישט אויפגעשטאנען פון טיש, ביז מע האט באדארפט אנצינדען דאס דריטע ליכטעל, און א ביסעל ווייטער...

געבענטשט חנוכה־ליכטלעך האט נישט דער בעל־הבית, וועל־וועל ראמשעוויטש, חלילה, נאר איינער פון די געסט: אלי ראַ־פאלסקי, א יונגערמאן א צאצקע, איין איידעם אויף קעסט, וואס האט ליעב א קערטעל. נאר פון אידישקייט אפטרעטען — דאס ניט. און די ראמשעוויטשעס האבען געהאט זעהר א וואוילע טבע: ס'איז נישט זייער עסק. איהר מעגט אייך זיין וואס אין דער קארט, אדער, פארקעהרט, איהר קאנט אייך זיין פרום, ווי זיעבען שדים — אבי איהר האט אין קעשענע און שפיעלט אין אקע און ס'איז דא נאך פלאץ אויף נאך א האנט, — איז ברוכים הבאים, מיט'ן גרעסטען כבוד! אזוי פיעל מכות מיינע שונאים און אזוי פיעל גליקליכע יאהר מיר, וויפיעל מאל עס האט זיך גע־מאכט, מיר האבען אפגעשפיעלט מיט מענטשען, אויב איהר האט אין דעם א געפיהל, פינף נעכט מיט פינף טעג דורכאנאנד און זיך צעגאנגען און נישט געוואוסט, ווער זיי זענען און וואס זיי זענען און פון וואנען זיי זענען און וואוהין זייער געביין איז אהינגע־קומען. א קארט איז נישט קיין שידוך. מע קאן זיך זעהר שען שפיעלען אין אקע „בלינד" און נישט וויסען יענעמ'ס יחוס.

אלזא, זענען מיר געזעסען און געשפיעלט אין אקע, פאר־טיעפט אין דער ארבייט אזוי שטארק, אז מיר האבען גאר ניט באמערקט, ווי עס זענען אריינגעקומען צוויי פארשוינען, נאר אזעלכע מאדנע און נישט קיין געוועהנליכע, אז ווי נאר מיר האַ־בען דערהערט זייער „גוט יום־טוב" און אויפגעהויבען אויף זיי די אויגען, זענען מיר אלע געבליבען, ווי געפלעפט, אהן הענט און אהן לשון.

ווילט איהר דאך וויסען, וואס איז דאס געווען פאר א מין פארשוינען אזעלכע, וואס מע דארף זיך פאר זיי דערשרעקען? וועל איך אייך זיי אפמאהלען, ווי ווייט מעגליך, אין קורצען.

איינער אַ איד אַ הויכער, אַ לאַנגער, אַ שמאָלער, אין אַ זיי־דענער זשופּעצע; פּאות — לאַנגע, שמאָלע, פלעכטעלדיגע, ביז׳ן גאַרטעל; אויפ׳ן קאָפּ אַ שטריימעל; און אַ באָרד מיט אַ פּאָר וואָנסעס אַזעלכע, וואָס אַז מע באַגעגענט זיך מיט אַזאַ נפש ביי־נאַכט אין דער פינסטער, אין אַ שמאָל געסעל — מעג מען לייענען קריאת־שמע.

דער אַנדערער — דוקא אַ נידעריגער און דוקא אַ גראָבער, אויך מיט לאַנגע פּאות און אויך מיט מאָדנע באָרד און וואָנסעס, נאָר נישט אַזוי מסוכן, ווי דער ערשטער. אין איין האַנט האַלט ער אַ לאַנטערן, אין דער אַנדערער — אַ פּעטשיילע מיט געלט.

דערזעהען, אַז מיר האָבען זיך פּאַר זיי ווי דערשראָקען, האָט דער הויכער דער לאַנגער מיט די פלעכטעלדיגע פּאות אַרויסגע־לאָזט אַ שמייכעלע פון די וואָנסעס און אַ זאָג געגעבען נאָך אַ מאָל:

— אַ גוט יום־טוב אייך, ליעבע אידען. מיר זענען געקומען צו אייך גוט יום־טוב בעטען לכבוד חנוכה.

דערביי האָט ער געגעבען אַ קוק אויף די חנוכה־ליכטלעך, דערנאָך אויפ׳ן טישעל מיט די קאָרטען און אַרויסגעלאָזט אַ טיע־פען זיפץ. באַלד נאָך איהם האָט דער צווייטער, דער גראָבער, אויך געגעבען אַ זיפץ. ביידע האָבען געזוכט מיט די אויגען איין אָרט אויף צוצוזעצען זיך.

גוט, וואָס דער בעל־הבית, ראַמשעוויטש, האָט זיך געחאַפּט, אַז מע באַדאַרף זיין העפליך. האָט ער זיך געגעבען אַ הויב־אויף פון׳ם אָרט, אָפּגעגעבען די אַריינגעקומענע שלום־עליכם, אַנגעוויזען זיי, וואו צו זעצען זיך, און באַלד נאָך איהם האָבען מיר אַלע שוין געפונען פאַר נויטיג אָפּגעבען זיי שלום, איטליכער באַזונדער. ווער מיט אַ קוועטש ביי דער האַנט, און ווער גלאָט מיט אַ שאָקעל דעם קאָפּ צו זיי פון דער ווייטען.

אַנידערגעזעצט זיך, האָבען זיי ביידע ווידער איבערגעקוקט זיך און אַרויסגעלאָזט אַ טיעפען זיפץ. און דער בעל־הבית האָט גע־

פונען פאַר נויטיג אַ פרעג צו טהון ביי זיי: מה שמכם? פון וואַ־
נען? וואוהין? און וואָס? און ווען? — ווי געוועהנליך.

האָט אָפּגעענטפערט דער לאַנגער און דער שמאָלער מיט אַ
שפּראַד, אויב איהר האָט אין דעם אַ געפיהל, פון שמן־זית. פּאַ־
וואָלינקע, געצעהלטע ווערטער, און מיט אַ צוקערדיג זים שמיי־
כעלע פון די מורא'דיגע וואָנסעם אַרוים. עס האָט אויסגעזעהען,
אַז ניט ער רעדט, נאָר ער בענטשט און זופּט עפּים בעת־מעשה.

— איך בין, מיינע ליעבע אידען, דעם בעל־שם־טוב'ס איין
איניקעל, און געה אַרום כל ימי איבער דער וועלט און ריכט־אָפּ
גלות און זאַמעל געלט אויף ישיבות דאָ, אין חוץ־לארץ, און דאָרט,
אינ'ם לאַנד פון אונזערע אבות — אָך־אָך־אָך! און דאָס איז מיין
גבאי, וואָס געהט מיט מיר. — האָט ער אָנגעוויזען מיט די אויגען
אויפ'ן גראָבען, און ביידע האָבען אַרויסגעלאָזט אַ טיעפען זיפץ. —
אונזער גאַנץ לעבען האָבען מיר אַוועקגעגעבען פאַר ישיבות, גאָט'ס
תורה זאָל חלילה ניט פאַרגעסען ווערען — אָך־אָך־אָך! גיט, אי־
דען, אַ נדבה, וויפיעל אייער הארץ פאַרטראָגט... אחד המרבה ואחד
הממעיט... — האָט אויסגעלאָזט דעם בעל־שם־טוב'ס איניקעל מיט
אַ גלאַנץ די אויגען אַרויף און מיט אַ פּסוק, און דער גבאי האָט
איהם אונטערגעכאַפּט אויך מיט אַ פּסוק: „וכל המרבה מרבין לו
מן השמים“, פאַרגלאַנצט די אויגען אַרויף און געגעבען אַ לעג־
אוועק די פּעטשיילע מיט געלט אויפ'ן טיש מיט אַ קלונג. די
פּעטשיילע האָט זיך אויפגעבונדען און פון דאָרט האָבען אַרויס־
געקוקט אַ מאַסע זילבערנע און אויך גאָלדענע מטבעות.

געלט, זאָגט מען, געהט צו געלט. ווייל אין דער פּעטשיילע
זענען געווען אַ סך זילבערנע און גאָלדענע מטבעות, האָבען מיר
שוין ניט געקאָנט זיין אַזוי גראָב און האָבען אַריינגעוואָרפען אין
דער פּעטשיילע אַריין איטליכער פון זיין קעשענע, און בעת מעשה
איז אונז אַלעמען דורכגעפלויגען אַ מחשבה (איך ווייס פאַר גע־
ווים, אַז אַלעמען איז דורכגעפלויגען דער זעלבער געדאַנק): „אָך,

ווען איך האָב דאָ בײַ'ם טיש אַט די פּעטשיילע מיט געלט!... וואָס פאַר אַ ספּעקטאַקעל וואָלט איך אָפּגעשפּיעלט!"...

בײַ אונזער בעל־הבית'טע, חיה'לע ראַמשעוויטש, האָבען זיך אַזש די אויגלעך, אויב איהר האָט אין דעם אַ געפיהל, אָנגעצונדען און צעבערענט. דאָס האָבען באַמערקט אַלע, אַפילו דעם בעל־שם־טוב'ס אייניקעל מיט'ן גבאי, וועלכע האָבען זיך ניט געאײַלט צו־צונעמען די פּעטשיילע פון'ם טיש. זיי זענען געזעסען ביידע אַראָפּגעלאָזט די הענט און עפּים מאָדנע אַרײַנגעקוקט אין די קאָר־טען, וואָס זענען געלעגען צעוואָרפען איבער'ן טיש. עס איז געווען קענטליך, אַז זיי זעהען דאָס צום ערשטען מאָל אויף זייער לעבען.

— האָט קיין פאַראיבעל ניט, וואָס איך וועל אייך פרעגען, אפשר שטעהרען מיר אייך? — אַזוי רופט זיך אָן דעם בעל־שם־טוב'ס אייניקעל מיט זײַן שמן־זית־לשון און מיט זײַן צוקער־זיס שמייכעלע, אָנווייזענדיג מיט'ן מינדסטען פינגער אויף די צוואָר־פענע קאָרטען. — וואָס איז דאָס אַזעלכעס אַט אַ דאָס אַ?

— קאָרטען. — ענטפערען איהם ביידע מיט אַ מאָל, דער בעל־הבית מיט דער בעל־הבית'טע, קוקען זיך איבער מיט אונז, ווי איינער רעדט: „פאַרהאַן נאָך, אַפּנים, אַזעלכע ווילדע מענטשען אויף דער וועלט, וואָס ווייסען ניט פון קאָרטען צו זאָגען"...

דעם בעל־שם־טוב'ס אייניקעל האָט צוגעמאַכט איין אויג, פאַרקנייטשט דעם שטערן מיט דער נאָז, אויסגעדרעהט דאָס פּנים צום גבאי און אַ זאָג געגעבען מיט אַ זיפצעל:

— קנאָרטען?...

— קנאָרטען! — האָט איהם אָפּגעענטפערט דער גבאי, אויך מיט אַ זיפצעל.

— נישט קיין קנאָרטען, נאָר קאָרטען! — האָט זיך חיה'לע ראַמשעוויטש אײַנגעשטעלט צו פאַרריכטען, ניט אַראָפּלאָזענדיג קיין אויג פון דער פּעטשיילע מיט געלט.

פאַרשטעהט זיך, אַז נישט דעם בעל־שם־טוב'ס אייניקעל און נישט דער גבאי האָבען נישט אָפּגעענטפערט דער בעל־הבית'טע,

און אפילו איהר נישט געשענקט קיין קוק פון זייערע ווייבע, שמייכ־לענדיגע, קלוגע אויגען — אזעלכע אידען, אויב איהר האָט אין דעם אַ געפיהל, קוקען נישט אויף אַ נקבה.

— זאָגט זשע מיר, איך בעט אייך, וואָס איך וועל אייך פרעגען, אויב מיר שטעהרען אייך נישט — מאַכט דעם בעל־שם־טוב׳ס אייניקעל ווייעדער אַ מאָל צום בעל־הבית: — וואָס איז דאָס אזעלכעס קנאַרטען? און אויף וואָס דאַרף מען דאָס? דאָס הייסט, איך מיין, וואָס טהוט מען מיט דעם?

— מע שפּיעלט — ענטפערט איהם ראַמשעוויטש — אז עס קומט חנוכה, שפּיעלט מען אין קאָרטען.

דעם בעל־שם־טוב׳ס אייניקעל האָט ווייעדער צוגעמאַכט איין אויג, און ווייעדער אויסגעדריעהט פּאַוואָלינקע דאָס פּנים צום גבאי און אַ זאָג געגעבען מיט אַ זיפצעל:

— חנוכה שפּיעלט מען ביי זיי אין קנאַרטען. אַך־אַך־אַך!...

— אין קנאַרטען! — חזר׳ט־איבער דער גבאי מיט׳ן אייגע־נעם זיפצעל.

— וואָס זשע הייסט עס? — רופט זיך אָן דעם בעל־שם־טוב׳ס אייניקעל ווייעדער אַ מאָל צום בעל־הבית, לאַנגזאַם, מיט זיין שמן־זית־לשון. — ווי אזוי שפּיעלט מען דאָס אין קנאַרטען? און צוליעב וואָס?

— צוליעב געלט. — ענטפערט איהם ראַמשעוויטש, קוקט אויף אונז און אויף דער פעטשיילע מיט געלט.

אַפּנים, דער ענטפער „צוליעב געלט" האָט אויסגעוויזען ביי ביידע געסט שטאַרק ווילד און משונה אומגעלומפּערט, וואָרום זיי האָבען ביידע אין איין צייט אויסגעדרעהט זיך איינס צום אַנדערען און אָוועקגעשטעלט אזעלכע מאָדנע פּנים׳ער, אז דער עולם, וואָס האָט די גאַנצע צייט געשמיקט זיך, האָט נישט געקאָנט מעהר איינהאַלטען זיך און אויסגעשאָסען אַ געלעכטער.

— וואָס איז דאָ צו לאַכען? — האָט זיך די בעל־הבית׳טע אַנגענומען זייער קריוודע, פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס נאָר צוליעב

דעם, מע זאָל נישט זעהען, ווי זי לאַכט. און דער בעל־הבית, וועל־וועל ראַמשעוויטש, איז איהר געקומען צו הילף און געגעבען צו פאַרשטעהן די דאָזיגע אידען, קורץ און שאַרף, דעם שכל פון קאָרטען, אז קאָרטען איז א „זאַבאַווע" אויף צו פאַרבּרענגען די צייט, און א מיטעל אויף צו מאַכען געלט. קורץ — קאָרטען איז א געשעפט. א געשעפט, ווי אַלע געשעפטען.

אַזוי האָט אויסגעלאָזט וועלוועל דעם חזנ׳ס איידעם און א נעם געטהאָן זיך צו די קאָרטען און א קוק געגעבען אויפ׳ן עולם, בכדי צו באַווייזען די „דעקוטשליווע" אידען, אז מע איז פאַר־טהאָן אין געשעפט, און אז ס׳איז קורץ די צייט, און אז זיי מעגען שוין אויפשטעהן, אויפהערען דרעהען א מוח און געהן געזונטער־הייט.

די אידען האָבען אָבער, ווי עס ווייזט אויס, נישט אין זינען געהאַט אפילו אויפצושטעהן און אוועקצוגעהן. אדרבה, זיי האָבען זיך, אויב איהר האָט אין דעם א געפיהל, נאָך מעהר צוגערוקט צום טיש און געקוקט, ווי דער בעל־הבית טאַשט קאָרטען, מיט אַזעלכע אויגען, גלייך ווי זיי וואָלטען זיך געריכט, אז דאָ וועט אַרויס־שפּרינגען מי יודע וואָס פאַר א וואונדער!

— אויב מיר שטעהרען אייך נישט... — האָט דעם בעל־שם־טוב׳ס אייניקעל א זאָג געגעבען צו אונז אַלעמען מיט זיין שמן־זית־לשון און מיט זיין זיס שמייכעלע.

— איהר ווילט אָנקוקען, ווי מע שפּיעלט אין קאָרטען? — האָט איהם אונטערגעחאַפּט וועלוועל ראַמשעוויטש. — קוקט, איהר וועט אונז נישט קאַלי מאַכען... נו? קינדער! צו דער אַרבייט! די נאַכט שטעהט נישט! ווער איז ערשטע האַנט?

און די איבערגעריסענע אַרבייט איז אַוועק, ווי פריהער, און נאָך מיט מעהר פרישקייט, מיט מעהר היץ, מיט כונה, מיט קאָפּ, און טאַקי ווי עס רופט זיך: „לשמה"!...

די אידען האָבען נאָר געקוקט אונז אַלעמען אין די אויגען אריין, זיך צוגעהערט צו אונזער שפּראַך און געחאַפּט א קוק אויך

צו אַלעמען אין די קאָרטען, און אַלע מאָל, ווען מיר האָבען פאַר־וואַלינקע, ביסלעכווייז, אויב איהר האָט אין דעם אַ גטפּיהל, אַריינ־געקוקט אין דער איבערגעדעקטער קאָרט, האָבען אויך אונזערע צוויי אידען זיך איינגעבויגען אין דרייען און אַריינגעקוקט פון אונטען אַרויף אָדער פון אויבען אַראָפּ, און געמאַכט בשעת מעשה אַזעלכע גרימאַסען, אַז מע האָט באַדאַרפט זיין שטאַרקער פון אייזען, מע זאָל נישט פּלאַצען פון געלעכטער. אַ גליק, וואָס מע איז געווען אַריינגעטהאָן איטליכער אין זיין קאָרט, און קאָרטען, אויב איהר האָט אין דעם אַ געפיהל, האָבען אין זיך אַ כּח, אַז סיידען ערדציטערניש קאָן אַ מאָל שטעהרען.

איך האָב מורא, אַז איך בין געווען דער איינציגער, וואָס איך האָב זיי געהאַט, ווי מע רופט דאָס, אויפ'ן אויג. איך האָב פון צייט צו צייט געחאַפּט אַ קוק אויף מיינע צוויי אידען. עס איז מעהר ווי זיכער, אַז נישט זיי, נאָר מיר זעהען־אוים ביי זיי ווי ווילדע מענטשען, וואָס פאַרנעמען זיך מיט אַ ווילדער מלאכה, רעדען אויף אַ ווילדער שפּראַך און שהרען זיך, ווי ווילדע מענ־טשען: זיצען אָהן היטלען, בלאָזען פּאַפּיראָסען, בייטען זיך מיט פּאַפּיערלעך, וואַרפען געלט אין טעלער אַריין און רעדען זיך דורך מיט אַזעלכע ווערטער, וואָס קאָנען אויסזעהען, ווי טערקיש. וואָ־רום ווער איז דאָס מחויב צו פאַרשטעהן, אויב איהר האָט אין דעם אַ געפיהל, וואָס הייסט „פּאָס", „קווענץ", „שראַגע", „וויזאַ", „נאַראַש", „שקצים", „שיקסעס", „אויבער", „מלכּה", „מלך", „טויז", וכדומה אַזעלכע דבּורים, וואָס זענען שייך צו קאָרטען־שפּראַך?...

איך קאָן אייך שווערען בהן שלי, אַז מיר אַלע האָבען שוין געהאַט כּמעט פאַרגעסען אַז די צוויי אידען. פּלוצים טהוט עמי־צער אַ פּאַטש מיט אַ ווייסער האַנט איבער דער טאַש מיט קאָרטען אויפ'ן טיש און אַ זאָג:

— שאַט, אידען! מיר ווייסען שוין! מיר האָבען געחאַפּט דעם שניט! ס'איז אַ יצר־הרע! אַ גוואַלדיגער יצר־הרע, אַ קליפּה,

רחמנא לצלן! טהוט אונז צוליעב, גיט אונז אויך! ס'איז א יצר־הרע, א קליפּה! אוי, א קליפּה! גאָט וועט אונז מוחל זיין! זינ־דיגע מענטשען! זעהט, גיט אונז אויך! מיר ווילען אויך פאַר־זוכען דעם טעם פון קנאַרטען!

דאָס זענען געווען דעם בעל־שם־טוב'ס אייניקעל'ס ווערטער. געזאָגט זענען זיי געוואָרען מיט אזא ציטערדיג קול און מיט אזוי פיעל פייער און מיט אזא רחמנות־פּנים, כמעט מיט טרערען אין די אויגען, אז, ממש, עס האָט אויסגעריסען א שטיק האַרץ! און דערצו האָט מיטגעהאָלפען, אויב איהר האָט אין דעם א געפיהל, די פעטשיילע מיט זילבער און גאָלד... איטליכען האָט זיך געוואָלט (איך בין איבערצייגט, אז איטליכען!), אז די דאָזיגע פעטשיילע מיט זילבער און גאָלד זאָל אריבערגעהן צו איהם... ביי אונזער חיה'לע ראַמשעוויטש האָבען זיך אזש די אויגען אָנגעצונדען און די בעקלעך צעפלאַמט, און זי האָט זיך אָנגערופען צו איהר מאַן, וואָס איז געבליבען, ווי געלעהמט, און צו אונז אַלעמען:

— אידען בעטען... וואָס וועט אייך אהרען?... טהוט זיי צו־ליעב... לאָמיר זיי געבען קאַרטען צוליעב יום־טוב! צוליעב חנוכּה! — האָט זי צוגעגעבען מיט א שמחה, וואָס ס'איז איהר געקומען אויפ'ן זינען דער געדאַנק, אז היינט איז יום־טוב, חנוכּה, און די אויגען איהרע, אויב איהר האָט אין דעם א געפיהל, האָבען זיך איינגעקוקט שטאַרק אין דער פעטשיילע מיט געלט. וואָס דעם בעל־שם־טוב'ס אייניקעל האָט דערווייל צוגערוקט צו זיך און גע־נומען מיט טרייסלענדיגע הענט און ציטערדיגע פינגער ארויס־ציהען פון דאָרט א מטבע נאָך א מטבע, פריהער זיך, דערנאָך דעם גבאי, אָנגעלעגט א גאַנץ קופּקעלע מיט געלט, צוויי קופּקעלעך, איין קופּקעלע זיך, דאָס אַנדערע — דעם גבאי, און בעת מעשה פאַר־ענטפערט זיך, געערעדט צו זיך אַליין:

— נישקשה! מיר האָבען א שטאַרקען גאָט!... ממה נפשך, וועלען מיר געווינען, וועלען די ישיבות האָבען נאָך געלט... וועלען מיר, חלילה, פאַרשפּיעלען, וועט אונז גאָט מוחל זיין. ער איז איין

אל ארך־אפים! — האט ער אויסגעלאזט מיט א לשון־קודש־ווארט און מיט א גלאנץ די אויגען ארויף. און דער גבאי האט איהם אונטערגעהאפט אויך מיט א גלאנץ די אויגען ארויף און אויך מיט א לשון־קודש־ווארט:

— איין אל ארך אפים ורב חסד ואמת!...

דאס אלסדינג, וואס איך דערצעהל אייך, איז פארגעקומען אזוי פלוצים, אומגעריכט, אז קיינער פון אונז, אויב איהר האט אין דעם א געפיהל, האט קיין צייט נישט געהאט אפילו צו וואונדערען זיך, און עס האט אונז אויסגעוויזען אזוי נאטירליך, וואס נאטיר־ליכער קאן שוין גארנים זיין! און דערצו מוז מען מודה זיין, אז אלעמענ׳ס געדאנקען זענען געווען, ווי איך האב אייך שוין גע־זאגט, אין דער פעטשיילע מיט זילבער און אלעמענ׳ס אויגען זענען געווען אויף די קופקעלעך מיט געלט...

עס איז נאר געבליבען איין זאך אויף צו באשטימען: מי ומי ההולכים — ווער זאל שפיעלען? דאס הייסט, אזוי ווי עס זענען צוגעקומען פרישע צוויי פאר הענט, בלייבט א קשיה, ווער פון אונז זאל ארויספאלען פון קאהן?

פארשטעהט זיך, אויב איהר האט אין דעם א געפיהל, אז קיינער פון אונז האט קיין חשק נישט געהאט ארויסצופאלען פון קאהן ביי אזא געלעגענהייט צו שפיעלען אין אקע מיט׳ן בעל־שם־טוב׳ס אייניקעל, וואס האט געבראכט מיט זיך אזא פעטשי־לע מיט געלט. און עס האט זיך אנגעהויבען א דינגעניש: „געה דו". „געה דו". „פאר וואס איך?" „פאר וואס נים דו?"

דאס ערשטע כפרה־היהנדעל איז געווען דאס זיידענע איי־דעמעל, די צאצקע, וואס איך האב אייך געזאגט פריהער, אלי ראַ־פאלסקי, דער זעלבער, וואס האט געבענטשט חנוכה־ליכטלעך פאר אונז אלעמען.

אויף איהם איז געפאלען דער גורל, ווייל חיה׳לע ראמשע־וויטש האט אזוי געוואלט. זי האט געדרונגען, אז ער דארף געהן

אהיים. שוין שפעט. זיין שוועהר און שוויעגער וועלען האַבען טענות, מאַכען סקאַנדאַלען, לאַזען זיי געהן כּפּ־הקלע!

דאַס איז אַבער נאַר געווען לפּנים. אין דער אמת'ען, האַבען אַלע געוואוסט דעם סוד, אַז אלי איז אַ פאַרשפּיעלטער. עס טאַגט שוין ביי איהם לאַנג אין געלט, און לייהען וויל איהם קיינער נישט: אין מיטען שפּיעלען לייהט מען נישט.

האַבען מיר שוין איינעם גע'פּטר'ט. וואַס זשע טהוט מען מיט'ן צווייטען? דאַרף מען וואַרפען גורל, ציהען קניפּלעך, ווי דער שטייגער איז. און צו וואַס זאַל איך אייך לאַנג מאריך זיין? מע האַט גענומען די צוויי אידען צו דער אַרבייט און מע האַט אַנגעהויבען ביי זיי אָפּציהען אַ קופּקעלע. אין דער פּעטשיילע איז געוואָרען אַלע מאַל ווינציגער, און ביי אונז איז געוואָרען מעהרער. די אידען האַבען געברענט, ווי אַ שטרויענער דאַך. עס האַט שוין געהאַלטען דערביי, אַז די פּעטשיילע זאַל זיך אַט־אַט אויסלעדיגען עד לפּ"ק און פונ'ם בעל־שם־טוב'ס אייניקעל זאַל ווערען אַ גל של עצמות. עס איז שוין דורכגעפלויגען ביי אונז אַ מחשבה: וואַס וועט זיין, טאָמער בלייבען זיי אָהן אַ פּרוטה? וואַס וועט די שטאָדט זאָגען? וואַס וועט די וועלט זאָגען?...

נאַר אַ קאַרט, אויב איהר האַט אין דעם אַ געפיהל, האַט אין זיך אַ כּח, אַז אַט ליגט איהר אָרצה, אַט־אַט, דאַכט זיך, טראַגט מען אייך אַרויס אין אַ ליילעך; פּלוצים טהוט אַ שיין דאַס מזל און עס געהט אייך אַוועק דאַס בלאַט — איהר ווייסט אַליין נישט, ווי אַרום און פון וואַנען! אונזערע אידען האַט אָנגעהויבען צו געהן, ווי עס רעדט זיך, דורך טיר און דורך טויער! ובפרט פון דער מינוט אַז, ווען דעם בעל־שם־טוב'ס אייניקעל האַט אַליין גע־נומען אויסטיילען קאַרטען. „מע באַדאַרף נעמען די סטרא־אחרא אין די הענט אַריין" — האַט ער געזאָגט, אויסטיילענדיג קאַרטען, פריהער פּאַוואָליקע, האַרט ביי די ווענט, מיט נישט קיין געניטער, ציטערדיגער האַנט און עפּיס ווי צעטומעלט, מיט בלאַנזענדיגע אויגען, וועלכעס האַט אַרויסגערופען ביי אונז אַלעמען נישט קיין

קליינעם געלעכטער. נאָר נאָכדעם, וואָס ווייטער־ווייטער, האָט ער אָנגעהויבן געבן קאַרטען אַלץ גיכער און בעסער, און איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז עס האָט, אויב איהר האָט אין דעם אַ געפיהל, געבּרענט בּיי איהם אונטער די הענט — און געגאַנגען איז איהם מיט סכּנת־נפשות. וואָס איהר האָט — האָט ער מעהר: האָט איהר דריי אונטערם — האָט ער דריי אויבערם, האָט איהר מלכים — האָט ער טייז, האָט איהר טייז — האָט ער אַ נאַראַש! און טאַמער האָט איהר זיך איבּערגעשראָקען און האָט זיך אָוועקגעלעגט מיט אַ קווענץ — האָט ער שראַגע!

— רבּותינו! — האָט זיך דעם בּעל־שם־טוב׳ס אייניקעל אויפגעהאָפּט פון טיש שוין מיט׳ן טאָג גלייך און אויסגעגלייכט זיך די בּיינער, אַריינלעגענדיג דאָס גאַנצע געווינס מיט׳ן אייגענעם געלט שוין נישט אין דער פּעטשיילע, נאָר אין אַלע קעשענעס אַריין, מיט אַ גלאַנץ מיט די אויגען אַרויף און מיט אַ זיפצעל, און דער גבּאי נאָך איהם, אויך מיט אַ גלאַנץ מיט די אויגען אַרויף און אויך מיט אַ זיפצעל, געענדיגט פאַר איהם דעם פּסוק:

— הגיע זמן קריאת־שמע של שחרית — גרויסער טאָג, שוין צייט געהן אין שוהל אַריין דאַווענען...

פאַרטשאַדעטע, שלעפעריגע, הונגעריגע און דערשלאָגענע, אָנגעבּלאָזענע איינס אויפ׳ס אַנדערע, ווי געוועהנליך פאַרשפּיעלטע, זענען מיר אַ ווײַלע געבּליבּען זיצען, אויב איהר האָט אין דעם אַ געפיהל, ווי אָפּגעשמיסענע. דערנאָך האָבּען מיר זיך אויפגעהויבּען אַלע און אַ לאָז געגעבּען צום טיש — צום פלעשעל בּראָנפען מיט׳ן פאַרבּייסען, — אויסער אונזערע צוויי אידען, וואָס זענען שוין גרייט געווען זיך לאָזען צו דער טיר אַוועקצוגעהן, נישט פאַרגעסען צו זוכען אַ מזוזה... האָט זיך פּליצים אויפגעהאָפּט דער בּעל־הבּית, וועלוועל ראַמשעוויטש, פאַרלאָפען זיי דעם וועג, אָוועקגעשטעלט זיך מיט צענומענע הענט בּיי דער טיר און אַ זאָג געגעבּען צו זיי:

— בלאַטע! איהר וועט ניט אַוועקגעהן פון מיין שטוב, ביז איהר וועט עפּיס ניט נעמען מיט אונז אין מויל אַריין!...

קיין גרעסערע נקמה האָט טאַקי אונזער וועלוועל ניט געקאָנט צוטראַכטען. אונזערע אידען זענען נעבאַך געבליבען, אויב איהר האָט אין דעם אַ געפיהל, אין דער הינהערפּלעט, געקוקט איינס אויף דאָס אַנדערע מיט אַזעלכע אויגען, גלייך ווי מע וואָלט זיי זאָגען, זיי זאָלען מוחל זיין אויסלעדיגען די קעשענעס און אָפּגעבען צוריק דאָס גאַנצע געווינס. דער ערשטער האָט זיך אָנגערופען דעם בעל־שם־טוב׳ס אייניקעל מיט זיין שמן־זית־לשון און מיט זיין צוקער־זיס שמייכעלע:

— מיר דאַנקען אייך אודאי פאַר אייער גאַסטפריינדליכקייט. הכנסת־אורחים איז איינע פון די גרעסטע מצוות ביי אונז מן התורה... איהר דאַרפט אָבער נישט פאַרגעסען, אַז מיר זענען אַזעלכע אידען, וואָס נישט פון יעדער שחיטה עסען מיר...

דאָס האָט אונז שוין אַלעמען אויפגעטראָגען: אַזוי? נישט פון יעדער שחיטה עסט איהר? איהר האָט מורא, טאָמער איז ניט רעכט כשר? און אין קאָרטען שפּיעלען — דאָס מעגט איהר?... עס וועט אייך ניט העלפען קיין רבונו־של־עולם! האָט איהר פאַרזוכט איין אָקע מיט אַ באַנטשאָק, מוזט איהר שוין פאַרזוכען מיט אונז אַ... דאַרע קישקע!...

טוידט ווי די וואַנט זענען געבליבען שטעהן מיינע צוויי אי־רען און איבערגעקוקט זיך מיט מאָדנע אויגען. נאָכדעם האָט דעם בעל־שם־טוב׳ס אייניקעל אַרויסגעלאָזט אַ טיעפען זיפץ, כמעט אַ קרעכץ, און אָנגערופען זיך צו אונז מיט פאַרגלאַנצטע אויגען אַרויף:

— טאַ! אויך די אייגענע מעשה. ערשטענס, ביי אידען אין שטוב... אַ אידען טאָר מען נישט חושד זיין... והשנית, טאָמער אפילו איז, חלילה וחס, נישט אַזוי רעכט כשר, איז דאָך ממה־נפשך... מיר האָבען אַ גרויסען גאָט... „אלמלי נגדוה לחנניה מישאל ועזריה, פלחו לצלמא“...

אזוי האָט אויסגעלאָזט דעם בעל־שם־טוב׳ס אייניקעל און מיט צנועה׳דיגע טריט זיך געלאָזט צום טיש, וואו די בעל־הבית׳טע, היה׳לע ראַמישעוויטש, האָט גענומען צוגרייטען קילקעס, הערינג און קאַלבאַס.

— לחיים, אידען, לחיים! — האָט דעם בעל־שם־טוב׳ס אייניקעל געזאָגט ווידער מיט אַ זיפץ און געטרונקען צו אונז אַלעמען לחיים, קוים־קוים באַנעצט די ליפּען און גענומען זיך מיט ציטערענדיגע פינגער צום פאַרבייסען, פריהער צו די קילקעס מיט׳ן הערינג, דערנאָך צום קאַלבאַס. דאָס אייגענע האָט געטהאָן אויך דער גבאי, און ביידע האָבען זיי נעבאַך געזיפצט, שיער ניט געווארגען זיך מיט יעדען ביסען. און ערשט, אַז מע האָט אָפּגעגעסען, האָט זיך וועלוועל אין זיי נוקם געווען אויף דעם רעכטען אמת; ער האָט זיך מיישב געווען און רופט זיך אָן צו זיי גאָר אָהן אַ שום רחמנות, ווי איין אמת׳ער גזלן:

— ווייסט איהר האַטש, אַז דאָס וואָס איהר האָט געגעסען, האָט איהר געגעסען פון איוואַנ׳ס שחיטה? ווייסט איהר האַטש, אַז די דאָזיגע דאַרע קישקע איז איין אמת׳ער גויישער קאַלבאַס פון ח...

מעהר האָט וועלוועל נישט געקאָנט אַרויסרעדען, ווייל ביידע אידען האָבען זיך געגעבען אַ חאַפּ ביי׳ם קאָפּ און פייל אויס׳ן בויגען זיך אַ לאָז געגעבען מיט איין אימפּעט צו דער טיר און, אויב איהר האָט אין דעם אַ געפיהל, אוועק, ווי אַ שטורעמווינט, אפילו אָהן אַ זיי געזונט!

די נקמה, וואָס מיר האָבען דערלעבט אין די צוויי אידען, איז געווען אַזוי גרויס, אַז מיר האָבען שוין כמעט גאָר פאַרגעסען, אַז מיר זענען באַגראַבען געוואָרען אין דער דאָזיגער נאַכט נייען אייּלען, און האָבען זיך געחאַפּט ביי די זייטען און האָבען, אויב איהר האָט אין דעם אַ געפיהל, גענומען לאַכען, האָבען מיר געלאַכט און געלאַכט, געלאַכט און געלאַכט, געלאַכט און געלאַכט... נאָר פּלוצים האָבען מיר דערהערט אַ געשריי ניט מיט קיין מענטשליך קול:

— אוי! אַ דונער האָט מיך דערשלאָגען!! זעהט נאַר, זעהט!! איך וועל עס ניט אויס־האַלטען!!!

. . . . . . . . . . . . . .

דאָס קול האָט געהערט צו חיה'לע ראַמשעוויטש. מיר האָבען גאַרניט באַמערקט, ווי זי האָט זיך נאָכ'ן צובייסען גענומען צו איהר אַרבייט. זי האָט געהאַלטען ביי צונויפנעמען די אָפּגעשפּיעלטע קאָרטען אויף צו פּאַרקויפען זיי נאָכדעם אין קליינטעל אַריין, אָדער אויסבייטען זיי אויף נייע קאָרטען. ביי'ם סאָרטירען די קאָרטען האָט זיך איהר געוואָרפען אין די אויגען אַריין עפּיס צופיעל טייז, צו זעכס־זיעבען טייז אין אַ טאַליע!

מיר האָבען זיך אַלע געגעבען אַ נעם צו די קאָרטען, און, אויב איהר האָט אין דעם אַ געפיהל, אויפגעדעקט איין אוצר ניט נאָר פון טייז, נאָר אויך איבעריגע מלכים און מלכות און אויבערס און גלאַט געפינטעלטע קאָרטען האָבען זיך אַרויסבאַוויזען אָהן אַ שיעור!

דאָס ערשטע, וואָס מיר האָבען פאַרגענומען: אַנשטאָט אהיים, האָבען מיר זיך צעלאָזט איבער אַלע שוהלען און בתי־מדרשים, נאָכגעקוקט, נאָכגעשמעקט און נאָכגעפרעגט זיך אויף אַ בעל־שם־טוב'ס איין אייניקעל מיט אַ גבאי. לאָזט זיך אויס, מן הסתם, אַז קיינער האָט נישט געזעהען און קיינער האָט נישט געהערט, נישט קיין אייניקעל, נישט קיין גבאי!

זענען מיר געפאַלען אויף איין עצה: לאָמיר געהן צו דער באַהן! געקומען אויפ'ן וואָקזאַל, געזוכט, געשמעקט, דורכגעגאַנגען דריי מאָל הין און צוריק אַלע וואַגאָנעס — נישטאָ קיין אייניקעל, נישטאָ קיין גבאי. טאַקי נאָר ווי אין דער ערד אַריין!

ערשט נאָכ'ן דריטען גלעקעל און נאָכ'ן לעצטען פייף האָבען מיר דערהערט פון אַ וואַגאָן אַרויס אַ קענטליכע שטימע:

— קנאַרטען!!...

מיר אַלע האָבען זיך אַ וואַרף געגעבען און גענומען קוקען. פון איין אָפענעם פענסטער פון וואַגאָן צווייטער קלאַס האָבען אַרויסגעקוקט צו אונז צוויי פיגורען. איינע אַ לאַנגע און אַ שמאָלע, די אַנדערע אַ קורצע און אַ גראָבע. נאָר ביידע מיט געגאָלטע פּנים׳ער, מיט קורצע ווייטיקלעך און מיט קליינע קאַפּעלישלעך — און דאָך זענען אונז זייערע פּנים׳ער געווען ווי קענטליך. נישט אַזוי די פּנים׳ער, ווי די אויגען — ווייכע, שמייכלענדיגע, גנבה׳שע אויגען.

דער ערשטער, וואָס האָט זיי דערקענט, איז געווען דאָס צאַצ־קעדיגע איידעמעל, אלי ראַפּאַלסקי. ווי נאָר ער האָט דערזעהען זייערע שמייכלענדיגע פּנים׳ער, האָט ער אָנגעוויזען מיט׳ן פינגער גלייך אויף זיי אין פענסטער אַריין.

— אָט זענען זיי! — האָט אלי אויסגעשריגען נישט מיט זיין קול. — אָט זענען זיי, די צוויי אידען פון די קאָרטען, זיי, ווי איך בין אַ איד!

דער וואַגאָן זייערער האָט שוין אָבער געהאַלטען אין גלי־טשען זיך. די רעדער האָבען נאָר־וואָס אָנגעהויבען צו דרעהען זיך, און דורכפאָהרענדיג פאַרביי אונז, האָבען זיי אונז נאָך אַ מאָל באַשענקט מיט אַ קוק פון זייערע ווייכע, שמייכלענדיגע, ממזר׳ישע אויגען. און אלי ראַפּאַלסקין האָבען זיי, פאַר זיין אויסגעשריי, אונ־טערגעטראָגען אַ באַזונדערע מתנה: אַ קאָמבינאַציע, אויב איהר האָט אין דעם אַ געפיהל, פון דריטהאַלבען פינגער, וואָס מע מאַכט איבער דעם „בורא פּרי העץ“...

# הָמָן און מָרְדְכַי

איטליכער איד האט זיך זיין פּריז.
איטליכער פּריז האט זיך זיין אידען.
( א שפּריכווארט ).

אסתר־תענית נאך האלבען טאג האט זיך אין איינער פון די אידישע שטעדט פון אונזער אלטער היים. ביי א אידישען האטעל, אפּגעשטעלט א דיליזשאנס און ס'איז ארויסגעשפּרונגען פון דארטען א פארשוין מיט א שפּיצעכיג קאפּעלישעל אויפ'ן קאפּ, א דרייעקעכיגס, ווי א המן־טאש. אויסגעזעהען האט דער פארשוין ווי א רייכער מאגנאט מיט זעהר א בייזען, א שטרענגען קוק. באלד נאך איהם איז ארויסגעקראכען א איד מיט א לאנגער קאפּאטע, מיט א ברייטען טלית־קטן, מיט א פליסענעם קארטוז; א באָרד א קלאטשקעוואטע, א ביסעל א גרויליכע, טיעפע קנייטשען אויפ'ן ברייטען שטערן, און אויף די ליפּען א מאדנע שמייכעל פון א פילאזאף. געשלעפּט האט ער מיט זיך א גאנץ גרויסען זאק און גע־גאנגען מאדנע, מיט ברייטע טריט, און ניט אראפּגעלאזט קיין אויג פונ'ם בייזען פארשוין.

— האט איהר עפּיס א רעכטען חדר פאר מיין פּריץ? — אזוי האט זיך דער איד אנגעפרעגט ביי'ם משרת פונ'ם האטעל, א יונג מיט ביינער, מיט א קויטיג העמד און מיט א געלען שניפּס, וואס אמאל איז ער געווען, דער שניפּס הייסט דאס, אנטיק שבאנ־טיקען, נאר פון א צייט, אז ער האט אנגעווארען דעם גלאנץ מיט

דער פּאַרמע און האָט באַקומען אַ פּנים פון אַ פּלעכטעל פון אַ פּורים־קוילעטש, באַשאָטען פון אויבען מיט מאָהן.

מיט גרויס פּאַראַד האָט זיי דער משרת באַגעגענט, אַראָפּגע־נומען דאָס היטעל מיט אַ קנאַק און אַזוי אַריינגעפיהרט זיי אין האָטעל, זיי אויפגעעפענט דאָס גרעסטע, דאָס בעסטע, דאָס שענסטע צימער, נומער 1, אַ חדר, וואָס באַשטעהט פון צוויי חדרים; דאָס הייסט, פון אַ חדר מיט אַ פּעדערשט חדר'על, אויף אויסצוטהון די קאַלאָ־שען און אויפצוהענגען די מלבושים — און דאָס איז געווען פּאַר אונזערע פּאַרשוינען ווי געוואונשען: אינ'ם גרויסען חדר האָט זיך באַזעצט, געוועהנליך, דער פּריץ, און אינ'ם פּעדערשטען חדר'על — דער איד.

אוועקגעלעגט דעם זאַק אין אַ ווינקעל, האָט דער איד געשאַ־פּען, מע זאָל געבען דעם פּריץ אַ סאַמאָוואַר, און אַ פרעג געטהאָן:

— פאַרהאַן עפּיס ביי אייך וואָס צו פאַרבייסען?

— נאָך אַ מין פאַרבייסען! ס'איז דאָך עפּיס היינט אויף דער נאַכט פּורים ביי אונז אין שטאָדט. פאַרהאַן המן־טאַשען פרישע מיט מאָהן, און פלעדלעך, און קישעלעך, און מאָהנדלעך, און גלאַט פּורים־גרעט מיט שאָר ירקות. הע!

אַזוי האָט געזאָגט דער משרת מיט אַ ביסעל אַ גראָבליך שמייכעלע, באַוויזען בשעת־מעשה, אַז ער האָט געזונטע געלע ציינער. דערפאַר האָט ער אָבער באַקומען פונ'ם אידען זעהר אַ פריינטליכען פּאַטש אין פּלייצע מיט אַ שענעם יישר־כח, און איז אוועקגעגאַנגען מאַכען אַ סאַמאָוואַר און ברענגען די אַלע גוטע זאַכען, וואָס ער האָט דאָ אויסגערעכענט. און דער איד האָט זיך דערווייל געמאַכט גאַנץ באַקוועם, דאָס הייסט, ער האָט אויסגע־טהאָן דאָס פּליסענע היטעל און געבליבען זיצען אין אַ יאַרמעלקע, פאַרקאַטשעט די אַרבעל ביז די עלענבויגענס און האָט זיך באַזעצט אויף אַ בענקעלע ביי דער טיר פונ'ם פּריץ. און בכדי די צייט זאָל ניט אוועקגעהן אומזיסט, האָט ער אויפגעבונדען דעם זאַק, אַרויסגענומען פון דאָרטען עפּיס אַ ספר'על און האָט זיך פאַר־

טיעפּט, דאָס הייסט, דעם קאָפּ האָט ער איינגעבויגען, איין אויג האָט ער צוגעמאַכט, געקייט אַ שפּיץ באָרד און אַליין זיך בשעת מעשה צוגעשאָקעלט מיט'ן גאַנצען גוף. דאָס אַלסדינג אינאיינעם האָט אויסגעוויזען ביי דער וועלט אַ ביסעל פריקרע; ממה נפשך — איז דער איד דעם פריץ'ס אַ איד, היינט וואָס זיצט ער איבער אַ ספר? אלא וואָס דען? ער איז אַ ווילד־פרעמדער? וואָס זשע איז ער געקומען מיט'ן פריץ? און גלאַט וואָס טהוט ער היע גראָד היינט צו אסתר־תענית?

אַזוי האָבען זיך געשלייפט די מוחות די בעל־הבית'טע פונ'ם טאַטעל, די אורחים און סתם אידען פון דער גאַס, וואָס האָבען אַהער איין אַריינגעטריט. און בתוך כך האָט דער משרת געבראַכט צו טראָגען דעם סאַמאָוואַר מיט אַ גאַנצען בעקען פורים־גרעט, און פאַרבייגעהענדיג האָט ער דערוויייל אַ פרעג געטהאָן ביי'ם אי־דען, פון וואַנען איז דער אדון?

— דו דאַרפסט עס טאַקי נויטיג וויסען? — מאַכט צו איהם דער איד און נעמט זיך צוריק צום ספר.

— מיך אַהרט ניט, אַז איך וועל ניט וויסען, — מאַכט צו איהם דער משרת — נאָר די בעל־הבית'טע מיינע האָט מיר אָנ־געזאָגט, למען השם, איך זאָל ביי אייך פרעגען, פון וואַנען איז דער אדון?

— וועסט דו זאָגען דער בעל־הבית'טע דיינער, אַז פון פרס ומדי.

— פון וואָסער אַ שטאָדט?

— פון שושן הבירה.

— וואָס הייסט דאָס שושן הבירה?

— זאָג דיין בעל־הבית'טע, זי זאָל שיקען אַ קליגערען פון דיר.

דער משרת שטעהט אַ ווײַלע מיט אָפענע קעלבער־אויגען, קראַצט זיך אונטער'ן קאָלנער און געהט אוועק, און אין עטליכע

מינוט ארום קומט־צו די בעל־הבית'טע אליין, א אידינע א שווערע, וואס פון איהר וואלט געקאנט זיין צוויי און אפשר דריי אידינעס. און מחמת אלסדינג, וואס ווערט דא ביי אונז באשריבען ווייטער, קומט־פאר אינ'ם פעדערשטען חדר'על אין געשפרעכען, אלע מאל מיט אנדערע פארשוינען, לכן טיילען מיר דאס איין אין עטליכע בילדער און הויבען אן אזוי:

## סצענע 1.

די בעל־הבית'טע [א וויש די נאז ארויף]. גוט מארגען! איך האב אייך צוגעשיקט אט דא מיין משרת, איז ער אבער א גרויסע בהמה.

דער אורח. ער איז א בהמה? גיט איהם קייען שטרוי.

די בעל־הבית'טע. נישט דאס! ער פארשטעהט ניט וואס מע רעדט צו איהם. איך האב געוואלט ויסען, ווער איז דער פריץ און פון וואנען?

דער אורח [קוקט אריין אין ספר אריין]. פון וואנען מיין פריץ איז? פון שושן הבירה.

די בעל־הבית'טע. וואו איז דאס? אין וואסער גובערניע?

דער אורח [נעמט נישט צו די אויגען פונ'ם ספר]. אין פרס ומדי.

די בעל־הבית'טע [טראכט א ביסעל]. וואס איז ער? א גראף?

דער אורח. א ביסעל גרעסער פון א גראף.

די בעל־הבית'טע. א קניאז?

דער אורח. א ביסעל גרעסער פון א קניאז אויך.

די בעל־הבית'טע. א גענעראל?

דער אורח. א שני למלך.

די בעל־הבית'טע. א וואס?

דער אורח. א שני למלך ביי'ם קעניג אחשורוש.

די בעל־הבית'טע [ טראכט א ביסעל ]. וואס טהוט ער היע? ער מאכט עפּיס געשעפטען?

דער אורח. געווים מאכט ער געשעפטען.

די בעל־הבית'טע. וואס קויפט ער? — אימעניעס? וועלדער? צי גלאט אזוי ער לייהט געלט?

דער אורח. ער קאן קויפען און פארקויפען, און לייהען געלט, און וואס איהר ווילט.

די בעל־הבית'טע. פון וואנען־זשע זענט איהר? טאקי אויך פון דארטען?

דער אורח. טאקי אויך פון דארטען.

די בעל־הבית'טע געהט אוועק און קנייטשט מיט די פּלייצעס. „א מאדנער אורח!" — טראכט זי זיך. — „מע באדארף זיך באקענען מיט'ן פּריץ אליין... נאר ווי אזוי? אז דער איד זיצט, ווי א הונט, ביי דער טיר און לאזט ניט צו!" אויף איהר גליק טראגט־אן גאט א מעקלער, וואס האט געזעהען צופאהרען א דיליזשאנס, איז ער געקומען אויסטאפּען, ווער איז דער פּריץ און וואס דארף ער האבען? אין קורצע ווערטער גיט איהם די בעל־הבית'טע איבער, וואס זי האט געהערט פון'ם אורח, אז ס'איז א רייכער פּריץ, וואס מאכט געשעפטען, און זי נעמט־אויס מיט איהם א תנאי, אז טאמער וועט מען עפּיס מאכען, זאל זיין אויף דער האלב. און דער מעקלער מאכט דריי שפּאן און איז שוין ביי'ם אורח אין פעדערשטען חדר'על, און דא קומט פאר די —

## סצענע 2.

דער מעקלער [ ציהט־אויס דעם אורח א גראבע, א באוואכ־סענע האנט ]. שלום עליכם! איך האב געהערט, אז איהר זענט דא מיט אייער פּריץ, געקומען אהער עפּיס מאכען געשעפטלעך. איך בין א איד א סרסור, א מעקלער, פון געלט הייסט דאס. ביי אונז אין שטאדט פארנעמען זיך כמעט אלע אידען איבערהויפּט מיט געלט... ניטא ביי אונז קיין אנדערע געשעפטען, פארשטעהט איהר,

א חוץ געלט. איטליכער איד איז היע אָדער א קרעמער, אָדער א בעל־הלואה... בכלל, ווער איז דער פריץ אייערער? פון וואנען? וואס האָט ער? און וואָס דאַרף ער?

דער אורח. איך וויים ניט, צי איהר וועט איהם קענען. ער איז פון ווייט: פון פּרס ומדי.

דער מעקלער. פון פּרס ומדי? פון וואָסער שטאָדט?

דער אורח. פון שושן הבירה.

דער מעקלער. פון שושן הבירה? ווי אזוי איז דער נאָמען זיינער?

דער אורח. זיין נאָמען איז המן.

דער מעקלער [טרעט אָפּ צוריק]. המן? וואָ־וואָ־וואָסער המן?

דער אורח. המן, דער רעכטער, דער אמת'ער המן. המן בן המדתא...

דער מעקלער. נו, און ווער זענט איהר?

דער אורח. און איך בין זיין איד... מרדכי.

דער מעקלער. מ־מרדכי? דער וואָס היינט... אין דער מגילה?...

דער אורח [שטעהט־אויף פון'ם בענקעל, גלייך איהם אין פּנים אריין]. יאָ! יאָ! יאָ! מרדכי, דער זוהן פון יאיר, דער זוהן פון שמעי, דער זוהן פון קיש! [דעם „קיש" שרייט איהם אוים דער אורח גלייך אין אויהער אריין].

דער מעקלער [ווערט רויט פּאַר כּעס]. אַפּנים, איהר האָט ניט פון וועמען חוזק מאַכען?!

און דער מעקלער לויפט ארוים אין גרוים גרימצאָרן, און עס באווייזט זיך א פרישער פּאַרשויז, א יונגערמאַנטשיק מיט א געראזירט בערדעל, מיט שענע צוויי וואָנסעס, פּאַרדרעהט גאַנץ פיין ארויף, מיט א שען קייטעל אויפ'ן זשילעט, וואָס סע קאָן זיין, ס'איז א גילדענס, און סע קאָן זיין, אז ניין. אליין איז ער אייז אגענט פון זינגער'ס נייה־מאַשינעס. נאָר פון צייט צו צייט, אז

עס מאַכט זיך עפּיס אַ נייעס אין שטעדטעל, שרייבט ער אַריין אין אַ צייטונג און שרייבט זיך אונטער „דאָס געראַזירטע בערדעל".

## סצענע 3.

דאָס געראַזירטע בערדעל. גוט מאָרגען! דאָ, האָב איך געזעהען, איז צוגעפאָהרען אַ פּריץ מיט אַ אידען. האָב איך געוואָלט, אויב ס'איז מעגליך, האָבען מיט איהם אַ אינטערוויו.

דער אורח. וואָס הייסט דאָס אַ אינטערוויו?

דאָס געראַזירטע בערדעל. דאָס הייסט, איך וויל זיך מיט איהם דורכשמועסען.

דער אורח. גלאַט אַזוי?

דאָס געראַזירטע בערדעל. גלאַט אַזוי.

דער אורח. הייסט דאָך עס דברים בטלים. ווער זענט איהר?

דאָס געראַזירטע בערדעל. איך בין אַ האַלבער אַגענט פון מאַשינעס. נאָר העכער האַלב בין איך אַ שרייבער, אַ קאָרעספּאָנדענט פון אַ אידישער צייטונג. קאָן איך זעהען אייער פּריץ?

דער אורח. ניין, איהר קאָנט איהם ניט זעהען.

דאָס געראַזירטע בערדעל. פאַר וואָס?

דער אורח. דערפאַר, ווייל ער איז צו אַ גרויסער פּריץ.

דאָס געראַזירטע בערדעל. ווער איז ער? פון וואַנען? און ווי אַזוי הייסט ער?

דער אורח. ער איז אַ מאַגנאַט. פון שושן הבירה. און זיין נאָמען איז — המן. איז אייך באַקאַנט דער נאָמען?

דאָס געראַזירטע בערדעל. דער נאָמען איז מיר קענטליך... נאָר די שטאָדט — האָב איך קיינמאָל ניט געהערט. וויט איז עס?

דער אורח. אין פּרס ומדי... פון הודו ביז כּוש... געהערט אַמאָל?

דאָס געראַזירטע בערדעל [ דרעהט די וואנסעם ]. קיינמאָל ניט! [ נעמט־ארויס א נאָטיץ־ביכעל מיט א בלייטשיפט, גרייט צו פארשרייבען ]. ווי אַזוי, זאָגט איהר, איז דער נאָמען?

דער אורח. המן.

דאָס געראַזירטע בערדעל. דער זעלבער נאָמען, וואָס מע עסט נאָך איהם המן־טאַשען? היינט, דאַכט זיך?

דער אורח. אַט, אַט, אַט! נו, און דעם נאָמען מרדכי האָט איהר געהערט אַמאָל?

דאָס געראַזירטע בערדעל. יאָ, עפּיס דאַרט איינ־איינעם מיט יענעם המנ׳ען האָב איך געהערט לייענען דאַרטען... [ נעמט זיך צום נאָטיץ־ביכעל ].

דער אורח. זאָלט איהר וויסען זיין, אַז דער פּריץ מיי־נער — דאָס איז ער אַליין טאַקי, אַט יענער המן פון שושן הבירה...

דאָס געראַזירטע בערדעל [ קווייטשעלט זיך, ווייסט ניט וואָס ער זאָל שרייבען ]. וואָ־וואָס הייסט? איך פאַרשטעה ניט! ער לעבט נאָך, יענער המן? דאַכט מיר, ער איז שוין לאַנג גע־שטאָרבען?...

דער אורח. און איך בין דאָס זיין איך — מרדכי היהודי היושב בשער המלך... [ די לעצטע ווערטער זינגט ער מיט׳ן ניגון פון דער מגילה ].

קיינמאָל אויף זיין לעבען האָט אונזער אַגענט אַזוי שטאַרק ניט פאַרדראָסען, ווי אַצינד, וואָס ער איז ניט באַקענט מיט די קליינע אותיות; אין דער דאָזיגער מינוט האָט ער שטאַרק חרטה געהאַט דערויף, וואָס ער האָט יונגעלווייז ניט געוואָלט אַריינקוקען אין קיין אידישען ספר. די גאַנצע באַד האָט ער אַרויפגעלעגט אויף זיין טאַטען. שולדיג איז אינגאַנצען ער, דער טאַטע זיינער. אַ טאַטע איז מחויב צו לעהרנען אַ קינד...

דאָס געראַזירטע בערדעל. איז ער, הייסט דאָס, פון יענע המנס, וואָס... וועלכער... קאַטאַרי?...

דער אורח. ניט פון יענע המנס, נאר טאקי יענער המן אליין, דער אמת'ער המן! וויפיעל מאל דארף מען אייך קלאפען אין מח אריין?

דאס געראזירטע בערדעל [האפט־ארויס א פעטשייע, ווישט זיך דעם שוויס. אין דעם עפענט זיך די טיר און עס באווייזט זיך א נייער נפש, א שטארק־רויטער איד מיט שטארק־רויטע ברעמען, מיט א היבש בייכעל, געהט אנגעטהאן חסידיש, נאר ריין, ציכטיג, אין א שענער קאפאטע. דער שטארק־רויטער איד פליהט־אריין צום אורח, ווי א שטורעמווינט].

דער אורח [צום אגענט]. וואס זענט איהר געבליבען אהן לשון?

דאס געראזירטע בערדעל. איך... איך... איך וועל קומען א צווייטען מאל... [רוקט זיך ארויס].

## סצענע 4.

דער שטארק־רויטער איד [שטעקט־אפ דעם אורח א ברייטען שלום־עליכם]. שלום עליכם, מיין ליעבער איד! איך האב שוין אפגענומען פון אייך א פאר גרוסען. מע זאגט, אז איהר זענט דא מיט א פריץ א מאגנאט, וואס קויפט און פארקויפט אימעניעס און וועלדער. דעם נאמען האבען זיי מיר ניט געוואלט זאגען. נאר איך שטויס מיך אן, ווער דאס איז. [פארקאטשעט די ארבעל]. דאס באדארף זיין א גראף אדער א קניאז. געטראפען?... איך בין דער גרעסטער מעקלער פון אימעניעס און וועלדער אין גאנץ פא־לעסיע. איך, ווי איהר קוקט מיך אן, בין פול אומעטום, די גאנצע וועלט, בין אויסען אלע מייזלעכער, אויסגעבונדען מיט אלע פריצים און מיט אלע גראפען, אלע גרעסטע מאגנאטען זענען נאך מיר די כפרה, ווארום זיי ווייסען, אז איך בין זיי געטריי, איך וועל זיי ניט פארפיהרען, ווי אנדערע... זיי ווייסען, אז דאס וואס איך זאג, איז היילינ. איך וועל נישט געהן דערצעהלען, ווי אנדערע, נעכ־טיגע טעג, אויפ'ן הימעל א יאריד... איך בין ניט פון די אדעסער

אדער יעהופּעצער מעקלערס די שאַרלאַטאַנעס, וואָס קנאַקען. בלאָ־טע! ביי מיר איז ריין און אָפענטליך. זאָג איך וואַלד — איז וואַלד. זאָג איך סטעפּ — איז סטעפּ. איך וועל נישט געהן דער־צעהלען יענעם קיין גליקען, „א האַק א בוים, א פליוך אין וואַסער“, און נאָכדעם זאָל זיך אויסלאָזען א בוידעם, א נעכטיגער טאָג... און רעד איך מיט עמיצען אָפּ — איז יחלקו. עס מעגען פאַלען שטיי־נער פון הימעל, וויבאַלד מיר זענען אינצווייען, איז חצי שלי וחצי שלך...

דער אורח. בקיצור, וואָס זשע האָט איהר געוואָלט זאָגען, הייסט דאָס?

דער שטאַרק־רויטער איד. האָב איך געוואָלט זאָ־גען, הייסט דאָס: אַזוי ווי ס'איז געקומען מיט אייך צו פאָהרען עפּיס א פּריץ, זאָגט מען, וואָס האָט בדעה, זאָגט מען, קויפען אָדער פאַרקויפען אימעניעס, בין איך געקומען אומיסטנע אָנקוקען דעם פאַרשויז, וואָס פאָהרט־אַרום ביי אונז אין אונזער וואָהלין און מאַכט געשעפטען אָהן מיר. איהר וועט דען קאָנען א ריהר טהון זיך אָהן מיר? אַט האָב איך ערשט דורכגעשלאָגען א פּאָר גע־שעפטלעך, וואָס צוליעב דעם טאַקי בין איך געקומען אַהער צו פאָהרען, — מעגט איהר מיר גלויבען, אַז אויף חידושים, אויף בילעטען! צונויפגעפיהרט א וואַנט מיט א וואַנט, הודו מיט כוש, געביטען שילע נאַ שווייקע, צוגענומען ביי איינעם ז אימעניע א גאָלד און אַריינגערוקט איהם א וואַלד, אויף איהם אַזא יאָהר! איהר זאָלט זעהען דעמבעס — ארזי־לבנון! דער חסרון, וואָס מע קאָן זיי ניט האַקען. מע לאָזט ניט. מע דאַרף זיי לאָדען חאָטש נאָך א יאָהר דרייסיג, וועט מען ערשט דעמאָלט פאַרשפּיעלען... דערפאַר האָט אָבער די אימעניע א מעלה: די ערד איז גאָלע בלאָטע, גוט אויף חריין און אויף קאַרטאָפלים, און קיין רעמאַנענט ניט א לעק! און א באַהן וועט דאָרטען אפשר אַמאָל זיין, אם ירצה השם, אַז משיח וועט קומען, און אפשר נאָך גיכער; גיכער ניין, איידער יאָ... די צוויי אדונים, האָט איהר באַדאַרפט אָנקוקען, האָבען זיך איינס דאָס

אנדערע געוואלט אנטהון א ספאדיק, און מיר האבען זיי געוואלט איינרעדען, אז איך וויל זיי אפנארען, נאר זיי װעלען זיך ניט לאזען — א קאמעדיע, זאג איך אייך, א ריינע קאמעדיע! [ ווערט צעגאנגען פאר געלעכטער ].

דער אורח. בכן, וואס זשע האט איהר, הייסט דאס, גע־וואלט זאגען?

דער שטארק־רויטער איד. גארנישט. איך האב נאר געוואלט א טאפ טהון, געוואהר ווערען, מיט וואס איהר שמעקט... איהר זאגט מיר נאר, ווער איז דער אדון אייערער, פון וואנען איז ער? און ווי אזוי רופט מען איהם? — וועל איך אייך שוין אליין זאגען, וואס ער דארף. זאגט מיר נאר דעם נאמען זיי־נעם — איך קען אלעמען און אלע קענען מיך.

דער אורח. זיין נאמען איז המן.

דער שטארק־רויטער איד [ טהוט זיך א חאפ ]. הא? המן? פון וואסערע המנס? אפשר פון די, וואס אט דארטען? [ באווייזט מיט די הענט אהין ערגיץ, זעהר ווייט ].

דער אורח. פון די אמת'ע המנס, טאקי ער אליין! [ מיט'ן ניגון פון דער מגילה ]. המן בן המדתא האגגי, שני למלך ביי'ם קעניג אחשורוש. ווייסט איהר שוין?

דער שטארק־רויטער איד. וואָ־וואס רעדט איהר?

דער אורח. אט דאס, וואס איהר הערט.

דער שטארק־רויטער איד. צי איהר זענט צע־מישט? צי איהר זענט דול? צי איהר זענט משוגע? צי גלאט אזוי געריהרט פונ'ם זינען?

דער אורח. איך בין ניט צעמישט, ניט דול, ניט משוגע, ניט געריהרט פונ'ם זינען. דאס איז ער, דער אמת'ער המן אליין, פון שושן הבירה, און איך בין דאס מרדכי היהודי, זיין איד הייסט דאס... ער איז, מסתמא האט איהר געהארכט, א גרויסער מאגנאט.

איין אדיר, און איך, געוויינטליך, בין א איד איין ארעמאן; ער איז, הייסט דאס, מיין פריץ, און איך בין זיין איד. היינט פאר־שטעהט איהר שוין?

אויסגעהערט די דאזיגע מימרא, טהוט זיך דער שטארק־רויטער איד א האפ מיט ביידע הענט ביי די זייטען און הויבט אן צו לאכען, אז עס קומען זיך צונויף די בעל־הבית'טע מיט'ן משרת מיט עטליכע געסט, מיט גלאט אידען, און פונ'ם גרויסען חדר עפענט זיך די טיר און עס קוקט־ארויס דער פריץ אליין, טהוט א ווארף אויף אלע פארשווינען א בייזען קוק און פארבינדט מיט זיין אידען א שמועס אויף א מאדנע שפראך, מיט גאלע טית'ען און מיט גאלע פתח'ען, עפיס א מין תרגום־לשון, וואס מע האט נאך אזא שפראך מיט אזעלכע דבורים אין וואהלינער גובערניע קיינ־מאל ניט געהערט: „פארשאנדאטא, אשפאטא, פאראטא, ווייזא־טא"... בעת מעשה שטעהט דער איד פאר'ן פריץ, ווי געוועהנליך א איד באדארף שטעהן פאר א פריץ... און מע הערט ניט אויף צו שיטען אלץ מיט יענעם תרגום־לשון, וואס מע קאן פון איהם זיך אויסברעכען אלע צייהן, און מע וואלט געמעגט שווערען, אז עס ווארפען זיך דורך די באקאנטע הארבע ווערטער פון דער מגילה: „פרתמים", און „אחשדרפנים", און „אחשתרנים", און „שעשגז", און דאכט זיך, אז „חרבונה" אויך בתוכם... דער גאנצער עולם בלייבט שטעהן מיט אפענע מיילער, און זיי קאנען ניט פארשטעהן, וואס טהוט זיך דא מיט זיי? המן מיט מרדכי'ן פון דער מגילה? צי א נייער המן מיט א נייעם מרדכי? צי גאר א חלום, עפיס א בייזער, א ווילדער חלום צו זייערע קעפ!?

. . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . .

## א פאָר ווערטער פונ'ם פאַרפאַסער צו זיינע לעזער.

איך ריים איבער סאַמע אין רעכטען ברען פון דער מעשה — גלויבט מיר, אַז יעדער בעל־מלאכה ווייסט זיין אַרבייט און יעדער שריפטשטעלער פאַרשטעהט זיינע ביזנעס... איך זעה אין אייך, אַז עס האָט אנגעצויגען. דאָס הייסט, אַז איהר ווילט וויסען דעם סוף פון דער מעשה — דאָס איז זאַך ביי אייך דער עיקר. אויב אַזוי, האָט אַ ביסעל געדולד, ביז... איבער־אַ־יאָהר פורים. ניט קיין סך צו ווארטען. מעהר ניט אַז איין יאָהר. וואָס פאַר אַ ווערדע האָט אַ יאָהר אין דער אייביגקייט?...

# אינהאַלט

# מַה נִשְׁתַּנָּה?

— טאטע, איך וועל דיך פרעגען פיער קשיות.

די ערשטע קשיה וועל איך דיך פרעגען:

מה נשתנה הלילה הזה מכל הלילות — וואָס איז פאַרענדערט געוואָרען די דאָזיגע נאַכט פון פּסח פון אַלע נעכט פון א גאַנץ יאָהר?

שבכל הלילות — אַלע נעכט פון א גאַנץ יאָהר, אָנו אוכלין — עסען מיר וואָס מיר ווילען, סאַי א אידיש ראָסעל-פלייש, סאַי א גויישען קאָלבאַס, סאַי פיש מיט חריין, סאַי ראַקעס, סאַי לאָקשען־קוגעל, סאַי מאַראַזשענע; הלילה הזה — די דאָזיגע נאַכט פון פסח, כולו מצה — זענען מיר אַלע מצה'דיג: די מאַמע האָט אונז אָנגעזאָגט, אויב מיר ווילען עסען חמץ, זאָלען מיר געהן אין דער „קאָלבאַסנע", וואָרום ס'איז אין שטוב, זאָגט זי, פּסח'יג. ס'איז אומעטום, אין יעדען ווינקעלע, כשר, ריין. סע שעמערירט און סע פינקעלט. דאָס געפעס האָט מען געקויפט שפּאָגעל־נייע, נאָר־וואָס פון קלייט. דאָס מעבעל איבערגעפוצט. די טירען געוואַשען. די פענסטער געקראַצט. דאָס דיענסטמיידעל גע'כשר'ט. עס לאָזט זיך הערען פון קיך א ריח פון שטאַרק־געפעפערטע פיש, א ריח פון גענזענשמאַלץ. מע האָט אָנגעמאַכט צו דער יויך לאַטקעס און בלינטשיקעס, קניידלעך און חרעמזלעך און פּאַלירטשיקעס. אונז האָט מען

פלוצים געהייסען אָנטהון די היטלען, אויסגעזעצט ארום טיש, געגעבען אונז אין די הענט אריין סידורים׳לעך, מיר זאָלען א ר י י נ ק ו ק ע ן. — זיצען מיר, ווי די טאָקען, און קוקען, ווי א האָהן אין „בני־אָדם“...

וואָס איז דאָס פאר א קאָמעדיע? ווי אזוי הייסט דאָס שפּיעל?

. . . . . . . . . . . . . . . .

האָב איך דיך, טאטע, געפּרעגט איין קשיה.

ד י א נ ד ע ר ע ק ש י ה וועל איך דיך פרעגען:

פאר וואָס האָט עפּיס די מאמע אָפּגעשיקט די באָנע אויף א גאַנץ פּסח? וואָס שעמען מיר זיך אזוי מיט אונזער יום־טוב? —

צי שעמען מיר זיך דערמיט, וואָס מיר האָבען זיך באפרייט פון גלות־מצרים און געוואָרען פון קנעכט, פון ציגיינערס, א פאָלק?

צי מיר שעמען זיך מיט משה רבינו׳ס תורה, וואָס דאָרטען, זאָגט מען, שטעהט געשריבען: „דו זאָלסט ליעב האָבען דיין חבר ווי זיך אליין“... „אויב דיין שונא איז הונגעריג, זאָלסט דו איהם אָנזאטען מיט ברויט, און אויב ער איז דאָרשטיג, זאָלסט דו איהם אָנטרינקען מיט וואסער“...?

צי מיר שעמען זיך מיט אונזער בית־המקדש, וואָס איז געוועזן, זאָגט מען, א בית־המקדש פ א ר א ל ע פ ע ל ק ע ר?

צי מיט אונזערע מלכים שעמען מיר זיך, מיט אונזערע מלכים, וואָס האָבען זיך אויסגעפיינט נישט נאָר מיט מלחמות אליין; זיי האָבען, זאָגט מען, געשריבען זעלטענע ספרים און געזונגען הייליגע ליעדער?

צי מיר שעמען זיך מיט אונזערע נביאים, וואָס זענען ארומ־געגאַנגען צווישען פאָלק און געזעעט אמת, עהרליכקייט, יושר און גערעכטיגקייט, נישט געלאָזט, מע זאָל באלעדיגען דעם אָרעמאַן,

קוועטשען דעם שוואכען, באנעמען די אלמנה, באראבעווען דעם יתום?... מיט די נביאים, וואס האבען זיך ניט געשעמט אויס־זעצען פעהלערען דעם גרעסטען פארשוין, אפילו דעם מלך אליין, איהם זאגען דעם אמת גלייך אין פנים אריין?

צי מיר שעמען זיך אפשר דערמיט, וואס אונזערע עלטערען האבען זיך געלאזט, זאגט מען, שניידען און בראקען, בראטען און ברענען, הענגען און טריינקען, קוקען, ווי מע קוילעט די קליינע קינדער פאר זייערע אויגען און שווייגען, שפרינגען אין פייער אויף קידוש־השם און שרייען בשעת־מעשה: „שמע ישראל!" — אט דערמיט שעמען מיר זיך???

. . . . . . . . . . . . . . . .

האב איך דיך, טאטע, געפרעגט צוויי קשיות.

די דריטע קשיה וועל איך דיך פרעגען:

פאר וואס האסט דו אונז געלעהרענט אלע לשונות, אלטע און נייע, נאר איין שפראך האסט דו פארגעסען אונז לעהרנען — אונזער אייגענע אידישע שפראך?... די שפראך, וואס אויף איהר איז געשריבען די תורה, די שפראך, וואס אויף איהר האבען גערעדט די נביאים, די שפראך, וואס אויף איהר איז פארהאן, זאגט מען, א גרויסע, א רייכע, א שענע ליטעראטור?

פאר וואס האבען מיר אויסגע'חזר'ט די היסטאריע פון אלע פעלקער, די אלטע און די נייע, נאר די היסטאריע פון איין פאלק האבען מיר דורכגעלאזט — די היסטאריע פון אונזער אייגען אידיש פאלק?

פאר וואס זענען מיר קלאר אין דער געאגראפיע פון דער גאנצער וועלט, נאר די געאגראפיע פון ארץ־ישראל איז אונז פרעמד?

פאר וואס זענען מיר קלאר אויף אויסווענינג מיט אלע פישטשעווקעס, אין וואסער א יאהר איז געווען גאסטיאג און

גאָרפּאָג און קאָמביז און דאַרי היסטאַספּ און איוואַן קאַליטאַ, און מיר הויבען נישט אָן צו וויסען, ווען איז געווען עזרא, און ווען איז געווען יהודה המכבי?

פאַר וואָס ווייסען מיר, ווער איז געווען פּושקין, לערמאָנטאָוו, גאָגאָל, גאָרקי און טאָלסטאָי, און הויבען נישט אָן צו וויסען, ווער איז געווען יהודה הלוי, לעווינזאָהן, לעוואַנדא, גאָרדאָן, אַבראַ־מאָוויטש?

פאַר וואָס ווייסט ביי אונז אַ מינדסט קינד, וואָס פאַר אַ יום־טוב איז „מאַסליניצאַ”, און אַז עס קומט צו אונזער חנוכּה, איז ער נישט קיין היגער?

. . . . . . . . . . . . . . . .

האָב איך דיך, טאַטע, געפרעגט דריי קשיות.

די פערטע קשיה וועל איך דיך פרעגען:

פאַר וואָס איז ביי דיר איוואַן איוואַנאָוויטש אַזוי טייער, און רב יענקעל אַזוי וואָלוועל?

פאַר וואָס קלינגט־אָן איוואַן איוואַנאָוויטש ביי אונז גלייך אין דער פאָדערשטער טיר, און רב יענקעל געהט אויף דער הינטער־טיר?

פאַר וואָס, אַז עס קומט אַריין צו אונז איוואַן איוואַנאָוויטש, ווערט אַ האַרמידער, אַ גערוקעריי פון בענקלעך, אַלע לויפען איהם אַקעגען, מע ווייסט ניט וואו איהם אַנידערצוזעצען, און רב יענקעל, אַז ער קומט אַריין, שטעהט ער ביי דער טיר און האָט מורא, טאָמער וועט מען איהם ניט אַזוי אויפנעמען?

פאַר וואָס, אַז איוואַן איוואַנאָוויטש קרימט זיך נאָך, ווי אַזוי אַ איד האָט מורא פאַר אַ ביקס און זאָגט: „אַי־וועה־מיר! שטרעליאַיעט!”, קאַטשען מיר זיך אַלע פאַר געלעכטער, און אַז יענקעל וויל עפּיס דערצעהלען, קוקט ער פריהער אין די אויגען אַריין, צי מען איז אויפגעלעגט איהם האָרכען?

פאר וואס האט איוואן איוואנאוויטש א העזה צו צוגעהן גלייך צו מיין שוועסטער מאטילדע, איהר געבען א קניפ אין בעקעל און מאכען איהר וואס פאר א קאמפלימענט ער וויל, און אז רב יענקעל האט זיך איינמאל ארויסגעהאפט מיט א ווארט, אז מאטילדע איז א פיינע בתולה, האט איהם די מאמע אפגעשאטען מיט פייער: „פי, זשידאווסטשינא! וואס איז דאס פאר א נאמען בתולה?"...

פאר וואס, אז דער רוסישער לעהרער קומט צו געהן צו אונז לעהרנען, האבען מיר פאר איהם דרך־ארץ, געבען איהם אפ כבוד און האבען מורא פאר א בייזען קוק, און אז אונזער אידישער „רבי" קומט צו געהן איין מאל אין וואך פון יוצא וועגען לעהרנען מיט אונז „סידור", מאכען מיר פון איהם חוזק, טרייבען קאטאוועס, הערען איהם, ווי דעם קאטער, באהאלטען איהם דאס היטעל אונטער'ן בעט, אדער מיר פארווארפען איהם די קאלאשען אויפ'ן בוידעם?

פאר וואס שרייבען מיר אויס אלע יאהר די „ניוואַ" מיט'ן „גאוואַיע־וורעמיאַ", פארהאפען מיט א חודש פריהער, מיר זאלען, חס ושלום, ניט פארשפעטיגען, און אז מע האט דיך א פרעג געטהאן עמיצער, למאי דו שרייבסט ניט אויס דאס אידישע בלאט, האסט דו זיך געפונען ווי באלעדיגט?...

פאר וואס קלינגט די וועלט מיט זייערע מחברים, מע שרייבט וועגען זיי גאנצע ביכער, מע דרוקט זייערע בילדער, מע פייערט זייערע יובילייען, מע גיט־ארויס זייערע ספרים, מע שטעלט זיי מאנומענטען — סע טהוט זיך חושך!... — און צו אונז איז אריינ־געקומען ניט לאנג א אידישער מחבר, האסט דו איהם זעהר פיין אויפגענומען פון פארענט ביי דער טיר און האסט איהם געזאגט: „א נדבה קאן איך אייך געבען, און אייער בוך באדארף איך ניט"?...

פאר וואס דרוקט מען אזוי אפט אויף די בלעטער דיינע נדבות מיט דיינע נדרים מיט דיינע נישט־אידישע סטיפענדיעס, וואס דו

שענקסט, און מע הערט עפּים ניט, דו זאָלסט מנדר זיין אויף א אידישע זאַך?

פאַר וואָס ברענגט זיך אוים די מאַמע אויף אַלע זייערע בעלער, און אז עס קומט צו דער אידישער תּלמוד־תּורה, זאָגט זי, אז ס'איז ניט אויסצושטעהן פון די אידען, ווי זיי שלעפּען?

פאַר וואָס האָסט דו מיר א נאָמען געגעבען „אַלקיוויאַד", ניט „עקיבא", ווי איך היים באמת נאָכ'ן זיידען עקיבא? מיט וואָס איז אַלקיוויאַד געוועזן א שענערער מענטש פון אונזער גרויסען געלעהרטען רבי עקיבא?

פאַר וואָס טאַנצט מיין שוועסטער קלאַרא אויף אַלע יאָלקעס, אז איך האָב אַליין וויפיעל מאָל געהערט, אז מע רופט זי הינטער די אויגען „חייקא" און „זשידאָווקא"?...

פאַר וואָס מישען זיך מאָטעל דער שניידער, בערעל דער שוסטער און חיים דער סטאָלער דאָרט, וואו מע דאַרף ניט, און נעמען זיך אָן יענעמ'ס קריוודע, אז יענער בעט זיי ניט, אז יענער איז גרייט אַלע מאָל מיט א שטעקען זיי וועיזען דעם רעכטען וועג?...

פאַר וואָס, און פאַר וואָס, און פאַר וואָס, און פאַר וואָס?

. . . . . . . . . . . . . . . .

האָב איך דיך שוין, טאַטע, געפרעגט אַלע פיער קשיות.

אַצינד בעט איך דיך, דו זאָלסט מיר ענטפערען א תּירוץ אויף מיינע קשיות.

און אז דו וועסט מיר ניט ענטפערען קיין תּירוץ אויף מיינע קשיות, וועל איך דיר ענטפערען א תּירוץ:

עבדים היינו...

---

# די פיער קשיות פון איין „אמעריקאן באי״ *

— טאטע, איכ׳ל דיך פרעגען פיער קשיות:

די ערשטע קשיה וועל איך דיך פרעגען: מה נשתנה הלילה הזה — וואס איז פארענדערט געווארען די דאזיגע נאכט פון פסח פון אלע נעכט פון א גאנץ יאהר?

שבכל הלילות — אלע נעכט פון א גאנץ יאהר עסען מיר וואס מיר ווילען, סאי א אידישען סטייק, סאי פארק טשאפס, סאי פיש מיט חריין, סאי אויסטערס, סאי לאקשען־קוגעל, סאי פאמפקין־פאי. הלילה הזה — די דאזיגע נאכט פון פסח עסען מיר נאר מצה און גאר מרור. און אז מיר ווילען עסען חמץ, האט אונז די מאמע אנגעזאגט, קאנען מיר געהן אין א רעסטאראן אויף בראדוויי, ווארום אין שטוב איז ביי איהר, זאגט זי, סטריקטלי פסח׳יג. ס׳איז אומעטום, אין יעדען ווינקעלע, כשר און קלין. סע שעמערירט און סע פינקעלט. דישעס האט מען געקויפט שפאגעל־נייע, נאר־וואס פון סטאר. די פוירניטשור האט מען איבערגעפוצט. די טירען געוואשען. די ווינדעס געקלינט. די וואוד־ווארק איבערגעווארנישט. סיידי דאס דיענסטמיידעל גע׳כשר׳ט. עס לאזט זיך הערען פון קיך א ריח פון שטארק־געפעפערטע פיש. א גערוך פון גענזענע־שמאלץ. מע האט געמאכט צו דער יויך פענקייקס און בלינטשיקעס, היימישע קניידלעך און חרעמזלעך און פאלירטשיקעס. אונז האט מען פלוצים געהייסען אנטהון די העטס, אויסגעזעצט ארום טיש, געגעבען אונז אין די הענט אריין סידורים׳לעך מיט הגדות, מיר זאלען אריינקוקען. — זיצען מיר, ווי די דאמים, און מיר קוקען, ווי די האהנען אין „בני־אדם״...

וואס איז דאס פאר א קאמעדיע? ווי אזוי הייסט די פליי?...

. . . . . . . . . . . . . . . .

האב איך דיך, טאטע, געפרעגט איין קשיה.

די אנדערע קשיה וועל איך דיך פרעגען:

[* דער דאזיגער אמעריקאנער ווארִיאנט פון „מה נשתנה״ איז געשריבען געווארען פון שלום־עליכם אין ניו־יארק, אין יאהר 1916.]

פאר וואס האט עפּיס די מאַמע אפּגעשיקט די כריסטליכע קעכין אויף א גאַנץ פּסח? וואס שעמען מיר זיך אזוי מיט אונזער יום־טוב?...

צי שעמען מיר זיך דערמיט, וואס מיר האבען זיך אליין באפרייט פון גלות־מצרים און געווארען פון שקלאפען, פון ציגיינערס, א פאלק?

צי מיר שעמען זיך מיט משה רבינו'ס בייבעל?

צי מיר שעמען זיך מיט אונזער בית־המקדש, וואס איז געווען, זאגט מען, א טעמפּעל, א גאַנץ־הויז פאר אלע פעלקער?

צי מיט אונזערע מלכים שעמען מיר זיך, מיט אונזערע קעניגען, וואס האבען זיך אויסגעפיינט ניט נאר מיט מלחמות, מיט בלוטפארגיסונגען אליין. זיי האבען, זאגט מען, געשריבען זעלטענע ביכער און געזונגען הייליגע לידער, פסאלמען?

צי מיר שעמען זיך מיט אונזערע נביאים די פראפעטען, וואס האבען זיך ניט געשעמט אויסצוזאגען פעהלערען דעם גרעסטען פארשויז, אפילו דעם קעניג אליין, איהם זאגען דעם אמת גלייך אין פנים אריין?

צי מיר שעמען זיך אפשר דערמיט, וואס אונזערע עלטערען האבען זיך געלאזט, זאגט מען, שניידען און בראקען, בראטען און ברענען, הענגען און טרייגקען, קוקען ווי מע קוילעט די קליינע קינדער פאר זייערע אויגען, שפרינגען אין פייער אויף קידוש־השם און שרייען בשעת־מעשה: „שמע ישראל!" — אט דערמיט שעמען מיר זיך???

. . . . . . . . . . . . . . . .

האב איך דיך, טאטע, געפרעגט צוויי קשיות.

די דריטע קשיה וועל איך דיך פרעגען:

פאר וואס האסט דו אונז אפּגעגעבען אין סקוהל, מיר זאלען לערנען נאר איינגעליש אליין, און האסט פארגעסען אונז לעהרנען אידיש, אונזער אייגענע שפּראך?

אדער די שפּראך, וואס אויף איהר איז געשריבען די בייבעל, די שפּראך וואס אויף איהר האבען גערעדט די נביאים, די שפראך, וואס אויף איהר איז פארהאן, זאגט מען, א רייכע, א שענע ליטעראטור?

פאר וואס האבען מיר אויסגע'חזר'ט די היסטאריע פון אלע פעלקער, די אלטע און די נייע, נאר די היסטאריע פון איין פאלק האבען מיר דורכגעלאזט — די היסטאריע פון אונזער אייגען אידיש פאלק?

פאר וואס זענען מיר קלאר אין דער געאגראפיע פון דער גאנצער וועלט, נאר נישט אין דער באשרייבונג פונ׳ם לאנד פון אונזערע עלטערן, פון ארץ־ישראל?

. . . . . . . . . . . . . . . .

האב איך דיך, טאטע, געפרעגט דריי קשיות.

די פערטע קשיה וועל איך דיך פרעגן:

פאר וואס ווייסען מיר, ווען איז כריסטמאס, ווען איז וואשינגטאנ׳ס בוירטס־דעי, ווען איז לינקאלנ׳ס בוירטסדעי, ווען איז דעקארריישאן־דעי און טהענקס־גיווינג־דעי — און מיר ווייסען נים, ווען איז חנוכה, וואס איז פורים, ווען איז סוכות און וואס באדייט פסח?

פאר וואס ווייסען מיר, ווער איז געווען שעקספיר, מילטאן, לאנגפעלאו, דיקענס און טעקעריי, עדגאר פאו און מארק טווין, און מיר ווייסען נים, ווער איז געווען יהודה הלוי, גארדאן, לעווינזאהן, אבראמאוויטש, ביאליק און נאך און נאך אונזערע אייגענע דיכטער און שריפטשטעלער?

פאר וואס, און פאר וואס, און פאר וואס?... פאר וואס זאל איך דיך איבערהויפט דארפען פרעגען קשיות?

. . . . . . . . . . . . . . . .

האב איך דיך שוין, פאטער, געפרעגט אלע פיער קשיות.

אצינד בעט איך דיך, דו זאלסט מיר ענטפערען א תירוץ אויף מיינע קשיות.

און אז דו וועסט מיר נים ענטפערען קיין תירוץ אויף מיינע קשיות, וועל איך דיר אליין ענטפערען א תירוץ:

עבדים היינו...

# דער אתרוג

א מעשה לכבוד יום־טוב.

געשריבען אין יאָהר 1902.

# דער אֶתְרוֹג

---

## א.

הייסען הייס איך, זאָלט איהר וויסען זיין, אָרי־לייב, נאָר רופען רופט מען מיך לייבעל, און אין חדר האָב איך א צונעמעניש „לייב־דרייב־אָבדיריק”. אין חדר ביי אונז האָט איטליכס יונגעל זיין צונעמעניש: מאָטעל־קאַפּאָטעל, מאיר־דרעהער, מענדעל־פענדעל, חיים־קלייען, איציק־שפּיציק, בערעל־צאַפּ... געפעלט אייך א ביסעל א גראַם? מילא, אַז איציק איז שפּיציק, מענדעל איז פענדעל און חיים איז קלייען — דאָס קאָן מען נאָך פאַרשטעהן; אָבער וואָס פאַר א מחותן איז בערעל מיט צאַפּ? — למאי, וואָס פאַר א משל איז לייב־דרייב־אָבדיריק? פון דעסטוועגען וויל איך דאָס שטאַרק ניט ליידען און קריך זיך שלאָגען, און כאַפּ פּעטש מיט קולאַקעס מיט סטוסאַקעס מיט בוכענצעס מיט שטשיפּאַלקעס פון אַלע זייטען. מע מאַכט מיך ברוין און בלוי, וואָרום איך בין דער קלענסטער ביי אונז אין חדר, דער קלענסטער און דער שוואַכסטער און דער אָרעמסטער. קיינער וועט זיך פאַר מיר ניט איינשטעלען, מיין קריוודע ניט אָננעמען; אַדרבה, אַז צוויי נגיד׳ישע יונגלעך בוכען מיך, איינער זיצט אויף מיר רייטענדיג און דער אַנדערער דרעהט מיר איין אויהער, שטעהט דער דריטער, איין אָרעמאַנ׳ס א יונגעל, און פּאָדטאַקעוועט מיט א ניגון:

אַט אַזוי! אַט אַזוי!
בּוכעט איהם!
בּוכעט איהם!
די עוועדלעך!
די עוועדלעך!
אַט אַזוי! אַט אַזוי!

דעמאָלט ליג איך שטיל, ווי אַ קעצעלע, און אַז מע לאָזט מיך אָפּ, געה איך מיר אַוועק אין אַ ווינקעלע און וויין זיך אויס שטי־לערהייט, וויש־אויס די אויגען, רוק זיך צוריק צו צו חברה און ווער ווידער אַ מענטש... בקיצור, אַז איהר וועט באַגעגענען אין דער דאָזיגער מעשה אַ נאָמען לייבעל, זאָלט איהר וויסען, אַז דאָס בּין איך.

אליין בּין איך אַ געפּאַקטער פּוכלעק, אַ נידעריגער, נאָר אַ גראָבער. ניט אַזוי מחמת פעטקייט; איך בּין אויפ׳ן לייב דוקא אַ מאָגערער. נאָר דערפאַר בּין איך פּוכלעקוואַטע, ווייל איך טראָג גראָבע וואַטאָווע הויזלעך, אַ גראָב וואַטאָווע לייבעל מיט אַ גראָב וואַטאָווע קאַפּאָטקעלע. די מאַמע, פארשטעהט איהר מיך, וויל, עס זאָל מיר זיין וואַרעם און איך זאָל מיך חלילה ניט פארקיהלען, האָט זי מיך אַרומגעוויקעלט מיט וואַטע פון קאָפּ בּיז פּיס. נאָר זי מיינט, די מאַמע הייסט דאָס, אַז וואַטע קומט ניט צו־נוץ פאַר אַ יונגעל. וואַטע קומט צו־נוץ אויף אַ מיאַטש, און נאָך אויף אַ מיאַטש, און נאָך אויף אַ מיאַטש — אַלע יונגלעך האָב איך איינ־געטיילט מיט וואַטע, געשלעפּט פון די הויזלעך און פון׳ם קאַפּאָט־קעלע, אַזוי לאַנג, בּיז מע האָט דערזעהען, האָב איך געחאַפּט פּעטש מיט קולאַקעס, מיט סטוסאַקעס, מיט בוכענצעס, מיט שטשיפּאַלקעס. נאָר לייבעל טהוט זיך זיינס: ער טיילט וואַטע. ווער סע וויל, דער נעמט בּיי איהם וואַטע, און ווער עס האָט גאָט אין האַרצען, דער שלאָגט איהם, הרג׳עט איהם, ממית׳ט איהם: „לייב־דרייב־אַבּדיריק, אַ מצוה אויף איהם!”...

אויפ'ן פּנים בין איך רויט, די באַקען זענען ביי מיר בלויליך און די נאָז תּמיד פאַרקאָוועט, תּמיד פול ווי איין אויג. „איין אוצר ביי איהם, צו אַלדי שווארצע יאָהר!" — אַזוי זאָגט די מאַמע און רייבט לייבלען די נאָז מיט'ן פאַרטוך נאָר אום'ברחמנות און שרייט צו איהם: „נאָך! נאָך! נאָך!"... לייבעל נעמט זיך אָן מיט אַלע כּוחות, עס שפּאַרט איהם שיער ניט אַרויס די אויגען פונ'ם קאָפּ מיט דער נשמה, און די מאַמע הערט ניט אויף צו שרייען: „נאָך! נאָך! נאָך!"... נאַ דיר איין אָנשיקעניש! אַ נאָז! עס זאָל אָבער ניט זיין קיין נאָז, וואָלט דאָך געווען גוט. ערשטענס, פאַרשפּאָרט מען דעקוטשען מיט'ן שנייצען; און צווייטענס, איז ניטאָ ווער ס'זאָל פרוירען ווינטער אויפ'ן פראָסט. נישט איין מאָל פלעגט מיר איינפאַלען צו פרעגען אַ קשיה: צו וואָס טויג אַ נאָז? ווי וואָלט געווען, למשל, אַז אַלע מענטשען זאָלען אַרומגעהן אָהן נעזער? אַי, וואָס פאַר אַ פּנים וואָלטען מיר דעמאָלט געהאַט? בלייבט אַ קשיה!... נאָר איך האָב אייך געוואָלט דערצעהלען, קינדער, עפּיס אַנדערש. איך האָב אייך געוואָלט דערצעהלען אַ מעשה מיט איין אתרוג, און אַרויף בין איך גאָר אויף ווייס איך וואָס!... לכן רייס איך איבער אין מיטען אַ שמועס און קעהר זיך אום מיט אייך צוריק צו דער מעשה מיט'ן אתרוג.

## ב.

מיין טאַטע, „משה־יענקעל דער נאמן", דיענט אין פּראָיעקט פון כּמה וכמה יאָהרען אַלס קאַסיר. ער באַקומט געהאַלט פינפט־האַלבען קאַרבען אַ וואָך און קוקט־אַרויס אויף אַ הוספה; אַז מע וועט איהם געבען אַ הוספה, וועט ער, זאָגט ער, היינטיגס יאָהר, אם ירצה השם, קויפען איין אתרוג. נאָר די מאַמע (בתיה־ביילה די נאמנ'טע רופט מען זי) גלויבט ניט אין אַזעלכע זאַכען. גיכער, זאָגט זי, וועט אומפאַלען אַ קאַזאַרמע און מענטשען וועלען

גע׳הרג׳עט ווערען, איידער א בעל־טאקסע וועט געבען א הוספה!...
איינמאָל פאר ראש־השנה איז ליבעל אָנגעקומען אויף אזא מין
שמועס צווישען טאטע־מאמע.

ע ר: עס זאָל זיך קעהרען די וועלט, מוז איך היינטיגען
סוכות האָבען איין אתרוג!

ז י: די וועלט וועט זיך ניט קעהרען, און דו וועסט קיין
אתרוג נישט האָבען.

ע ר: אזוי זאָגסט ד ו? ווי זשע איז אָבער דער דין, אז
מע האָט מיר צוגעזאָגט געבען צושטייער אויף איין אתרוג?

ז י: וועט מען דאָס דארפען פארשרייבען אין ספר־פראַלניק,
אז ראש־חודש קרעמעניץ האָט זיך געטראָפען א נס — עס איז
גע׳פגר׳ט א בער אין וואלד. נאָר וואָס דען? אז איך וועל ניט
גלויבען, וועל איך אויך ניט זיין קיין גרויסע אפיקורס׳טע.

ע ר: מעגסט דיר יאָ גלויבען און ניט גלויבען; איך זאָג
דיר, אז היינטיגען סוכות האָבען מיר איין איינענעם אתרוג.

ז י: אָמן הלואי, פון דיין מויל אין גאָט׳ס אויהערען!

— אָמן! אָמן! אָמן! — טראַכט ליבעל ביי זיך אין
הארצען, און עס שטעלט זיך איהם פאָר, אז דער פאָטער זיינער
קומט אין שוהל אריין, ווי איין אַלטער שטאָדט־בעל־הבית, מיט
זיין איינענעם אתרוג און מיט זיין איינענעם לולב, און חאָטש משה־
יענקעל דער נאמן איז א איד פון שפּיעגעל־באַנק, פון דעסטוועגען,
אז סע קומט צו הושענות און דער עולם מאכט א שפּאציער מיט די
אתרוגים ארום דער בימה, געהט משה־יענקעל אויך אין קאָהן,
גלייך מיט אַלע מזרח־לייט, און ליבעל׳ס הארץ קוועלט־אָן און
פרעהט זיך. פריהער, געוויינטליך, געהט רב מלך דער חזן, ווי א
פעלדמארשאַל, טריט ביי טריט, דעם קאָפּ פארריסען ארויף מיט
גרויס גדלות, און זינגט אויף זיין שען־ציקעלדיגער שטימע:
„הושע־נא, עניה סוערה, הושע־נא!" און תיכף נאָך איהם געהט
דער רב, א קליין אויסגעוויקט אידעל, אָנגערוקט דעם טלית
איבער׳ן פנים. נאָכ׳ן רב — דער דיין, א איד מיט א געל פארמעט־

פנים, נאָר מיט ברייטע אַקסלען און מיט אַ פעטען בויך, וואָס טרייסעלט זיך אונטער דער גלאַנצענדיגער אַטלעסענער קאַפּאָטע. און נאָכ'ן דיין — די „פני העיר", די „מזרח־לייט", די נגידים, דער סאַמע צימעס פון שטאָדט: רב דאָדי רב הערשעלע'ס, רב שמחה רב יאָסילע'ס, רב אהרן־רב לייבעלע'ס. נאָכדעם — די דריי בערעלס: בערעל דער גרויסער, בערעל דער רויטער, בערעל מיט דער באַק. נאָכדעם — מיטעלמעסיגע בעלי־בתים: מענדעל ברוך נחמה'ס, אַלטער מינצי פעסיל'ס, שעיה שלמה־דוד'ס, וועלוועל חיים־בערטשיק'ס. און נאָכדעם געהען קליינוואַרג: משה קאַטער, חיים פלאָם, עזריאל קאַטשקע, מאיר ליפ, שלום סקריפ, שמואליק פעטרישקע, און נאָך און נאָך, איינס נאָך דאָס אַנדערע, אַ נגיד נאָך אַ נגיד, אַ בעל־הבית נאָך אַ בעל־הבית, איטליכער לפי ערכו, נאָך זיין פאַרמעגען, ווי, להבדיל, אין דער אַרמיע, בשעת דאָס חיל געהט אין דער מלחמה: פריהער טרעט־אַרויס דער פעלדמאַרשאַל, נאָכדעם געהען גענעראַלען, נאָכדעם פּאָלקאָווניקעס, אָפיציערען און יונקערס, אונטעראָפיציערען און פעלדפעבעלס, און ערשט נאָכדעם געהען די פּראָסטע סאָלדאַטען... לייבלען שטעלט זיך פאָר, אַז זיין פאָטער האָט זיך אַריינגעחאַפּט מיט'ן אתרוג צווישען די שענסטע בעלי־בתים, אַ סך פריהער פאַר רב ישראל דעם שניידער, וואָס חאָטש ער איז אַ איד אַ בעל־מלאכה און אַ גרויסער אָרעמאַן, פון דעסטוועגען, קומט צו די הושענות, געהט רב ישראל דער שניידער גלייך מיט אַלע בעלי־בתים מיט אַ פרעמדען אתרוג, וואָס איין אויפגעקומענער בעל־מלאכה האָט איהם מיט דעם מכבד געווען, אפשר דערפאַר, ווייל רב ישראל איז אַ שענער איד אַ לייטישער און אַ גאַנץ עהרליכער. לייבעל האָט נישט איינמאָל באַמערקט, אַז עס קומט צו הושענות און דער עולם הויבט־אָן אַרומצוגעהן אין שוהל מיט די אתרוגים, שטופען זיך די בעלי־בתים איטליכער וואָס פריהער, קוקען כלומרשט אין סידור אַריין, העלפען דעם חזן זינגען די הושענות מיט אַ דין קול'כעל, מאַכען בשעת־מעשה זעהר אַ פרום פנים, און חאַפּען אַ קוק מן הצד, קליגען זיך

צו פֿאַרנעמען אַ רעכט שטיקעל אָרט, נעהענטער צו די פּני העיר, צו די מזרח־לייט, צו די נגידים; און אַז זיי קומען־אוים אַ ביסעל ווייטליך, מאַכען זיי פּיס און הויבען אָן געהן גיכליך, זיי זאָלען חלילה ניט פֿאַרשפּעטיגען און איין אַנדערער, אַ קלענערער, זאָל חלילה ניט פֿאַרכאַפּען זייער אָרט. און אָפּטמאָל טרעפֿט זיך, אַז איינער אַ בעל־הבית האָט אַ ביסעל פֿאַרשפּעטיגט, רוקט ער זיך אריין בריה׳ש מיט אַ זייטעל צווישען אַנדערע צוויי בעלי־בתּים, וואָס וואָלטען איהם מכּות אַריינגעלאָזט, עס זאָל זיין אין זיי געוועַנדט...

אַז לייבעל האָט דערהערט דעם שמועס פֿון פֿאָטער און מוטער מכּח איין אייגענעם אתרוג, האָט ער זיך נישט געקאָנט איינהאַלטען און האָט אויסגעפּויקט אין חדר, אַז הײַנטיגען יום־טוב וועלען זיי האָבען איין אתרוג, „איין אייגענעם אתרוג"; נאָר קיינער האָט איהם נישט געוואָלט גלויבען, וויפֿיעל ער האָט זיך ניט געשוואָרען.

— וואָס זאָגט איהר אויף זיין טאַטען? — האָבען חברה שקצים גערעדט צווישען זיך. — אַזאַ קבצן שבקבצנים, פֿון די קבצניוּקער קבצנים, וועט קויפֿען איין אייגענעם אתרוג! ער מיינט, אַפּנים, ס׳איז אַ לימענע, איין עפּעל פֿאַר אַ גראָשען!

און די קלענערע יונגלעך האָבען צוגעזונגען:

לייב־דרייב־אַבדיריק
האָט אויסגעטראַכט אַ ליגען!
אויסגעטראַכט אַ ליגען!...

אַזוי האָבען חברה שקצים געזונגען און מע האָט איהם נאָך מכבד געווען, ווי אַלע מאָל, מיט שענע עטליכע פּעטש, קולאַקעס, סטוסאַקעס, בוכענצעס און שטשיפּאַלקעס. די דאָזיגע מעשה האָט איהם, געוויינטליך, פֿאַרדראָסען, און לייבעל הויבט־אָן גלויבען, אַז זיין טאַטע איז אַ כּתרילִיק, אַ קבצן שבקבצנים, און אַ קבצן טאָר זיך ניט גלוסטען... ווי איבעררראַשט איז ער אָבער געוואָרען, אַז

ער איז געקומען אהיים און האָט געטראָפען הענזעל דעם שוחט מיט דער נאַפּאָליאָנקע אויפ׳ן קאָפּ זיצען מיט׳ן פאָטער ביי׳ם טיש און פאַר זיי איז געשטאַנען א קעסטעל מיט אתרוגים, וואָס האָבען זיך געלאָזט הערען מיט זייער גן־עדן־ריח איבער דער גאַנצער שטוב.

ג.

די נאַפּאָליאָנקע, וואָס הענזעל דער שוחט טראָגט אויפ׳ן קאָפּ, איז אזא מין שטריימעלע, א מיצעל אזעלכס, וואָס איז אונז פארבליבען בירושה פון נאַפּאָליאָן דעם ערשטען. דאָרטען, ביי די פראַנצויזען, איז דאָס מיצעל שוין לאַנג אויס מאָדע; נאָר ביי אונז, אין כתרילעווקע, האָט זיך נאָך פּארוואַלגערט איין נאַפּאָליאָנקע, אָבער טאַקי מעהר נישט ווי איינס, ביי הענזעל דעם שוחט. דאָס מיצעל איז א לאַנגס און א שמאָלס, פון פאָרענט מיט א שפּעלטעל, מיט א קנעפּעל און מיט צוויי קאָטעסלעך. איך האָב תמיד חשק געהאַט צו די דאָזיגע קאָטעסלעך. ווען דאָס מיצעל פאַלט־אריין צו מיר אין די הענט חאָטש אויף צוויי מינוט, זענען די קאָטעסלעך מיינע!... אזוי האָב איך מיר געקלערט. הענזעל דער שוחט טהוט אָבער קיינמאָל ניט אויס דאָס מיצעל פונ׳ם קאָפּ, און מיר ווייזט זיך אויס, אז די קאָטעסלעך מיט׳ן מיצעל מיט די פאות מיט׳ן קאָפּ זענען ביי איהם עפּיס ווי צונויפגעוואַכסען אינ־איינעם, און דערפאַר, אז ער רעדט און מאַכט מיט די הענט, שאָקלען זיך די פאות און די קאָטעסלעך באַמבלען זיך. רב הענזעל דער שוחט לענט־פאַנאַנדער די גאַנצע קראָם זיינע, קלויבט אויס איין אתרוג, טראָגט איהם צו צו דעם טאַטען מיט צוויי פינגער און הייסט איהם נעמען דעם דאָזיגען אתרוג.

— אָט דעם אתרוג זאָלט איהר נעמען, רב משה־יענקעל, וועט איהר האָבען הנאה, וואָרום ער איז, זאָג איך אייך, איין אנטיק! איין אנטיק שבאנטיק!

— אָבער אַ קאַרפּירער? — פרעגט דער טאַטע און באַטראַכט דעם אתרוג פון אַלע זייטען, ווי מע באַטראַכט אַ בריליאַנט, און די הענט ציטערען איהם פאַר פרייד.

— נאָך אַ מין קאַרפּירער! — מאַכט דאָס מיצעל מיט אַ געלעכטערעל, און די קאָטעסלעך באָמבלען זיך. — אַ קאַרפּירער שבקאַרפּירער! צווישען קאַרפּירער אַ קאַרפּירער!

משה־יענקעל דער נאָמן שפּיעגעלט זיך אינ׳ם אתרוג, קאָן זיך אין איהם זאַט נישט אָנקוקען, רופט־צו בתיה־ביילה׳ן און ווייזט איהר מיט אַ גליקליך שמייכעלע אויפ׳ן אתרוג, ווי מע ווייזט־אָן אויף זעהר אַ רייכען פּערמואַר, אַ ציערונג, איין אבן־טוב, אָדער ווי אויף אַ שען טייער קינד, אַ טרייסט. בתיה־ביילה געהט־צו אָהן ווערטער, ציהט־אויס די האַנט פאַוואָלינקע, וויל נעמען דעם אתרוג אין האַנט אריין, גיט מען איהר נישט: „פּאַוואָלינקע מיט די הענט! אַ שמעק, אויב דו ווילסט“... בתיה־ביילה באַנוגענט זיך האָטש מיט אַ שמעק, און מיר גיט מען אפילו קיין שמעק אויך נישט טהון. מיך לאָזט מען אפילו ניט צו, איך זאָל ניט שטעהן צו נאָהענט, איך זאָל גאָר ניט קוקען אפילו, וואָרום ס׳איז מסוכן נפש!

— שוין, אָט איז ער דאָ! — זאָגט די מאַמע. — אָט לאָז איהם נאָר צו, בייסט ער אָפּ דעם פּיטום פונ׳ם אתרוג!...

— לאָז גאָט היטען! — זאָגט דער טאַטע, איבערגעשראָקען פון אַ בייז וואָרט.

— שומר ומציל זיין! — העלפט צו דאָס מיצעל, און די קאָטעסלעך באָמבלען זיך. רב הענזעל שענקט אַ ביסעל קלאָטשע אויף איינצוויקלען דעם אתרוג, און דער ריח, דער גן־עדן־ריח, צעגעהט זיך אין אַלע ווינקעלעך.

ווי אַ בריליאַנט, ווי אַ זעלטענעם שטיין, ווי אַ טייערען פקדון, וואָס מע האָט איהם איבערגעגעבען באַהאַלטען און אָפּ־היטען, ווי דאָס שוואַרצאַפּעל פונ׳ם אויג, וואָס אז טאָמער ווערט

עס חלילה פארפאלען, איז מען ניט זיכער מיט'ן לעבען, — אזוי האט מען גענומען דעם שמעקענדיגען אתרוג, איינגעהילט אין קלאטשע, ווי מע הילט־איין א ציטעריג קינד, א בן־יחיד'על, ס'זאל זיך חלילה ניט צוקיהלען דאס העלזעל, און מע האט פאוואלינקע אויסגעבעט און באלעגט אין א שענע קיילעכיגע הילצערנע געטאקטע געפארבטע פושקע פון צוקער. דעם צוקער האט מען געבעטען מחילה, און דעם אתרוג האט מען אריינגעבעטען, ווי א ליעבהארציגען גאסט: ברוך הבא, רב אתרוג! אריין, אריין, אין פושקע אריין! רעכט איינגעדעקט מיט קלאטשע, צוגעדעקט מיט'ן דעקעל, אריינגעשטעלט אין דער גלעזערנער שאפע, צוגעמאכט דאס טירעל — און א גוטען טאג!

— איך האב מורא, דער משומד (דאס מיינט מען מיך) זאל זיך ניט דאביוועון צו דער שאפע, חלילה, און נישט אפבייסען דעם פיטום פון'ם אתרוג!... — אזוי טהוט א זאג די מאמע נאך א מאל און נעמט לייבלען פאר א האנט און שלעפט איהם אפ פון דער שאפע.

ווי א קאץ, אז זי דערשמעקט פוטער, שפרינגט זי אראפ פון'ם פריפעטשיק, גלייכט זיך אויס דעם רוקען, הויבט זיך אן ארומדרעהען, רייבען זיך, קוקען איטליכען באזונדער אין די אויגען אריין און באלעקען זיך, — אזוי האט נעבאך לייבעל א היבשע צייט זיך ארומגעדרעהט נעבען דער שאפע, אריינגעקוקט אינ'ם גלעזערן טירעל, געשמייכעלט צו דער פושקע מיט'ן אתרוג, אזוי לאנג, ביז די מאמע זיינע האט דאס דערזעהען, האט זי א זאג געטהאן משה־יענקלען, אז דער ווייסער־חברה'ניק האט חשק זיך דאביוועון צום אתרוג. האט משה־יענקעל אנגעשריגען אויף איהם: „אין חדר אריין, דו שקאץ איינער, ניט געדאכט זאלסט דו ווערען!"... א קאטא, הייסט דאס, פון דער פוטער!...

לייבעל בויגט־איין דעם קאפ, לאזט־אראפ די אויגען און געהט־אוועק 'אין חדר אריין.

## ד.

אז איך האָב געלערענט אין חומש די ערשטע סדרה פון בראשית, פלעג איך מיר ניט איין מאָל טראַכטען: וואָס וואָלט געווען, למשל, ווען גאָט האָט באַזעצט אָדם הראשונ'ען מיט זיין פרוי אין גן־עדן — ער זאָל זיי ניט געווען אָנזאָגען, פון וואָסערע פירות זיי מעגען יאָ עסען און פון וואָסערע פירות זיי טאָרען ניט עסען? די שלאַנג וואָלט דעמאָלט געווים קיין שליטה ניט געהאַט, זי וואָלט ניט אָנגערעדט חוה'ן, זי זאָל פאַרזוכען פונ'ם עץ־הדעת, חוה וואָלט ניט אונטערגעטראָגען איהר מאַן דאָס עפּעלע, גאָט וואָלט זיך ניט צעבייזערט אויף זיי, מע וואָלט זיי ניט אַרויסגע־טריבען פונ'ם ווײַנגאָרטען, און מיר וואָלטען נאָך אפשר עד היום געשפּאַציערט אין גן־עדן. די טאַטעס וואָלטען געזעסען מסתּמא און געלערענט, די מאַמעס וואָלטען געאַרבייט זאָקען, אָדער גע־פּליקט פעדערען, און מיר, יונגלעך, ווייסע־חברה'ניקעס, וואָלטען געקלעטערט אויף די בערג, אויף די הרי אררט, געריסען טייטלען, געגעסען מילגראָמען, אָנגעשטופּט פולע קעשענעס מיט באָקסערען און געבאָדען זיך גאַנצע טעג אינ'ם טייך פּישון...

די עטליכע ווערטער, וואָס בתיה־ביילה האָט אַ זאָג געטהאָן צו איהר מאַן: „אָט לאָז איהם נאָר צו, בייסט ער אָפּ דעם פּיטום פונ'ם אתרוג", זענען געווען פאַר לייבלען אַ סם־המות, אַ גיפט אין די ביינער אַריין.

פון יענער מינוט אָן האָט זיך דער „פּיטום פונ'ם אתרוג" באַזעצט ביי לייבלען אין מח, נישט אַרויסגעקראָכען פון זיינע געדאַנקען אויף קיין מינוט, ביינאַכט געקומען צו חלום, געטאָרעט איהם, געשלעפּט ביי די פּאָלעס: „דו האָסט מיך נישט דערקענט, נארישיו? דאָס בין איך, איך, פּיטום!"... לייבעל קעהרט זיך איבער אויף דער אַנדערער זייט, קרעכצט און ווערט אַנשלאָפען, טאָרעט מען איהם ווידער: „שטעה אויף, נאַרישיו, געה עפען־

אויף די שאפע, נעם־ארוים דעם אתרוג און ביים מיך אפּ, וועסט דו זיך מחיה זיין!״...

אין דער פריה, אז לייבעל שטעהט־אויף און גיסט־אפּ נעגעל־וואסער, חאפּט ער זיך צום דאוונען, נעמט דאס אנבייסען מיט זיך, חאפּט א קוק פארבייגעהענדיג אהין, אין שאפע, דורך דעם גלעזערנעם טירעל, אויף דער פושקע מיט'ן אתרוג, און עס דאכט זיך איהם אויס, אז די פושקע ווינקט צו איהם, רופט איהם, מאכט מיט אויגען: „אהער!... אהער, בחור'על!״... לייבעל נעמט די פּיס אויף די פּלייצעס און מארש אין חדר אריין.

איינמאל אין א שענעם פריהמארגען, אז לייבעל איז אויפ־געשטאנען, האט ער דערזעהען, אז ער איז איינער אליין, איינער אליין אויף דער גאנצער שטוב. דער טאטע איז אין פּראיעקט, די מאמע — אין מארק, די דיענסט־אידינע פּארעט זיך אין קיך, דאס קליינע קינד אין וויעגעלע ליגט פארוואָרפען די הענטלעך ארויף, שלאפט און שמייכעלט, לאכט פונ'ם שלאף. „מלאכים שפּיעלען זיך מיט דעם״ — טראכט זיך לייבעל, גיסט־אפּ נעגעל־וואסער און חאפּט א קוק אהינצו, אין שאפע אריין, דורך דעם גלעזערנעם טירעל, און דערזעהט די פושקע. זי ווינקט צו איהם, רופט איהם, מאכט מיט אויגען: „אהער!... אהער, בחור'על!״... פּאוואָלינקע, פּאוואָלינקע געהט לייבעל צו צו דער שאפע, עפענט־אויף דאס גלעזערנע טירעל, נעמט־ארוים די פושקע, די שענע קיילעכיגע הילצערנע געטאָקטע געפארבטע פושקע, עפענט־אויף דאס דעקעל, און איידער ער דעקט נאָך אפּ די קלאָטשע פונ'ם אתרוג, טהוט איהם א זעץ אין נאָז אריין א ריח, א שטארקער, שארפער ריח, א גן־עדן־ריח; און איידער ער קוקט זיך ארום, איז שוין דער אתרוג ביי איהם אין האנט און דער פּיטום טהוט איהם א שפּרונג אין פּנים אריין:

— ווילסט האבען הנאה? ווילסט פיהלען א טעם גן־עדן? נעם ביים מיך אפּ! האב קיין מורא ניט, נארישיו, קיינער וועט

נישט וויסען! קיין בן־אָדם וועט נישט זעהען! קיין פויגעל וועט נישט אויסזאָגען!...

. . . . . . . . . . . . . . . .

וואָס איז געווען, ווילט איהר וויסען? צי האָב איך אָפּגעביסען דעם פּיטום פונ׳ם אתרוג, צי האָב איך זיך איינגעהאַלטען און נ י ט אָפּגעביסען דעם פּיטום פונ׳ם אתרוג?... איך וואָלט וועלען וויסען, וואָס וואָלט איהר געטהאָן אויף מיין אָרט, ווען מע זאָל אייך אָנזאָגען צעהן מאָל, איהר זאָלט זיך ניט דערוועגען אָפּבייסען דעם פּיטום פונ׳ם אתרוג? איהר וואָלט ניט וועלען וויסען, וואָס פאַר א טעם עס האָט א פּיטום פון איין אתרוג?...

## ה.

משה־יענקעל דער נאמן, וואָס דיענט אין פּראָיעקט, איז ניט אים שטאַנד אליין צו בויען זיך א סוכּה. א סוכּה לאָז בויען דער שכן, זלמן דער סטאָלער; ער איז ניט קליין. זלמן דער סטאָלער האָט א סך ברעטער, און מיר געבען צושטייער א צוויי ציכלעך מיט לייַלעכער און מיט קאָלדרעס אויף ארומצושלאָגען די ווענט. בּתיה־בּיילה די נאמנ׳טע וועט איהם דערפאַר אָפּבאַקען חלה אויף יום־טוב — זלמן דער סטאָלער איז ניט לאַנג געבליבען איין אַלמן מיט אַכט קינדער — און העלפען דער עלטערער טאָכטער צבית אָנפּילען די פיש, וואָרום אזוי פילען פיש, ווי בתיה־בּיילה די נאמנ׳טע, פילט קיינער ניט אין כּתרילעווקע. היינט וואָס איז ווערטה דאָס אתרוג־בענטשען?

— איהר האָט א חלק אינ׳ם אתרוג גלייך מיט אונז, — זאָגט בּתיה־בּיילה די נאמנ׳טע צו זלמן דעם סטאָלער.

— אויף צו בענטשען, — פאַררעכט איהר משה־יענקעל דער נאמן.

— וואָס דען, אויף צו עסען? — רופט זיך אָן דער סטאָלער פון זיין זייט.

נישט נאָר זלמן אליין האָט זיך אויסגעבעט א בעטעל אתרוג בענטשען אין סוכה; דערויף האָבען ארויסגעקוקט אויך די קינדער זיינע, ווי מע קוקט־ארוים אויף משיח׳ן: א קליינינקייט אזא גליק — האַלטען אין איין האַנט דעם אתרוג, אין דער אנדערער האַנט דעם לולב, מאַכען א ברכה „על נטילת לולב" און געבען א טרייסעל: טררררר!... „וויפיעל טעג האָבען מיר נאָך צו סוכּות?" — האָט איינער געפרעגט ביי׳ם אנדערען און געצעהלט די טעג.

דעם טאָג וואָס ערב סוכּות האָט דער טאַטע זיך פאַרנומען מיט אויסבינדען דעם לולב, צונויפקלויבען די פיער מינים און צו־גרייטען אַלסדינג אויפ׳ן שענסטען אופן. דעם צוגעקלויבענעם אויסגעפוצטען לולב האָט ער אוועקגעשטעלט אויבען אויף דער שאַפע, אין א ווינקעלע, א ביסעל צוגעשפּאַרט אויף א זייט, ווי א לעבעדיגער נפש שפּאַרט זיך צו א ביסעל אָפּרוהען. לייבלען האָט ער פאַרשפּאַרט אָנזאָגען, ער זאָל זיך ניט דערוועגען צוריהרען צום לולב, וואָרום אז לייבעל זאָל אפילו וועלען, וואָלט ער נישט געקאָנט אזוי הויך דערלאַנגען, און אז ער זאָל אפילו וועלען צו־שטעלען א בענקעל צו דער שאַפע און ארויפקלעטערען, וואָלט דער־פון אויך גאָרנישט געוואָרען: דאָס בענקעל וואָלט נאָר אומגע־פאַלען, און ער וואָלט געגעבען א פּראַל אין דער ערד אריין, וואָלט זיך ברעכען האַלז־און־נאַקען און וואָלט נאָך געחאַפּט א מיאוס׳ען פּסק, אז ער וואָלט פאַרזאָגען קינד׳ס קינדער!...

נאָך א זאַך איז געווען, פאַר וואָס לייבעל האָט געלאָזט צו־רוה דעם לולב: ס׳איז איהם אפילו אין קאָפּ אריין נישט גע־קראָכען קיין לולב. איהם האָט איין אנדער מחשבה געפּיקט אין קאָפּ: „וואָס וועט זיין, טאָמער, חלילה, חאַפּט מען זיך צום פּיטום פונ׳ם אתרוג און מע דערזעהט, אז ער איז, מחילה, איין

אַפּגעביסענער?"... אמת, לייבעל האָט אפילו דעם אַפּגעביסענעם פּיטום תּיכּף ומיד צוגעקלעפּט צוריק צום אתרוג מיט שפּייעכץ — נאָר ווער ווייסט, צי וועט ער זיך אויף שפּייעכץ וועלען האַלטען?... גוואַלד, גוואַלד, וואָס וועט זיין? וואָס פאַר אַ תּירוץ וועט ער זאָגען? ווי אַזוי וועט ער גאָר קאָנען קוקען אין די אויגען אריין דעם טאַטען און דער מאַמען און אַפּלייקענען, זאָגען, אַז ער ווייסט ניט פון קיין פּותר און פון קיין חלום? ווער וועט איהם גלויבען אויף זיינע נאמנות? און צו וואָס האָט ער דאָס באַדאַרפט טהון? וואָס איז איהם דערפון אַרויסגעקומען? וואָס פאַר אַ טעם האָט אַ פּיטום פון איין אתרוג, אַז בסך־הכּל איז ער — פע, ביטער גאַל, אַ בייזע וויסטע חלשות! אומזיסט־אומנישט גענומען און קאַליע געמאַכט אַ פּרי, גע'פּסל'ט איין אתרוג, אַזאַ שענעם אתרוג! און אַז דער אתרוג איז גע'פּסל'ט — דאָס איז לייבעל שוין געוואָהרע געוואָרען אין חדר פון זיינע חברים. היינט צו וואָס האָט דאָס איהם געטויגט? צו וואָס האָט ער דאָס באַדאַרפט?... עס האָט זיך איהם גערדאַכט, אַז ער איז אַ „הורג־נפש": גענומען אַ לעבעדיגע זאַך, אַפּגעביסען דאָס קעפּעל און צוגענומען ביי דעם דאָס חיות. פאַר וואָס? פאַר ווען? וואָס האָט דאָס איהם געטהאָן?... אומעטום און אַלע מינוט האָט ער געזעהען פאַר זיך דעם אָפּגעביסענעם פּיטום, דעם טוידטען אתרוג, געל ווי וואַקס, אָהן אַ טראָפּען חיות, אַ מת, אַ בר־מינן, אַ בר־מינן!...

ביינאַכט אין שלאָף איז דער אתרוג געקומען צו איהם צו חלום, איהם געטאָרעט און געשלעפּט פאַר'ן אָרבעל, געוועקט איהם: „וואָס האָסט דו געהאַט צו מיר? פאַר וואָס האָסט דו אָפּגעביסען מיין פּיטום? איך בין דאָך שוין איצטער פּסול, פּסול, פּסול!"... לייבעל קעהרט זיך איבער אויף דער אַנדערער זייט, קרעכצט און ווערט אַנשלאָפען, טאָרעט מען איהם ווידער: „קוילער! וואָס האָסט דו געהאַט צו מיין פּיטום? צו מיין פּיטום? צו מיין פּיטום?"...

## ו.

געקומען דער ערשטער טאָג סוכּות. נאָך דעם ביינאַכטיגען פרעסטעל איז אויפגעגאַנגען די זון אויפ'ן לויטערען בלויען הימעל און באַגאָסען די ערד מיט אַ פריילּיכער מחיה'דיגער ליכטיגקייט, וואָס צעגעהט זיך אין יעדען אבר און פילט־אָן דאָס האַרץ מיט אַ משונה געפיהל, מיט אַ מאָדנע בענקעניש נאָך דעם איבערגעלאָפענעם זומער. די זון לייכט, נאָר וואַרעמען וואַרעמט זי ניט. „ווי אַ שטיפמאַמע", זאָגט מען ביי אונז אין כּתרילעווקע. נישטאָ יענע וואַרעמקייט, וואָס זומער־לעב! מע זעהט נישט יענע גרינקייט, וואָס זומער־לעב! מע הערט נישט דאָס פּישטשען פון די פויגעלעך, וואָס זומער־לעב! אַלץ, אַלץ איז אַוועק מיט'ן ערשטען בלאָז פון דעם ערשטען טאָג פון חודש אלול, און נישט אַזוי גיך ועט זיך אומקעהרען יענע וואַרעמקייט פון דער זון, יענע גרינקייט פונ'ם גראָז און יענעם פּישטשען פון די פויגעלעך. די ערד וועט זיך נאָך גוט אָנפרוירען ביז דעמאָלט; גענוג שנייען וועט נאָך זיין ביז דעמאָלט, שנייען מיט ווינטען, מיט בורעס, מיט זאַווערוכעס. עס וועט נאָך גענוג בלאָזען און דרעהען און פייפען און קעהרען די וועלט, ביז די ערד וועט זיך אויפכאַפּען פון איהר קאַלטען שלאָף, אַראָפּוואַרפען פון זיך די קאַלטע געפרוירענע קאָלדרע און באַנייען זיך מיט אַ שפּאָגעל־ניי גרין קלייד און מחיה זיין טאָלען און בערג, טייכען און ימים, ביימער און בלומען, חיות און בהמות, מענטשען און עופות, און אַלסדינג, וואָס לעבט, געוועלטיגט און ווידמעט זיך אויף דער ערד...

דעם טאָג האָט זיך משה־יענקעל דער נאמן געפעדערט אויפ־צושטעהן, איבערקוקען די יום־טוב'דיגע קריאה, איבערזינגען זי מיט דעם באַקאַנטען שענעם יום־טוב'דיגען ניגון. דעם טאָג האָט זיך בתיה־ביילה די נאמנ'טע געפעדערט צו די יום־טוב'דיגע פיש מיט די יום־טוב'דיגע פאַרפעל מיט'ן יום־טוב'דיגען מעהרען־צימעס. דעם טאָג האָט ייִך זלמן דער סטאָלער געפעדערט אָפּבענטשען

אתרוג אין דער סוכּה פריהער פאַר אַלעמען, בכדי ער זאָל קאָנען טרינקען טיי מיט מילך און זיך אָנטהון וואוילטאָג לכבוד יום־טוב.

— רב זלמן בעט דעם לולב מיט'ן אתרוג. — מאַכט די מאַמע צום טאַטען.

— עפען־אויף די שאַפע, נעם־ארויס די פושקע, נאָר פּאַוואָ־לינקע! — זאָגט צו איהר דער טאַטע און אליין שטעלט ער צו א בענקעל צו דער שאַפע און נעמט־אראָפּ דעם לולב און איז זיך אליין מטריח מיט איהם אין סוכּה אריין מכבּד זיין דעם סטאָלער מיט דער מצוה.

— נאַט בענטשט אתרוג, — מאַכט ער צום סטאָלער, — נאָר פּאַוואָלינקע, למען השם, פּאַוואָלינקע!...

זלמן דער סטאָלער איז, קיין עין־הרע, א איד א גבר און האָט צוויי הענט, וואָס איטליכער פינגער פון זיי וואָלט געקאָנט אנידער־לעגען דריי אזעלכע לייבלעך, ווי איך, אין איין קלאָפּ. אויף יעדען גראָבען פינגער איז ביי איהם פאַרהאַן א נאָגעל, תּמיד פאַרפאַפּט און תּמיד רויט פון לאַק, און מיט דעם נאָגעל, אַז ער פיהרט דורך איבער א ברעט, בלייבט א טיעפער סימן אויסגעקריצט, ווי מיט א שאַרף פון איין אייזען. לכבוד יום־טוב האָט זלמן אָנגעטהאָן א ווייס העמד מיט א נייער קאַפּאָטע, און האָט אין באַד זיך לאַנג געזייפט די הענט מיט זייף און מיט אש און מיט זאַמד, און נישט געקאָנט אָפּזייפען זיך. די הענט זענען געבליבען פאַרפאַפּט און די נעגעל רויט פון לאַק, ווי פריהער.

אָט אין די דאָזיגע הענט איז אריינגעפאַלען דער ציטעריגער שמעקענדיגער אתרוג. נישט אומזיסט האָט זיך משה־יענקעל דער נאַמן אזוי א וואָרף געטהאָן, בשעת זלמן דער סטאָלער האָט א נעם געטהאָן דעם אתרוג, א רעכטען קוועטש געטהאָן איהם און א גוטען טרייסעל געטהאָן מיט'ן לולב.

— פּאַוואָלינקע, פּאַוואָלינקע! — זאָגט צו איהם דער טאַטע און ציטערט איבער'ן אתרוג. — אָט היינט קעהרט, זייט מוחל,

איבער דעם אתרוג מיט'ן פּיטום אראָפּ און זאָגט „שהחיינו", נאָר פּאַוואָלינקע, פּאַוואָלינקע, למען השם, פּאַוואָלינקע!

פּלוצים האָט זיך משה־יענקעל דער נאמן געגעבען אַ וואָרף און אַ געשריי ניט מיט זיין קול: „אוי!"... אויף זיין געשריי איז געקומען צו לויפען אין סוכה אריין בתיה־ביילה די נאמנ'טע.

— וואָס איז, משה־יענקעל? גאָט איז מיט דיר!

— גראָבער יונגאַטש! עם־הארץ! — האָט ער זיך צע־שריגען אויפ'ן סטאָלער און איז געווען גרייט איהם דורם זיין מיט דער ראיה. — ווי אַזוי איז מען אַזאַ גראָבער יונגאַטש? אַזאַ איין עם־הארץ? איין אתרוג איז דען אַ האַק? צי אַ דאָלעטע? צי איין עקבויר? איין אתרוג איז ניט קיין האַק, ניט קיין דאָלעטע, ניט קיין עקבויר! איהר האָט דאָך מיר איבערגעקוילעט דעם האַלז אָהן אַ מעסער! איהר האָט מיר גע'פסל'ט דעם אתרוג! אָט ליגט דער פּיטום — אָט נאָט זעהט, גראָבער יונגאַטש! עם־הארץ וואָס איהר זענט!...

טוידט זענען מיר געווען אַלע. זלמן דער סטאָלער איז גע־שטאַנען נעבאַך אַ טוידטער, ניט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי האָט זיך עס איהם געטראָפען אַזאַ מין אומגליק? פון וואַנען האָט זיך דאָס גענומען, וואָס דער פּיטום איז אָפּגעשפּרונגען? ער האָט, דאַכט זיך, געהאַלטען דעם אתרוג פון דער גרינג, קוים־קוים מיט די שפּיץ פינגער?... איין אומגליק! אַזאַ איין אומגליק!... משה־יענקעל דער נאמן איז געווען טוידט, ווי אַלע טוידטע. נאָך נישט געווען מיט'ן אתרוג אין שוהל, נאָך נישט געמאַכט די ערשטע ברכה אפילו, און שוין גע'פסל'ט! וואָס האָט ער גאָר באַדאַרפט געבען אַזאַ טייערע, אַזאַ־נ־איידעלע פּרי אין אַזעלכע גראָבע הענט אריין? קראַנק געווען בענטשען אין שוהל אויפ'ן קהל'שען אתרוג? „איהר גראָבער יונגאַטש! איהר עם־הארץ איינער!"... בתיה־ביילה די נאמנ'טע איז געווען טוידט, געבראָכען די הענט: „אַ מענטש, אַז סע געהט איהם ניט, זאָגט זי מיט טרערען אין די אויגען, זאָל ער בעסער נעמען און באַגראָבען זיך לעבעדיגערהייט, אַ פרישער, אַ

געזונטער אין דער ערד אריין!"... לייבעל איז געשטאַנען אַ טוידטער פון ציטערניש און פון פּחדים און פון דעם טאַטענ'ס יסורים און פון דער מאַמע'ס טרערען און פון זלמן דעם סטאָלער'ס בזיונות. לייבעל ווייסט ניט, צי זאָל ער טאַנצען פאַר פריידי, וואָס גאָט האָט מיט איהם געטהאָן אַזאַ נס, אויסגעלייזט פון אַזאַ צרה, פון אַזאַ איין אומגליק, צי ער זאָל וויינען אויפ'ן טאַטענ'ס יסורים, אויף דער מאַמע'ס טרערען און אויפ'ן סטאָלער'ס בזיונות? צי זאָל ער ארומהאַפּען זלמן דעם סטאָלער און אויסקושען איהם יעדען אבר, איהם קושען די גראָבע הענט מיט די פאַרפּאַפּטע פינגער מיט די רויטע נעגעל, דערפאַר, וואָס ער איז געווען זיין גוטער שליח, זיין מלאך הגואל, זיין אויסלייזער?... לייבעל טהוט אַ קוק אויפ'ן טאַטענ'ס פּנים, אויף דער מאַמע'ס טרערען, אויפ'ן סטאָלער'ס הענט, אויפ'ן אתרוג, וואָס וואַלגערט זיך אויפ'ן טיש אַ טוידטער, געל ווי וואַכס, אָהן אַ פּיטום, אָהן אַ טראָפּען חיות, אַ מת, אַ בר־מינן, אַ בר־מינן!...

— אַ טוידטער אתרוג! — זאָגט דער טאַטע מיט איין אונ־טערגעבראָכענער שטימע.

— אַ טוידטער אתרוג! — זאָגט איהם נאָך די מאַמע מיט טרערען אין די אויגען.

— אַ טוידטער אתרוג! — זאָגט זיי נאָך זלמן דער סטאָלער און קוקט זיך אין די הענט אריין און טראַכט, אַפּנים, בשעת־מעשה: „אַ פּאָר ידים — אָפּגעדאַרט זאָלען זיי ווערען!"...

# המן און זיינע טעכטער

געשריבען אין יאָהר 1903.

# המן און זיינע טעכטער

## א.

פאר וואָס מע האָט איהם גערופען המן — וויים איך נישט; נאָר גערופען האָט מען איהם.

אפשר דערפאר, ווייל ער איז געווען א שלעכטער? — האָט פון איהם קיינער ביי אונז קיין שלעכטס נישט ארויסגעזעהען.

אפשר דערפאר, ווייל ער האָט געהאט צעהן זיהן? — האָט ער נישט געהאט, א חוץ צוויי טעכטער, איין זוהן אפילו.

אפשר דערפאר, ווייל ער האָט געהאט א ווייב זרש? — איז, ערשטענס, ביי אידען נישטאָ אזא נאָמען, און צווייטענס, האָט ער, פון זינט איך געדענק איהם, קיין ווייב נישט געהאט.

פאר וואָס זשע פאָרט האָט מען איהם א נאָמען געגעבען ביי אונז אין כתרילעווקע אזא מיאוס'ען נאָמען?

נאָר א קשיה, וואָס ביי אונז אין כתרילעווקע קאָן מען א נאָמען געבען!

למאי, ס'איז פארהאַן ביי אונז א איד, — מיר דאכט, ער לעבט נאָך — וואָס מע רופט איהם „תרח"?

און ווי געפעלט אייך א נאָמען „גיהנם"? א נאָמען „האר־מידער"? א נאָמען „טעלעצע"? א נאָמען „מלאך־המות"? א נאָמען „חלירע"? א נאָמען „קליפה"?

צי, למשל, ס'איז געווען ביי אונז א אידינע, האָט זי געהייסען „עטי־פּעטי", און נאָך א אידינע — „צאינה־וראינה", און איינע א אידינע איז ביי אונז געווען מיט גאָר אזא מין נאָמען: „חנה־שרה־פייגע־פּעלצעליכעס"!

בקיצור, געהייסען האָט ער מרדכי, און גערופען האָט מען איהם „המן". און געווען איז ער א הויכער, א טרוקענער, מיט גרויסע שווארצע אויגען, מיט א לאנגער נאָז, מיט א קורץ אויס־געפּליקט גרויליך בערדעל, וואָס ער האָט תּמיד געפּליקט פון דעם איינציגוויין די האָר, נישט געלאָזט, ס'זאָל וואַכסען; די באַקען זענען געהאנגען אראָפּ מיט א סך קנייטשען אויפ'ן לאנגען האלז, און די אונטערשטע ליפּ האָט געקוקט ארויס; און געגאנגען איז ער אויסגעצויגען, ווי א סטרונע, געקוקט אויף איטליכען פון אויבען אראָפּ, ווינציג גערעדט, קיינמאָל נישט געלאכט און שטענדיג־שטענדיג פארטראכט.

געהאנדעלט האָט ער תּמיד מיט פּריצים, מיט די כּתרילעווקער אידען נישט געהאט קיין שום מגע־ומשא, א חוץ א נדבה, א נדר אין שוהל אריין; אי דאָס — שטיל, אָהן ווערטער, נישט געדונגען זיך, נאָר געפרעגט „וויפיעל" — און ארויסגענומען, און געגעבען.

אויך די צוויי טעכטער זיינע, צוויי שענע מיידלעך, האָבען זיך נישט אָנגעקערט מיט קיינעם; תּמיד געזעסען אין שטוב, מיט קיינעם נישט גערעדט, זיך באהאלטען אפילו פאר דער דיענסט.

אין שטאָדט האָט מען זיי גערופען „די המנ'טעס", און גע־האלטען פאר שלעכטע מענטשען, אזעלכע „רשע'טעס", ווי דער טאטע זייערער, ווי המן.

געוואָהנט האָבען זיי „נישט ווי געוויינטליך", דאָס הייסט, נישט ווי אלע כּתרילעווקער אידען; זיי האָבען זיך געהאט א באזונדערען הויף מיט א גאָרטען גאָר, און מיט א גרויסען פּארקאַן, און א הונט איז געווען דאָרט אין הויף.

א פּחד איז אויף מיר אָנגעפאלען אלע מאָל, ווען איך בין דורכגעגאנגען פארביי המנ'ס הויף. נישט פאר'ן הונט, וואָרום

אַלע האָבען געוואוסט, אז דער הונט איז אויף אַ קייט; נאָר פאַר'ן נאָמען „המן" אַליין האָב איך שוין געציטערט.

נאָך אַז איך בין געווען אַ קינד, פלעגט מען מיך שרעקען מיט דעם דאָזיגען נאָמען: „אַט רוף איך אריין המנ'ען!" „אַט געב איך דיך אָפּ צו המנ'ען!"... שפּעטער, אַז איך האָב אָנגעהויבען געהן אין חדר אריין, האָט מען מיר אָנגעוויזען המנ'ס הויף און המנ'ען אַליין, און אַלע מאָל, ווען איך האָב מיך מיט איהם באַ־געגענט, בין איך פון איהם אנטלאָפען.

איינמאָל, געגאַנגען פון חדר אהיים, האָב איך איהם דערזעהען כּמעט נעבען אונזער שטוב, בין איך דורכגעפלויגען פאַרביי און האָב מיך אומגעקעהרט ערשט דעמאָלט, אַז איך האָב געזעהען, אַז ער איז שוין נישטאָ.

דאָס אַנדערע מאָל בין איך געגאַנגען פאַרנאַכטליך אין שוהל אריין, געווען פאַרטיעפט אין רעיונות, געטראַכט וועגען די קנעפּ־לעך, וואָס איך האָב פאַרשפּיעלט אין חדר, און וועגען דעם חומש מיט רש"י, וואָס איך קען נאָך נישט, און וועגען די שמיץ, וואָס איך וועל חאַפּען פונ'ם רבין... פּלוצים — איך טהו אַ קוק — ויבוא המן! ער געהט מיר אַקעגען און שטעהט שוין כּמעט נעבען מיר. האָב איך אָנגעהויבען שרייען נישט מיט מיין קול און האָב מיך געלאָזט לויפען אין דער וועלט אריין. און איך בין געפאַלען, און מע האָט מיך אויפגעהויבען כּמעט אַ טוידטען.

— וואָס איז דיר? גאָט איז מיט דיר!

— איך האָב איהם געזעהען... ער איז געשטאַנען נעבען מיר...

— ועמען האָסט דו געזעהען? ווער איז געשטאַנען?

— המן... המן...

— וואָסער המן? אַ? „המן"?... וואָס זשע איז, נאַריש יונגעל וואָס דו ביזט? ער איז דען אַ בער? ער וועט דיך אויפ־עסען? פע, שעמען מעגסט דו זיך! אַ חדר־יונגעל, וואָס לערענט שוין חומש מיט רש"י, זאָל מורא האָבען פאַר אַ מענטשען!...

פון דעמאָלט אָן בין איך געוואָהר געוואָרען, אז המן איז א מענטש, און מע דאַרף פאַר איהם קיין מורא נישט האָבען.

ב.

מיר זענען שוין לאַנג ארויס פונ'ם חדר, איך און מיין חבר. מיר האָבען שוין אפילו ניט געלערענט מעהר מיט חברים אין בית־המדרש. א נייע תורה האָבען מיר מקבל געווען. נייע לעהרנונגען, א נייער רבי, נייע חברים. נייע האָפענונגען זענען אויפגעשטאַנען.

„השכלה" האָט געהייסען די נייע תורה. „לעהרער" האָט געהייסען דער נייער רבי. גימנאַזיע, אוניווערסיטעט, דאָקטאָר — אָט דאָס זענען געווען די נייע האָפענונגען.

ביכער, ביכער, ביכער — אָט דאָס איז געווען אונזער עבודה, אונזער יצר־הרע, אונזער לעבען!

ביכער אין כּתרילעווקע? פון וואַנען זאָלען זיך נעמען אין כּתרילעווקע ביכער? וויפיעל ס'איז געווען ביכער ביי באַקאַנטע האָבען מיר זיי איינגעשלונגען און האָבען זיך גענומען צו דער ביבליאָטעקע.

נאָר די כּתרילעווקער ביבליאָטעקע האָט אונז געקלעקט אויף איין צאָהן.

ביכער, ביכער, ביכער! אונזער מאָגען האָט געמאָהנט מזונות: ביכער און ביכער!

האָט אונז דער לעהרער איינמאָל אין א שענעם פריהמאָרגען אנטפּלעקט א סוד, אָנגעוויזען איין אוצר — צוויי גרויסע שאַפעס, פול אָנגעשטופּט מיט ביכער. און שטעלט אייך פאָר, ביי וועמען? ביי המנ'ען!

פון דעמאָלט־אָן זענען מיר געוואָרען אָפטע־אָפטע געסט ביי המנ'ען! גענומען ביכער, אָפּגעבראַכט די ביכער און גענומען

אנדערע ביכער, אלערליי ביכער. ביי המנ׳ען זענען געווען ביכער און ביכער, פון כל טוב!

פון דעמאָלט־אָן האָט זיך אָנגעהויבען אונזער קענטשאַפט. און ווי ווייט און ווי שטאַרק זענען מיר געווען נתפעל, אז מיר האָבען זיך באַקענט מיט המנ׳ען גופא!

ערשטענס, זענען מיר נתפעל געוואָרען פון דעם, וואָס המן איז קלאָר אומעטום, „ווי א וואַסער". פון וואָס איהר זאָלט מיט איהם נישט רעדען — ווייסט ער; וואָס פאַר א בוך איהר זאָלט נישט אָנחאַפּען — האָט ער איהם געלייענט.

צווייטענס — אלס מענטש.

א מאָדנער, א משונה־מאָדנער מענטש, אָט דער המן! נישט נאָר קיין שלעכטער בטבע, נישט נאָר קיין בייזער, קיין טרוקענער, קיין אָנגעבלאָזענער; אדרבה — א צוגעלאָזטער, א ווייכער, א פריינטליכער, און תמיד גרייט אייך צו דינען, געהן וואוהין איהר וועט איהם הייסען און טהון וואָס איהר ווילט.

אין שטוב — שטיל ווי א טויב. קלענער ביי זיך פון אלעמען. האָדעוועט אליין די קאַץ, גיט אכטונג, מע זאָל געבען עסען דעם הונט, גיט זיך אָפּ מיט פויגעלעך גאָר, טיילט־אַרום די דינסטען אין קיך אַריין, נישט געהערט, ער זאָל עמיצען זאָגען א הויך וואָרט — א מאָדנער, א משונה־מאָדנער מענטש, אָט דער דאָזיגער המן!

— פאַר וואָס האָט מען איהם א נאָמען געגעבען המן? — האָב איך אויף א ציקאַוועסט א פרעג געטהאָן איינמאָל אין דער היים, און האָב באַקומען דערויף אזא מין ענטפער:

— דערפאַר, וואָס ער איז א המן.

איך האָב מיך געפּרובט איבערשפּאַרען:

— וואָס פאַר א המן איז ער? ער איז, דאַכט זיך, גאָר נישט קיין המן!

האָט מען מיר דערויף געענטפערט:

— רעדסט, ווי א קינד. דער מענטש איז איין המן! דער מענטש זיצט איין אלמן שוין אפשר פופצעהן יאהר און האט נישט חתונה! געגוג? דער מענטש האט צוויי טעכטער, דוקא שענע מיידלעך, האלט ער זיי אויף א יקרות און וויל קיין שידוך נישט טהון. גענוג? דער מענטש האט נאך אויף זיין לעבען קיין שמייכעל נישט געטהאן. גענוג?

איך האב מיך אנגעהויבען צוקוקען צו המנ'ען נעהענטער. אמת: מע זעהט פון איהם נישט קיין פרייליכע מינע, מע זעהט פון איהם קיין שמייכעל נישט. תמיד פארטראכט, שטענדיג ערנסט; ערנסט בשעת ער רעדט, ערנסט בשעת ער טהוט עפּיס, ערנסט בשעת ער האדעווועט די קאַז, ערנסט בשעת ער גיט די פויגעלעך א טרונק, ערנסט בשעת ער טיילט־אויס אין קיך אריין און נעמט־אפּ חשבון פונ'ם מארק.

גלייך, אויסגעצויגען, ווי א סטרונע, מיט'ן אויסגעפליקטען בערדעל, מיט'ן לאנגען געקנייטשטען האלז, מיט דער ארויסגע־שטעלטער אונטערשטער ליפּ, שטענדיג ערנסט, קיינמאל נישט קיין שמייכעל טהון — א המן, איין אמת'ער המן, און דאך א וואוילער, א צוגעלאזטער, א פריינטליכער, א קלוגער, א מחיה'דיגער מענטש!

— וואס פאר א המן איז ער?

אזוי האבען מיר זיך געפרעגט איינס דאס אנדערע, איך און מיין חבר, און האבען נישט געקאנט געפינען קיין תירוץ.

מיט א מאל איז אונז פארענטפערט געווארען די קשיה.

ג.

איך מיין, אז איך וועל אייך אפילו נישט זאגען, וועט איהר אליין פארשטעהן, אז פון אונזער אפּט־ארייננקומען צו המנ'ען האבען מיר זיך סוף־כל־סוף צוגעשלאגען צו זיינע טעכטער, צו די „המנ'טעס".

פאַר וואָס זאָג איך „צוגעשלאָגען״? ווייל ער האָט זיי גע־האַלטען כּמעט אונטער׳ן שלאָס.

קיין בן־אָדם האָט זיי נישט געקאַנט זעהען. זיי האָבען זיך געהאַט זייער באַזונדער חדר. צום פאָטער קיינמאָל נישט ארויס־געגאַנגען. מיט קיין זאַך אין שטוב זיך נישט אָפּגעגעבען, אַ חוץ ביכער. הייגט פון וואַנען זאָל מען זיי קענען?

ויהי היום, מיר קומען איינמאָל צו געהן — נישטאָ המן אין דער היים. ערגיץ אַוועקגעגאַנגען.

זענען מיר אריינגעקומען צו איהם אין חדר אריין, דאָרט וואו דער אוצר פון ביכער. און אַזוי ווי מיר קומען־אריין — טרעפען מיר צוויי נקבות זיצען און לייענען, איינע שענער פון דער אַנדערער: איינע אַ הויכע, איין איידעלע, מיט שוואַרצע אויגען און מיט שוואַרצע האָר; די אַנדערע אַ נידעריגע, אַ קיילעכיגע, איין אונטערגעשאָרענע, מיט קלוגע, לעבעדיגע, גרויע אויגען.

דאָס זענען געווען המנ׳ס טעכטער, די „המנ׳טעס״.

איך רעכען לחלוטין פאַר איין איבעריגע זאַך באַשרייבען, ווי אַזוי מיר האָבען זיך באַקענט מיט המנ׳ס טעכטער, פון וואָס מיר האָבען גערעדט, ווי אַזוי מיר האָבען גערעדט. דאָס איז אַזאַ מאַטעריאַל, וואָס לאָזט זיך ציהען, ווי גומעלאַסטיק; אַזאַ מאַ־טעריאַל, וואָס מע קאָן פון איהם ציהען פּאָדעם אָהן אַ שיעור און שרייבען און שרייבען.

נאָר וויפיעל מע זאָל נישט שרייבען — אַ סוף מוז עס דאָך אַמאָל האָבען: דעם שפּיץ, דעם שפּיץ מוז מען ארויסזאָגען.

דער שפּיץ — מיר האָבען זיך ביידע פאַרליעבט.

מיין חבר — אין דער עלטערער, דער הויכער מיט די שוואַרצע האָר, און איך — אין דער קלענערער, מיט די בלויע גרויסע אויגען.

מיר האָבען זיך ביידע פאַרליעבט מיט דער אמת׳ער, הייסער, מסוכּנ׳ער ליעבע. פאַרליעבט, ווי עס קאָנען זיך פאַרליעבען צוויי כּתרילעווקער בחורים׳לעך, וואָס זענען אויף זייער לעבען נאָך נישט געזעסען נאָהענט נעבען אַ מיידעל, סע זאָלען זיך זיי ניט אָנצינדען

די בעקלעך; וואָס האָבען געוואוסט, אז א „כלה" איז די, וואָס מע פיהרט זי צו דער חופה; וואָס האָבען געוואוסט, אז א ליעבע איז די ליעבע פון שיר־השירים, אז א ראָמאן איז הייליג, קודש־קדשים.

מיר האָבען זיך ביידע, איך מיט מיין חבר, „אנטפּלעקט", אויסגעזאָגט איינער דעם אנדערען פון׳ם הייליגען סוד, און פון דעמאָלט־אָן איז צוגענומען געוואָרען אונזער גליקליך קינדערש לעבען.

פון דעמאָלט־אָן איז צוגענומען געוואָרען דער שלאָף פון אונזערע אויגען, דער אַפּעטיט צום עסען, און אפילו דער אַפּעטיט צום לערנען און דער חשק צו די ביכער.

דאָס הייסט, לערנען האָבען מיר אפילו נישט אויפגעהערט צו לערנען. מיר האָבען זיך געגרייט אוועקצופאָהרען שטודירען. נאָר ס׳איז שוין געווען נישט דאָס; נישט דאָס פייער, נישט דער ברען, וואָס פריהער.

פון דעמאָלט־אָן האָבען מיר געטשאַטעוועט קומען צו המנ׳ען פונקט דעמאָלט, ווען ער איז נישטאָ אין דער היים, און מיר זענען געווען גליקליך, אז מיר האָבען געקאָנט רעדען האָטש עטליכע, עטליכע ווערטער מיט די דאָזיגע „הויכע איידעלע נשמות".

אזוי האָבען זיי אויסגעזעהן ביי אונז אין די אויגען, ווייל גערעדט האָבען זיי ווינציג, און נאָר געקוקט, געקוקט אויף אונז, און יעדער קוק האָט אָנגעצונדען ביי אונז א פייער אין הארצען, יעדער קוק איז געווען א שאָס פון א ביקס, א בליץ פונ׳ם הימעל.

און נאָכדעם, אז המן האָט אָנגעקלונגען אין דער טיר, האָבען זיי זיך פארבאָרגען ביי זיך אין חדר און שוין מעהר נישט באוויזען זיך פאר אונז ביז׳ן אנדערען מאָל.

אזוי האָט זיך דאָס געצויגען, ביז ס׳איז געקומען די צייט פון אונזער אוועקפאָהרען צום עקזאמען.

## ד.

דאָס אוועקפאָהרען צום עקזאמען איז געווען ביי אונז אזא יום־טוב, וואָס מיר האָבען זיך געגרייט צו איהם עטליכע יאָהר כּסדר.

וויפיעל צרות און יסורים דאָס האָט געקאָסט! וויפיעל מלחמות איז מען אויסגעשטאַנען! וויפיעל טרערען זענען פאַר־גאָסען געוואָרען, איידער מיר האָבען גע׳פּועל׳ט, אז מע זאָל אונז לאָזען שטודירען, איידער מיר האָבען דערהערט דאָס גוטע וואָרט, אז מע פיהרט אונז אָפּ אין דער גרויסער שטאָדט אריין צום עקזאמען!

און אז ס׳איז געקומען די צייט פון פאָהרען צום עקזאמען, זענען מיר געבליבען שטעהן, איך און מיין חבר, ווי אין דער הינהער־פּלעט. נישט געוואוסט וואָס צו טהון.

אוועקפאָהרען און נישט גערעדט מיט אונזערע „הויכע איידעלע נשמות" פון גאָרנישט? ניט אויסגעזאָגט פאַר זיי פון יענעם הייליגען סוד קיין וואָרט אפילו?... נאָר ווי אזוי רעדט מען? ווי אזוי הויבט מען אָן צו רעדען מיט אזעלכע „הויכע איידעלע נשמות"?

און ס׳איז געבליבען ביי אונז ביידען, מיר זאָלען דאָס ארויס־זאָגען דורך בריעף, אויסגיסען אויף פּאַפּיער.

און מיר האָבען אויסגעגאָסען אונזער הארץ אויף פּאַפּיער.

וואָס מיר האָבען דאָרט געשריבען — קאָן איך איצט נישט געדענקען. און אפילו ווען איך זאָל געדענקען, וואָלט איך אייך נישט אויסגעזאָגט, ווארום איהר וואָלט דאָס נישט פאַרשטאַנען און איהר וואָלט געלאַכט.

און מיר האָבען נישט געלאַכט. ניין, דוקא נישט! מיר האָבען געוויינט.

מיר האָבען זיך געגעבען איינס דאָס אַנדערע איבערלייענען די דאָזיגע בריוולעך און האָבען געוויינט, געוויינט מיט טרערען, מיט הייסע, אמת'ע טרערען!

גוט אויסגעוויינט זיך, האָבען מיר אונזערע צוויי שענע מליצה-בריעף איבערגעגעבען מיט גרוים מיה דורך המנ'ס דיענסטמיידעל, און אויף מאָרגען, אַז מיר זענען געקומען אין דער „געוועהנליכער צייט" צו המנ'ען, אין דער צייט, ווען ער איז נישטאָ אין דער היים, האָט אונז דאָס דיענסטמיידעל באַגעגענט מיט אַ מאָדנע שמייכעל אויפ'ן פּנים און האָט אונז אַריינגעפיהרט אין המנ'ס חדר אַריין און געהייסען צוװאַרטען, ביז די „באַרישנים" װעלען אַריינקומען פון גאָרטען.

און מיר האָבען זיך צוגעזעצט וואַרטען, ביז אונזערע „הויכע איידעלע נשמות" װעלען אַריינקומען פון גאָרטען.

ס'איז געװען אָפען דאָס פענסטער. אין דרויסען האָט גע-שיינט, — אָנהויב זומער איז דאָס געװען — די זון האָט פרייליך אַראָפּגעקוקט פון איהר הויכען געצעלט, פונ'ם לויטער-בלויען הימעל, און פונ'ם גאָרטען — דער איינציגער אידישער גאָרטען אין כּתרילעװקע — האָט זיך געלאָזט הערען אַ זיסער ריח פון די װיינשעל-בוימער, װאָס האָבען געהאַלטען אין רעכטען בליהען, און די קליינע װייסע שמעקעדיגע װיינשעל-בליהמעלעך האָבען זיך, װי פליעגעלעך, װי קליינע װייסע לעבעדיגע פליעגעלעך, פרייליך גע-טראָגען אין דער לופטען, און עס האָט זיך געלאָזט הערען אַ זשומען, אַ פּישטשען און אַ שמוצערען פון אַ סך-אַ סך פויגלען פונ'ם גאָרטען, פונ'ם איינציגען אידישען גאָרטען אין כּתרילעװקע.

עס האָט זיך געעפענט די טיר און עס זענען אַריינגעקומען אונזערע „הויכע איידעלע נשמות".

און אַז אונזערע „הויכע איידעלע נשמות" זענען אַריינגעקומען, האָבען מיר זיך ביידע, איך און מיין חבר, אַ חאַפּ געטהאָן פון די ערטער, זיך געגרייט האַרכען איין ענטפער אויף אונזערע טרויעריגע בריעף, אויף אונזערע אומשולדיגע טרערען.

נאָר די „הויכע איידעלע נשמות", אַז זיי האָבען אונז דער־זעהען, האָבען זיי אַ קוק געטהאָן איינס אויף דאָס אַנדערע און האָבען אויסגעשאָסען אַ געלעכטער אונז גלייך אין פּנים אַריין און זענען אַנטלאָפען צו זיך אין חדר אַריין.

און איך מיט מיין חבר זענען געבליבען שטעהן, ווי געלעהמט, געקוקט איינס אויף דאָס אַנדערע און נישט געקאָנט אויסרעדען קיין וואָרט אפילו.

אַ גליק, וואָס דאָס דיענסטמיידעל איז אַריינגעקומען צו אונז. און אַריינגעקומען איז זי צו אונז מיט אַזאַ מינע, ווי איינער רעדט: „וואָס שטעהט איהר, ווי די לעהמענע גולמס? געהט אייך גע־זונטערהייט!"...

מיר האָבען פאַרשטאַנען, אַז מיר דאַרפען געהן; נישט געהן, נאָר לויפען, לויפען וואוהין די אויגען וועלען טראָגען! און מיר זענען געלאָפען, געלאָפען פון דער דאָזיגער שטוב, גלייך ווי עמיצער האָט אונז געיאָגט, גלייך ווי צעהן בייזע הינט זענען אונז נאָכ־געלאָפען, און יענער געלעכטער האָט זיך געלאָזט הערען, געקלונגען אין אונזערע אויהערען.

און די זון האָט געשיינט, און די וויינשעל־בוימער האָבען געבליהט, און די פויגלען האָבען געזשומעט און געפּישטשעט און געשמוצערט, און איך מיט מיין חבר זענען געלאָפען, געלאָפען, און יענער געלעכטער האָט זיך נאָך געלאָזט הערען, געקלונגען אין די אויהערען.

עס איז אונז פאַרענטפערט געוואָרען די קשיה, פאַר וואָס מע האָט איהם גערופען „המן" און זיינע טעכטער — די „המנ'טעס".

# געצעל

— זיצט, איך וועל אייך דערצעהלען א מעשה מיט נים.

— מיט וואס? מיט נים?

— מיט נים!

— איצט? בשעת מלחמה?

— אדרבה: ווייל מלחמה, ווייל ס'איז אייך לא־עליכמ'דיג אויפ'ן הארצען, וויל איך א ביסעל צעשלאגען די מחשבות. און אגב, אז מע צעבייסט א נוס, געפינט מען א יאדער.

## I

געהייסען האט ער געצעל, נאר גערופען האט מען איהם גויעצעל, געהאלטען איהם פאר א פרא־אדם: ווער עס האט נאר געהאט גאט אין הארצען, דער האט געטריבען מיט איהם קאטאוועס, געמאכט פון איהם חוזק. געווען איז ער צווישען די קליינע יונגלעך אין חדר א בחור'על א דערוואכסענער שוין, א לעפעשעוואטער, מיט מגושם־גראבע הענט און מיט מגושם־גראבע ליפען. א קול האט ער געהאט, ווי פון א פאס, און געגאנגען איז ער מיט ברייטע הויזען און מיט גרויסע שטיוועל, ווי א בער. א קאפ איז אויף איהם געזעסען א גרויסער, ווי א באק־דייזשע, און אנגעשטאפט איז ער געווען, איך בעט איבער אייער כבוד, מיט קלאטשע, היי

אָדער פעדערען. אזוי האָט געזאָגט אויף איהם אין חדר דער רבי, רב יענקעל, איהם אויסגעוואָרפען אַלע מאָל זיין וואוכּס: „גויעצעל", „ווערגעלעץ", „גראָבער נפש", „טרפה'נער ביין", „אָכסען־פעל", וכדומה אַזעלכע שענע צונעמענישען. און ער? גאָרנישט! ס'זאָל איהם אפילו אָנהויבען ריהרען! פארקלויבען זיך אין א ווינקעל, אָנגעשטאָפּט פולע באַקען און גע'מעלה־גרה'ט, ווי א קאַלב. גויעצעל האָט געהאַלטען, פארשטעהט איהר מיך, פון דער אכילה. עסען איז ביי איהם געווען טייערער פון וואָס איהר ווילט. „א קישקע אָהן א דנאָ" — האָבען געזאָגט אויף איהם זיינע חברים. „א זולל־וסובא'ניק" — האָט געזאָגט אויף איהם דער רבי. און גויעצעל זאָל זיך דאָס אפילו פארקרימען! דער־טאַפּט דעם אָנבייסען, אריין אין מויל אריין און געריבען אויף וואָס די וועלט שטעהט. און אָנבייסענס האָט מען איהם גע־טראָגען אין חדר אריין תּמיד די בעסטע — קנישעם מילכיגע מיט ווארעניקעס לרוב! אָט דער מגושמ'דיגער לעפּעשעוואַטער בחור איז נאָך געווען צו די צרות ביי זיין מאַמע די נגידית'טע א ציטעריגער, א בן־יחיד'על, האָט זי איהם געהאָדעוועט, געשטאָפּט טאָג ווי נאַכט, ווי מע שטאָפּט א גאַנז, און כּסדר געקלאָגט זיך, אַז „דאָס קינד עסט גאָרנישט".

— מע באַדאַרף איהם אָפּשפּרעכען א גוט אויג, — פלעגט נאָכדעם זאָגען דערויף דער רבי רב יענקעל, געוויינטליך, הינטער די אויגען.

— א מכּה דער מאַמען! — פלעגט איהם אונטערהעלפען די רביצין מיט א ניגון און מאַכען בשעת מעשה אַזאַ פּנים, אַז ס'איז נישט מעגליך געווען, מע זאָל נישט לאַכען. — אין פּאַלעסיע אַזעלכע קינדערלעך וויקעלט מען נאָך, איהם זאָל זיין פּאַר מיינע ביינער!

— נאָך זיין קאָפּ זאָל איך בלייבען! — לאָזט־אויס נאָך איהר דער רבי און רוקט איהם אָן דאָס היטעל איבער די אויהערען.

דער גאַנצער חדר לאַכט, און גויעצעל זיצט אָנגעבלאָזען און שווייגט; ברוגז איז ער טאַקי, נאָר ער שווייגט. שווער אריינ־צובּרעננגען איהם אין כּעס; נאָר האָט מען איהם אריינגעבּראַכט אין כּעס — איז נו־נו! אַ בּער, אז מע צערייצט איהם, בּאַדאַרף נישט זיין אזוי מסוכּן, ווי ער. פאַר כּעס הויבּט ער אָן טאַנצען און בּייסען זיך אליין מיט די געזונטע ווייסע צייהן אין די הענט אריין, און לאָזט ער אראָפּ אַ פּאַטש, קאָן מען איהם פּיהלען, טאַקי האָבּען הנאה. דאָס האָבּען זיינע חברים געוואוסט גאַנץ גוט, טאַקי פאַרזוכט אויף זייערע פּלייצעס, און מהאי טעמא מורא געהאַט פאַר איהם אימת־מות, נישט געוואָלט האָבּען מיט איהם קיין מגע־ומשא. פאַר קלעפּ, פאַרשטעהט איהר מיך, האָבּען אידישע קינדער דרך־ארץ... און בּכדי מע זאָל זיין געוואָהרענט פון געצעל'ס קלעפּ, האָבּען אלע צעהן חדר־יונגלעך בּחברותא געמוזט מאַכען אַקעגען איהם יד־אחת, צעהן חברים אַקעגען איינעם, און אָט אויף אזא־נ־אופן איז געוואָרען בּיי יענקלען אין חדר צוויי כּתות: פון איין זייט אלע תּלמידים, פון דער אַנדערער זייט געצעל. די תּלמידים האָבּען געשאַרפט די מוחות, געצעל — דעם קולאַק. די תּלמידים האָבּען געלערענט, געצעל האָט געפּרעסען קנישעס מיט וואַרעניקעס לרוב.

## II

ויהי היום, ס'איז געקומען אונטער אַ יום־טוב, האָבּען זיך חברה צונויפגעקליבּען שפּיעלען אין ניס. דאָס שפּיעל אין ניס איז אַ שפּיעל, ווי אלע שפּיעלען, נישט בּעסער פון דריידעל און נישט ערגער פון קאָרטען; דאָס שפּיעל בּאַשטעהט אין פאַר־שיידענע שפּיעלען: אין „גריבּעל", אין „בּאַנק" און אין „יאַר־מעלקע". און אויסלאָזען לאָזט זיך אויס דאָס שפּיעל, ווי, גע־וויינטליך, יעדעס שפּיעל: איינער פאַרשפּיעלט, דער אַנדערער

געווינט. און, ווי אומעטום, איז דער וואָס געווינט א חכם און א בריה און א וואוילער יונג, און דער וואָס פארשפּיעלט — דער איז א טפּש און א בהמה און א שלים־מזל'ניק, פּונקט ווי, להבדיל, אין די גרויסע מקומות, אין די קלובען, דאָרט, וואו דער עולם זיצט יומם ולילה און איז זיך עוסק אין הלכות קאָרטען.

האָבען זיך, הייסט עס, חברה צונויפגעקלויבען אין חדר, אלע צעהן חברים, שפּיעלען אין ניס. איבערגעקעהרט א באַנק, אויס־געלעגט א שורה ניס אויף דער ערד און גענומען וואַרפען פון דער באַנק אראָפּ צו דער שורה; ווער עס וועט מעהר אויסשלאָגען פון דער שורה, דער האָט געוואונען. פּלוצים עפענט זיך די טיר און עס קומט אריין געצעל, מיט פולע קעשענעס, געוויינטליך.

— ברוך הבא, א איד! — רופט זיך אָן איינער.

— מע זאָל דערמאָנען משיח'ן! — מאכט דער אנדערער.

— ויבוא המן! — זאָגט דער דריטער.

— מאכט רש"י: דער רוח האָט איהם געבראכט צו טראָגען!

— אין וואָס שפּיעלט איהר, אין באַנק? שפּיעל איך אויך מיט אייך. איך האָב ניס. — אזוי זאָגט געצעל און באקומט באלד א תשובה:

— לאָ מיט א ספּאָדיק!

— פאר וואָס?

— דערפאר!

— נו, וועל איך אייך צעשלאָגען דאָס שפּיעל!

און נישט לאַנג געטראכט, גענומען מיט די בערישע פיס און צעשליידערט די שורה ניס איבער דער גאנצער שטוב. האָט דאָך עס חברה מסתמא פאַרדראָסען. א העזה פון א יונגאטש!

— קינדער, וואָס שווייגט איהר איהם? — האָט זיך אָנ־גערופען איינער.

— הבה נתחכמה! — רופט זיך אָן נאָך איינער.

— לאָמיר איהם דורכבּרעכען די ביינער! — פּאַרטייטשט א דריטער.

— אנו, פּרובט זיך! — מאַכט געצעל און פּאַרקאַטשעט די אַרבעל, גרייט צו דער אַרבייט.

און ס'איז אַרויס אַ מלחמה, אַ געשלעג צווישן ביידע כּתות. פון איין זייט דער גאַנצער חדר, פון דער אַנדערער זייט — געצעל.

צעהן איז נישט איינער. זיי האָבן טאַקי געפּיהלט דעם טעם פון זיינע געזונטע קולאַקעס; אַ צוויי־דריי סימנים: ביילען אין שטערן און לאַנטערנעס אונטער די אויגען האָבן טאַקי גע־האַפּט זיי; דערפאַר האָבן זיי אָבער אויך איהם געגעבן צו זעהען די וועלט מיט זייערע שאַרפע נעגעל און מיט די צייהן און מיט וואָס נאָר מע האָט געקאָנט, פון פאָרענט און פון הינטען און פון אַלע זייטען, געדראַפּעט, געשטשיפּעט, געפליקט, געריסען, געביסען — בקיצור, צעהן איז נישט איינער, גובר געווען האָבן זיי, און געצעל האָט געמוזט, מחילה, נעמען דעם וועג און מאַכען פּליטה. און ערשט דאָ הויבט זיך אָן די רעכטע מעשה מיט די נים.

III

אַרויסגעגאַנגען אין דרויסען אַ צעקאָשמעטער, אַ צעדראַפּע־טער, מיט צעריסענע פּלודערן, איז געצעל געבליבען שטעהן אַ ווײַלע פאַרטראַכט. נאָכדעם האָט ער זיך געגעבן אַ פּאַטש מיט ביידע הענט איבער די קעשענעס, און עס האָט זיך געלאָזט הערען אַ קלינגען פון אַ סך נים.

— ווילט איהר, הייסט דאָס, מיט מיר נישט שפּיעלען אין נים? לאָז זיך מיט אייך שפּיעלען דער מלאך־המות! איך האַרף אייך אויף סים סאַט כּפּרות! איך קאָן באַשטעהן, מיר זאָלען זיך אַליין אינצווייען שפּיעלען...

אַזוי האָט געצעל אַ זאָג געטהאָן צו זיך אַליין און האָט זיך געלאָזט געהן וואו די אויגען וועלען איהם טראָגען. אָפּגעשטעלט

זיך אין מיטען וועג, טהוט ער א זאָג צו זיך, גלייך ווי ער וואָלט דאָ געוועזן מיט עמיצען זאַלבאַנאַנד:

— וואוהין זשע, געצעל, וועלען מיר געהן, אשטייגער? — און טאקי באַלד זיך אליין געענטפערט:

— אהין, ווייט... הינטער דער שטאָדט, אויף יענער זייט מיהלען. דאָרט איז נישטאָ קיינער. דאָרט וועלען מיר זיך זיין איינע אליין אינצווייען, קיינער וועט אונז נישט שטעהרען. און לאָז עמיצער פּרובען אונז שטעהרען, וועלען מיר ברעכען ביינער, מאכען א תל...

און געצעל, רעדענדיג אזוי מיט זיך אליין, פיהלט, אז ער איז נישט איינער, נאָר צוויי, און כּח פיהלט ער אין זיך פאר צוויי! אנו, לאָזען נאָר קומען אהער זיינע חברים, מאכט ער פון זיי א מאָטשינקע, א האַנטשירקע, א חורבן! און ער האָט דערפון שטארק הנאה און הערט נישט אויף צו רעדען מיט זיך אליין, גלייך ווי ער וואָלט דאָ געוועזן באמת זאַלבאַנאַנד.

— הער נאָר אויס, ביז וואַנען וועלען מיר, אשטייגער, געהן? — מאכט ער צו זיך אליין און ענטפערט זיך טאקי תּוך־כדי־דבור:

— נו, עס וועגדט זיך אין דיר.

— טאָמער וואָלטען מיר זיך גאָר דאָ צוגעזעצט שפּיעלען אין נים? האַ? וואָס זאָגסט דו, געצעל?

— טא, ביי מיר האָסט דו גע'פּועל'ט.

און געצעל זעצט זיך צו אויף דער ערד, העט־ווייט הינטער דער שטאָדט, אויף יענער זייט מיהלען. ארויסגענומען און איבער־געצעהלט די נים, צעטיילט זיי אויף דער האלב, גלייך אויף גלייך; איין העלפט אריינגעלעגט אין דער רעכטער קעשענע, די אנדערע העלפט אין דער לינקער קעשענע, אויסגעטהאָן דאָס היטעל און אריינגעוואָרפען אהין פון דער רעכטער קעשענע עטליכע נים און א זאָג געטהאָן צו זיך אליין:

— זיי מיינען, אז אהן זיי קאן מען זיך גאר נישט באגעהן...
הער נאר אוים, געצעל, אין וואס פאר א שפיעל שפיעלען מיר?
— איך וויים? אין וואס פאר א שפיעל דו ווילסט.
— אפשר וועלען מיר שפיעלען אין „אום צי גראד"?
— ביי מיר האסט דו גע'פועל'ט.

און ער טהוט א טרייסעל מיט דער יארמעלקע און א מאך:
— אצינד טרעף! אום, צי גראד? נו, רעד ווערטער! — מאכט ער צו זיך אליין און טהוט זיך א זעץ מיט'ן עלענבויגען אין זייט אריין און ענטפערט זיך אליין:
— גראד.
— גראד, זאגסט דו? ווי לאנג שמייסט מען דיך! געב אהער. האסט פארשפיעלט דריי נים.

און ער נעמט־ארוים פון דער לינקער קעשענע דריי נים, לעגט זיי איבער אין דער רעכטער. ווידער א מאל א טרייסעל מיט דער יארמעלקע און ווידער א מאל א פרעג:
— נו, ווייטער. אום, צי גראד?
— אום.
— אום, זאגסט דו? ווי לאנג קרענקסט דו! געב אהער, דו האסט פארשפיעלט פיער נים!

און ער לעגט־איבער פון דער לינקער קעשענע אין דער רעכטער פיער נים, טהוט א טרייסעל מיט דער יארמעלקע און א מאך צו זיך אליין:
— נו, אפשר וועסט דו איצט טרעפען? אום, צי גראד?
— גראד.
— גראד, זאגסט דו? ווי לאנג פוילען די ביינער דיינע! געב אהער, דו פארך איינער, פינף ניסלעך!
— גענוג איך פארשפיעל, שעלסט דו זיך נאך?
— ווער איז דיר שולדיג, אז דו ביזט א בהמה און טרעפסט, ווי א בלינדער אין גרוב? נו, זאג שוין ווייטער, זאג: אום, צי גראד? איצט ווערסט דו שוין מסתמא געווים טרעפען.

— גראַד.

— גראַד? לעבּען זאָלסט דו מיר אַזוי! גיב אַהער, דו פּערד איינער, זיעבּען ניס, און טרעף נאָך אַ מאָל: אום, צי גראַד?

— גראַד.

— ווידער אַ מאָל גראַד? איך זאָל דיך אַזוי האָבּען פאַר אַ טאַטען! גיב אַהער, שלים־מזל, נאָך פינף ניסלעך, און טרעף שוין אַצינד, אפשר וועסט דו חאָטש איין מאָל טרעפען: אום, צי גראַד? נו, וואָס שווייגסט דו!

— איך האָבּ שוין נישט קיין ניס.

— ס'אַ ליגען! דו האָסט!

— ווי איך בּין אַ איד, איך האָבּ נישט.

— טהו נאָר אַ זוך גוט אין קעשענע אויפ'ן דנאָ! אָט אַזוי.

— נישטאָ קיין סימן אפילו!

— נישטאָ? פאַרשפּיעלט אַלע ניס? נו? צו וואָס האָט דאָס דיר געטויגט? בּיזט דו נישט קיין בּהמה?

— געננוג, האָסט אָפּגעוואונען בּיי מיר אַלע ניס, רייצסט דו זיך נאָך מיט מיר?

— אַ מצוה, זעהר רעכט! האָסט געוואָלט בּיי מיר אָפּ־געווינען, האָבּ איך בּיי דיר אָפּגעוואונען.

און גויעצעל איז העכסט צופריעדען פון דער מעשה, וואָס געצעל האָט פאַרשפּיעלט, און ער, גויעצעל, האָט געוואונען. ממש ער פיהלט, אַז עס קומט איהם צו אַ שטיק געזונט. ער פיהלט זיך איצטער בּכח אָפּגעווינען בּיי דער גאַנצער וועלט אַלע ניס. „וואו נעמט מען זיי איצטער, די חברים מיינע פון חדר? וואָלט איך זיך מיט זיי צערעכנט! איך וואָלט זיי נישט איבּערגעלאָזט קיין איינציג ניסעל אפילו אויף אַ רפואה! זיי וואָלטען זיך אויסציהען בּיי מיר, אַ מיתה משונה איינגעמען דאָ אויפ'ן אָרט!"...

און געצעל ווערט אין כּעס, מלא רציחה, לעגט־צונויף די קולאַקעס און קריצט מיט די ציינער און רעדט צו זיך אַליין, גלייך ווי ער וואָלט דאָ בּאמת געווען זאַלבּאַנאַנד:

— אנו, פּרובט איצט זיך אָנהויבען מיט מיר! אצינד בין איך שוין נישט אַליין! אצינד זענען מיר שוין זאַלבּאַנאַנד!... נו, געצעל? וואָס ביזט דו געבּליבען זיצען עפּיס, ווי אַ חתן? לאָמיר נאָך שפּיעלען אַ ביסעל אין נים.

— אין נים? וואו האָב איך נים? איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז איך האָב שוין נישט קיין איינציג ניסעל אפילו.

— אך! איך האָב גאָר פאַרגעסען, אַז דו האָסט שוין נישט קיין נים... ווייסט דו וואָס? איך וועל דיר געבען איין עצה, געצעל.

— דהיינו?

— געלט האָסט דו?

— איך האָב. נו, איז וואָס?

— קויף ביי מיר נים.

— וואָס הייסט, איך זאָל ביי דיר קויפען נים?

— בהמה, ווייסט נישט וואָס הייסט קויפען? געב מיר געלט, נאַ דיר נים. הע?

— נו, מהכתּיתי. ביי מיר האָסט דו גע'פּועל'ט.

און ער נעמט־אַרויס פון בייטעלע אַ זילבּערנע גריוונע, דינגט זיך אויס פאַר'ן מקח, צעהלט־אָפּ אַ פּאָר צעהנדליג נים פון דער רעכטער קעשענע אין דער לינקער, און דאָס שפּיעל הויבט זיך אָן גאָר איבער אַ נייעס.

## IV

אַ געניטער קאָרטען־שפּיעלער, דערצעהלט מען, האָט גערופען אַ האַלבּע שעה פאַר'ן טוידט זיין זוהן, אויך אַ קאָרטען־שפּיעלער, און רופט זיך אָן צו איהם בזה הלשון:

— מיין קינד! איך געה־אַוועק פון דער וועלט, מיר וועלען זיך שוין מעהר גישט זעהן קיינמאָל. איך ווייס, אַז דו שפּיעלסט

אין קאָרטען, דו האָסט מיין חולאת... שפּיעלען מעגסט דו וויפיעל דו ווילסט, נאָר אָפּשפּיעלען זיך — זאָל דיך גאָט שומר ומציל זיין!

די דאָזיגע ווערטער זענען, להבדיל, אַ תורה. נישטאָ קיין ערגערע זאַך אויף דער וועלט, ווי אָפּשפּיעלען זיך. דאָס טהוט־אויס, זאָגען געניטע מענטשען, ביז צו דעם לעצטען העמד! דאָס טרייבט־אריין אין שאול־תחתיה אריין, און מע קאָן שוין נאָכדעם קיין תחית־המתים נישט אויפשטעהן! אזוי זאָגט די וועלט, און אזוי איז געווען אויך מיט אונזער חברה־מאַן. ער האָט אזוי לאַנג געאַרבייט מיט׳ן היטעל: אום, צי גראָד, געלעגט פון איין קעשענע אין דער אַנדערער, ביז די לינקע קעשענע איז געבליבען אָהן איין ניסעל.

— נו, פאַר וואָס שפּיעלסט דו נישט?

— איך האָב שוין נישט מיט וואָס.

— וויעדער אַ מאָל געבליבען אָהן ניס, שלים־מזל?

— דו זאָגסט, איך בין אַ שלים־מזל, און איך זאָג, דו ביזט אַ שולער.

— זאָגסט דו נאָך אַ מאָל דאָס וואָרט „שולער“, געב איך דיר איבער די פּיסקעס.

— לאָז דיר גאָט געבען אזא זין!...

געצעל בלייבט זיצען עטליכע מינוט שטיל, גראָבעלט מיט די פינגער אין דער ערד, גראָבט אַ גריבעל און ברומט שטילערהייט אַ ליעדעל אונטער דער נאָז. נאָכדעם טהוט ער אַ זאָג:

— סקוטשנע! לאָמיר שפּיעלען אין ניס.

— וואו האָב איך ניס?

— האָסט נאָך עפּיס געלט? איך וועל דיר פאַרקויפען נאָך אַ צעהנדליג.

— געלט? וואו האָב איך געלט? איך האָב שוין נישט אַ גראָשען!

— נישט קיין ניס און נישט קיין געלט? אוי, איך וועל דאָס נישט אויסהאַלטען! חאַ־חאַ־חאַ!

און דער „חאַ־חאַ־חאַ” צעשיט זיך איבער'ן גאַנצען פעלד, קלינגט זיך אָפּ מיט אַ ווידער־קול אין'ם געדיכטען ווייטען וואַלד, און געצעל קאַטשעט זיך פאַר געלעכטער.

— וואָס איז מיט דיר פאַר אַ געלעכטער, דו גויעצעל איי־נער? — מאַכט ער צו זיך אַליין, און טאַקי תּוך־כּדי־דבור זיך אַליין אָפּגעענטפערט:

— דאָס לאַך איך פון דיר, שלים־מזל. געננג דו האָסט מיר פאַרשפּיעלט אַלע נים — צו וואָס האָט דיר געטויגט נאָך נעמען און פאַרשפּיעלען דאָס געלט אויך, אַזוי פיעל געלט, דו שוטה בן פיקהאָלץ? אוי, איך וועל דאָס נישט אויסהאַלטען! חאַ־חאַ־חאַ!

— האָסט דאָך מיך אַליין אַרויפגעפיהרט דערויף, דו רשע מרושע, דו שלעכטער יונג, דו טרפה'נער ביין!

— חכם בלילה! אַז איך זאָל דיר זאָגען אָפּשניידען די נאָז, דאַרפסט דו מיך פאָלגען? דו פּעטאַך איינער! דו בהמה בצורת פערד! חאַ־חאַ־חאַ!...

— ווער חאָטש אַנשטומט, דו גויעץ איינער, און לאָס איך דיין טרפה'נעם פּרצוף נישט אָנקוקען!

און ער קערעוועט זיך אַוועק פון זיך אַליין, זיצט עטליכע מינוט איין אָנגע'ברוגז'טער, גראַבעלט מיט די פינגער די ערד, פאַרשיט דאָס אויסגעגראָבענע גריבעל און זינגט שטילערהייט אַ ליעדעל אונטער דער נאָז.

V

— ווייסט, וואָס איך וועל דיר זאָגען, געצעל? — רופט ער זיך אָן צו זיך אַליין אין עטליכע מינוט אַרום. — לאָמיר זיך שוין איבערבעטען, לאָמיר ווערען חבר. גאָט האָט מיר געהאָלפען, ס'האָט מיר אַזוי באַגליקט, איך האָב געוואונען, קיין עין־הרע, אַזוי פיעל נים, — פאַר וואָס זאָלען מיר זיך נישט פאַרגינען צעקנאַקען עטליכע

ניסלעך? זיי באַדאַרפֿען זיין, מיין איך, ניט שלעכט? האַ? ווי מיינסט דו, געצעל?

— יאָ, איך מיין אויך אַזוי, זיי באַדאַרפֿען זיין ניט שלעכט. — ענטפֿערט ער זיך אַליין, און חאַפּט־אַריין אין מויל איין ניסעל, דאָס אַנדערע ניסעל, דאָס דריטע ניסעל, טהוט אַלע מאָל אַ זעץ מיט'ן האַנט איבער די צייהן, דאָס ניסעל טהוט אַ טרישטשע, נעמט ער אַרויס אַ פּעטען יאָדער, רייניגט איהם אָרום, וואַרפֿט איהם אַריין אין מויל און קייעט מיט די גרויסע ווייסע צייהן געשמאַק, חראָמקעט, ווי אַ פֿערד האָבער, און רופֿט זיך אָן:

— ביזט אפשר אויך אַ בעלן, געצעל, אויף אַ יאָדער פֿון אַ ניסעל? שעם דיך נישט, זאָג!

— מהכתיתי, פֿאַר וואָס נישט?

אַזוי ענטפֿערט ער זיך אַליין, ציהט אויס די לינקע האַנט, נאָר טאַקי באַלד טהוט ער זי אַ פּאַטש מיט דער רעכטער:

— און אַ מכּה ווילסט דו נישט?

— לאָז דיר זיין אַ מכּה.

— לאָז דיר זיין צוויי.

און ער הערט נישט אויף צו קנאַקען ניסלעך און קייען די פּעטע יאָדערען, חראָמקען, ווי אַ פֿערד האָבער. ס'איז איהם קאַרג, וואָס ער פּרעסט און יענער זיצט און קוקט, רופֿט ער זיך אָן צו איהם:

— הער נאָר, געצעל, וואָס איך וועל דיך פֿרעגען: ווי אַזוי איז דיר, למשל, בשעת מעשה, אַז איך עס און דו קוקסט?

— ווי אַזוי מיר איז? אַזאַ יאָהר אויף דיר!

— ע, ביזט, אפּנים, אין כּעס? נאַ זשע דיר אַ יאָדער פֿון אַ ניסעל.

און געצעל'ס רעכטע האַנט גיט דער לינקער האַנט אַ יאָדער פֿון אַ ניסעל. וויל די לינקע האַנט נעמען דעם יאָדער פֿון'ם ניסעל, גיט איהם די רעכטע האַנט, מחילה, אַ פֿייג... געהט די לינקע האַנט און טהוט אַ פּאַטש דער רעכטער האַנט, נעמט די רעכטע האַנט

און טהוט א פאטש דער לינקער האנט. געהט די לינקע האנט און דערלאנגט א פראסק אין דער רעכטער באק, געהט די רעכטע האנט און שטעקט־אפ דער לינקער באק צוויי פעטש. חאפט־אן די לינקע האנט ביי דער רעכטער לאץ, נעמט די רעכטע האנט און רייסט־אפ די לינקע לאץ פון אויבען ביז אראפ. געהט די לינקע האנט און חאפט זיך אן ביי דער רעכטער פאה, נעמט די רעכטע האנט און פארפאהרט אין לינקען אויהער.

— לאז־אפ די פאה, געצי, פאלג מיך, לאז־אפ די פאה!

— לאז־אפ דעם אויהער, וועל איך דיר אפלאזען די פאה!

— א מכה!

— נו, בלייבסט דו אהן א פאה, געצי!

— בלייבסט דו, גויעץ, אהן איין אויהער!

— אי!

— אי־אי!!

. . . . . . . . . . . . . . . .

## עפילאג.

עטליכע מינוט האט זיך אזוי געקאטשעט אויף דער ערד אונזער געצעל. אט איז ער געלעגען פון אויבען מיט דער רעכטער זייט, אט איז ער געלעגען פון אויבען מיט דער לינקער זייט, צוגעהאלטען מיט ביידע הענט די קעשענע מיט נים. א מינוט האט גובר געווען גויעצעל, א מינוט האט גובר געווען געצעל. ביז ער האט זיך אויפגעחאפט פון דער ערד, איין איינגעקאטשעטער אין בלאטע, ווי א דבר־אחר, א צעפליקטער, מיט א צעבלוטיגטען אויהער, מיט איין אונטערגעריסענער פאה, ארויסגעחאפט אלע נים פון קעשענע און פארווארפען זיי אין בלאטע אריין, העט־וויט ביז אויף יענער זייט מיהל, און צו־געברומט מיט כעס:

— אט אזוי!... א מצוה!... נישט מיר, נישט דיר!...

# לָאהִ׳נְיוּ

## א.

פון יאָהר צו יאָהר, פינקטליך, ווי א זייגער, איז ביי די בערנשטיינס א מנהג, אז צו „שפוך חמתך" עפענט מען אלע טירען — מע לאָזט־אריין א גאסט אין שטוב אריין, א ליעבען טייערען גאסט, אליהו הנביא.

זיי גלויבען, אז דער גוטער געטרייער אליהו הנביא קומט־אריין זיי בענטשען. שטילערהייט טרינקט ער אָפּ א טראָפּען פונ׳ם כוס, וואָס שטעהט אָנגעגרייט פון זיינעטוועגען, און ווערט שטי־לערהייט פארשוואונדען.

פאר אזא איין אָנגעלעגטען גאסט שטעהט־אויף די גאנצע שטוב און רופט־אויס: „ברוך הבא!"

און נאָכ׳ן „ברוך־הבא" זאָגט מען הויך, אויף א קול און מיט א ניגון:

— שפוך חמתך — גיס אויס דיין צאָרן אויף די נישט־קולטורעלע פעלקער, וואָס ווילען דיך ניט קענען!...

א מאָדנע פרומע שטוב ביי די בערנשטיינס! א פאטריאר־כאלע, א כשר׳ע, מיט מנהגים פאטריארכאלע.

ערב־פסח כשר׳ט מען די פיסלעך פון די בענקלעך, די קייטלעך פון די טירען, די זאסלינקעס פונ׳ם קוימען, די קראַקוועס פונ׳ם בוידעם.

מע כּשר'ט די קינדער, מע כּשר'ט די דיענסט, מע כּשר'ט די בהמה.

אויב בּיי דער גאַנצער וועלט איז כּשר, איז בּיי זיי כּשר שבּכּשר. אויב בּיי אַלע אידען איז פּסח, איז בּיי זיי פּסח שבּפּסח.

און אַז בערנשטיין זעצט זיך אַוועק צום סדר מיט'ן ווייסען קיטעל, מיט דער ווייסער זיידענער יאַרמעלקע, מיט די ווייסע שיך און זאָקען, אויף דעם הסב־בעט, אויף דעם ווייסען ווייכען הסב־בעט, — געוועלטיגט ער.

דער סולטאַן פון מאַראָקע מיט'ן שאַך פון פּערסיע, און אפילו דער מלך פון קאָרעע, וואָס טראָגט אַ מגן־דוד אויפ'ן קאָפּ, מעגען, כּלעבען, קומען אהער זיך לערנען געוועלטיגען.

אַז וואויל איז דעם מלך, וואָס האָט בּיי דער רעכטער האַנט אַזאַ מלכּה, ווי בערנשטיין האָט.

אַז וואויל איז דעם מלך מיט דער מלכּה, וואָס אַרום טיש בּיי זיי זיצען, ווי די אייל־בערט־פּלאַנצונגען, זייערע קינדער.

רעד איך פון דער מלכּה בערנשטיין, דערמאַן איך מיך אָן דער „אשת־חיל" פון שלמה המלך. רעד איך פון איהרע קינדער, קומען מיר אַקעגען די ווערטער: „הנה כּי כן יבורך גבר" — אָט אַזוי איז דאָס, אַז גאָט וויל איינעם בענטשען!

## ב.

איין יאָהר, סך־הכּל איין יאָהר, איז איבּערגעלאָפען — און וואָס פאַר איין איבּערקעהרעניש!

די אייגענע שטוב, די אייגענע כּשר'ע פרומע שטוב. די אייגענע מענטשען, די אייגענע פרומע כּשר'ע אידען. נאָר נישט דער גייסט, נישט דער פּסח, נישט דאָס עפענען פון די טירען, נישט דער „ברוך־הבא", נישט דער „שפוך־חמתך", וואָס פאַראַ־יאָהרען.

וואו איז אהינגעקומען די פריילעכקייט, די ליכטיגקייט, מיט דער היימליכקייט, מיט דער ברייטקייט?

א זארג, א גרויסער טיעפער זארג, ליגט אויסגעגאסען אויף אלע פנימ׳ער. א פארבארגענער אומעט האט זיך אהער אריינ־גע׳גנבה׳ט. א שטילער־שטילער טרויער.

שוין באלד א יאהר, זינט עס האט זיך אויסגעגאסען אויף זיי און אויף דער גאנצער שטאדט א וואלקענבראך, א שטורעמווינט מיט א האגעל, און נאך קלינגט זיי אין די אויהערען דער דונער מיט׳ן ציטערען פון די פענסטער, מיט׳ן געשריי, מיט׳ן געפילדער.

איין יאהר, סך־הכל איין יאהר, איז איבערגעלאפען — און וואס פאר איין איבערקעהרעניש!

א זארג, א גרויסער טיעפער זארג, ליגט אויסגעצויגען אויף אלע פנימ׳ער. א פארבארגענער אומעט האט זיך אהער אריינ־גע׳גנבה׳ט. א שטילער־שטילער טרויער.

דער אייגענער מלך מיט׳ן ווייסען קיטעל, מיט דער ווייסער זיידענער יארמעלקע, אויף דעם אייגענעם ווייסען ווייכען הסב־בעט. די אייגענע שענע מלכה, די אשת־חיל. די אייגענע קינדער, ווי די איילבערט־פלאנצונגען, ארום טיש. נאר נישט דער סדר, וואס פאראיאהרען, נישט די פריילעכקייט, די ליכטיגקייט, מיט דער היימליכקייט, מיט דער ברייטקייט, וואס פאראיאהרען.

די אייגענע הגדה, נאר נישט דער ניגון. א פארבארגענער אומעט האט זיך אריינגע׳גנבה׳ט אין דעם ניגון, א שטילער־שטילער טרויער.

און דער מלך און די מלכה און די קינדער, די בני־מלכים, זינגען שטיל דעם שטילען טרויעריגען ניגון, גלייך ווי א קראנקער, א חולה מסוכן, וואלט דא געלעגען ערגיץ אין דער נאהענט, גלייך ווי מע וואלט באוויינט א טוידטען.

און שטילערהייט, בגנבה, באהאלטען איינס פון דאס אנדערע, טרייסלען זיי אפ א שטילע טרער — נאך לאה׳ניון.

ג.

לאה׳ניו — אזוי האָט געהייסען דאָס קלענסטע קינד, דאָס קלענסטע און דאָס ליעבסטע.

דאָס איז געווען זעהר־זעהר א גראָטען קינד, א מיידעלע פון א יאָהר זעכס, א מיידעלע מיט געקרייזעלטע פלאַכסענע הערלעך און מיט הימעל־בלויע אויגלעך, און גערעדט האָט דאָס, ווי איין אלטער. אלסדינג גערעדט און אלסדינג פארשטאנען, אלסדינג געפיהלט און אלסדינג געוואוסט.

שוין צופיעל געוואוסט, צופיעל געפיהלט, צופיעל פארשטאנען! וואָס וועט זיין פון דעם קינד, אז עס וועט אויסוואַכסען?

דער דאָקטאָר האָט געזאָגט: „דאָס קינד איז נערוועז; דאָס קינד דארף מען היטען". וואָס איז דער חידוש, וואָס אלע האָבען איבער דעם אזוי געציטערט, געטרייסעלט זיך? לאה׳ניו! לאה׳ניו!

פאראיאָהרען, אז ס׳האָט זיך אויפגעהויבען דער שטורעם־ווינט און אלע האָבען אָנגעהויבען ארומלויפען איבער דער שטוב, ווי די פאר׳סמ׳טע מייז, ניט געוואוסט, וואו מען איז אין דער וועלט, האָט לאה׳ניו פארשטאנען און איז ארויפגעשפרונגען צו דער מוטער אויף די הענט, ארומגעחאפּט זי ביי׳ם האלז און געציטערט און געטרייסעלט זיך, און די צייהנדלעך האָבען זיך ביי איהר גע־שלאָגען, און די אויגלעך זענען איהר געוואָרען משונה גרויס, און זי האָט געזאָגט:

— מאמעניו, איך וועל דיך ניט לאָזען!...

פאר שרעק, נאָר פאר שרעק אליין, איז דאָס קינד גע־שטאָרבען!...

. . . . . . . . . . . . . . . .

## ד.

אך, ווי שען איז געווען לאה׳ניו, ליגענדיג אין בעטעל, ווי חנ׳עוודיג! די געקרייזעלטע פלאכסענע הערלעך צעלאזט, די שענע הימעל־בלויע אויגלעך האלב־אפען, די ווייסע טוידטע ליפען צו־געשלאסען אויף שטענדיג, אויף אייביג.

ניין, לאה׳ניו וועט שוין מעהר ניט רעדען. קיינמאל ניט, קיינמאל ניט!

און דאך מאהלט זיך אויס דער מוטער, אז דאס קינד קוקט אויף איהר, רעדט צו איהר, פרעגט ביי איהר:

— מאמעניו! פאר וואס?...

קיינער גלויבט איהר ניט, דער וויסטער מאמע. זיי מיינען, אז זי רעדט פון וועג, אז זי איז, חלילה, ניט ביי די געדאנקען. חא־חא־חא! חא־חא־חא!...

נאר וואס טראגט א מענטש ניט איבער? לאה׳ניון האט מען באהאלטען, אין דער ערד באהאלטען, און די וויסטע מאמע איז געזונט געווארען. און אט זיצען זיי אלע איצט ביי׳ם סדר, אלע, נאר אהן לאה׳ניון. סאמע דאס קלענסטע, סאמע דאס ליעבסטע פעהלט! נישטא לאה׳ניו!

און דער מלך און די מלכה און די קינדער, די בני־מלכים, זינגען שטיל דעם שטילען טרויעריגען ניגון פון דער הגדה, דערמאנען זיך אן לאה׳ניון, ווי זי איז פאראיאהרען דא געזעסען, און שטיל, בגנבה, באהאלטען איינס פון דאס אנדערע, פארלירען זיי א טרער.

און אז עס קומט צו „שפוך־חמתך", עפענט מען די טירען ברייט, ווי אלע מאל, ארייננצולאזען דעם גאסט, אליהו הנביא, און מע שטעהט־אויף, בכדי איהם מקבל פנים זיין, איהם אפגעבען דעם „ברוך־הבא".

נאר, אוי־וועה, ס׳איז ניט דער „ברוך־הבא", וואס פארא־יאהרען! ס׳איז ניט דאס אויפנעמען דעם אנגעלעגטען גאסט, אליהו הנביא, ס׳איז ניט דער „שפוך־חמתך", וואס אלע יאהר!

טאַקי די אייגענע תּפלה, די אייגענע ווערטער, נאָר דער נוסח, דער ניגון, דער טאָן איז איין אַנדערער! עס לאָזט זיך הערן אינ'ם נוסח אַ נייער טרויער, אין די ווערטער — אַ מין באַקלאָגען זיך פאַר דעם רבונו־של־עולם.

און ווי טרערען הערען זיך אינ'ם מלכ'ס קול. און אויך די מלכּה ווישט די אויגען. און די קינדער, די בני־מלכים, קוקען אויף די אָפענע טירען, גלויבען נישט אינ'ם גאַסט, גלויבען נישט, אַז אליהו הנביא קומט אַהער צו פליהען פאַרזוכען אַ טראָפּען פונ'ם כּוס, וואָס שטעהט אָנגעגרייט פון זיינעטוועגען. זיי טראַכטען:

„ווי קאָן דאָס אַזאַ גוטער געטרייער מלאך, ווי אליהו הנביא, דערלאָזען אַזעלכעס, אַזאַ אומרעכט? ווי קאָן דאָס אַזאַ גוטער געטרייער מלאך, ווי אליהו הנביא, דערלאָזען, מע זאָל צונעמען בּיי זיי, אויסחאַפּען לאַה'ניון? סטייטש, לאַה'ניון!"...

איין יאָהר, סך־הכּל איין יאָהר, איז איבּערגעלאָפען — און וואָס פאַר איין איבּערקעהרעניש!

# אַ פֿאַרשפּיעלטער ל״ג־בעומר

---

## א.

אונזער רבי, „ניסעל דער קליינער" (אזוי האָט מען איהם גערופען, ווייל ער איז געווען אַ קליינער), האָט זיך געלאָזט פיהרען ביי דער נאָז פון זיינע באַהעלפערס. וואָס די באַהעלפערס האָבען געוואָלט, האָבען זיי גע׳פועל׳ט. געקומען דער ערשטער באַהעלפער און האָט געזאָגט: מע דאַרף היינט לאָזען די קינדער באַצייטענס פריי — האָט ער געהייסען לאָזען די קינדער פריי. געקומען דער אַנדערער באַהעלפער און געזאָגט: די קינדער וועלען איבערקעהרען די וועלט, מע דאַרף זיי האַלטען אין חדר — האָט ער געהייסען, מע זאָל זיי האַלטען אין חדר. ער זאָל אַליין עפּיס צוקלערען — דאָס נישט. דעריבער האָבען געוועלטיגט אויף אונז די באַהעלפערס, נישט דער רבי. אין אַנדערע חדרים, למשל, ווייסען באַהעלפערס איינוואַשען די קינדער, זאָגען מיט זיי ברכה, טראָגען זיי אויף די פּלייצעס איבער דער בלאָטע, ברענגען זיי אין חדר אריין אַ טעפּעלע אָנבייסען. ביי אונז האָבען די באַהעלפערס געפּוילט זיך איינוואַשען אונז, זאָגען מיט אונז ברכה, טראָגען אונז אויף די פּלייצעס. דערפאַר האָבען זיי אָבער ליעב געהאַט ברענגען אונז אין חדר אריין די אָנבייסענס און... טאַקי אַליין אויפעסען. אויסזאָגען דאָס דעם רבין האָבען מיר נישט געטאָרט: די באַהעלפערס האָבען אונז געהאַלטען רעכט אין דער

מורא, אונז אָנגעזאָגט, אז טאָמער וועט עמיצער זיך דערוועגען זאָגען א וואָרט, א פּיפּס טהון פאר דעם רבין, וועט מען איהם קאטעווען, שינדען די הויט! איינער, א ווייסער־חברה'ניק, האָט זיך יאָ געפּרובט אמאָל ארויסשפּרינגען מיט א וואָרט, האָבען איהם די באהעלפערס נאָכדעם אזוי געטהאָן, אז ער האָט נעבאך געקרענקט א גאנצען זמן, פארזאָגט א צעהנטען, מע זאָל א באַ־העלפער פאר'ן רבין נישט מסר'ען.

יענע צייט קאָן מען אָנרופען מיט'ן נאָמען „גלות הבהלפרים", אָדער „באהעלפער־גלות".

ב.

ויהי בימי גלות הבהלפרים — און ס'איז געווען אין דער צייט פון „באהעלפער־גלות", האָט זיך געשטעלט ביי אונז אין כתרילעווקע א ל"ג־בעומר א נאסער, א קאלטער, ווי עס גיט זיך אוים אמאָל תחילת מאי קאלטע, נאסע טעג. די זון טאקי כלומרשט באווייזט זיך, לייכט און וואָרעמט; נאָר א שארפער ווינט בלאָזט ערגיץ פון ווייטען, טראָגט־אָן חמארעס, רייסט ביי די פּאָלעס, וואלגערט פון די פיס — גאָרנישט פּאַחאָזשע אויף וועסנע...

האָט זיך פארגלוסט גראָד דעמאָלט אונזערע באהעלפערס, מיר זאָלען מאכען א שפּאציער ל"ג־בעומר הינטער דער שטאָדט און ארויסגעהן אויף מלחמה, ווי דער מנהג איז ביי אידישע קינדער, מיט שווערדען און מיט פיילענבויגענס און מיט צידה־לדרך, אלערליי גוטע שפּייזען, אין וועג אריין.

ס'איז א מנהג ביי אידישע קינדער פון קדמונים, אז עס קומט ל"ג־בעומר, ווערט מען מלחמה'דיג: מע וואָפענט זיך אָן פון קאָפּ ביז פיס מיט כלי־זיין, הילצערנע שווערדלעך, ראָדביקסלעך און פיילענבויגענס, מע נעמט־מיט עסענוואַרג אין וועג אריין און מע געהט־ארוים אויפ'ן פרייען פעלד כלומרשט אויף מלחמה. אידישע קינדער, וואָס זיצען נעבאך א גאנץ יאָהר פארשפּארט אינ'ם ענגען

פינסטערען חדר, אונטער דעם יאָך פון דער תּורה, אונטער דער מורא פונ'ם רבין און אונטער די קאַנטשיקעס פון די באַהעלפערס, אַז עס קומט ל"ג־בעומר און זיי גיהען־אַרוים אויפ'ן פרייען פעלד, אָנגעוואָפּענט פון קאָפּ ביז פים מיט די הילצערנע שווערדלעך, ראָדביקסלעך און פיילענבויגענס, מאָהלט זיך זיי אוים, אַז זיי זענען גבורים, וואָס קאָנען איינגעמען דעם שטאַרקסטען שונא, חרוב מאַכען די וועלט — און זיי באַקומען מיט אַ מאָל קוראַזש, און חברה הויבט־אָן מאַכען גרויסע שפּאַנען און זינגען ליעדלעך, מאָדנע ליעדלעך, האַלב אידיש, האַלב גוייש:

ראַז, דוואַ, טרי, טשעטירע!
אידישע קינדער
לערנען תּורה,
גלויבען אין וואונדער,
האָבען נישט מורא.
שמע ישראל, ניטשעוואָ!
ניע באַאימסיאַ ניקאַוואָ,
קראָמע באָגאַ אָדנאַוואָ...

און מיר האָבען געטהאָן, ווי דער מנהג איז: אַראָפּגענומען אונזערע פּאַראַיאַהריגע הילצערנע שווערדלעך פונ'ם בוידעם, און פיילענבויגענס האָבען מיר אָנגעצויגען אויף רייפלעך פון פסח'יגע וויין־פעסלעך, און ראָדביקסלעך האָבען אונז געשאַפט די באַהעל־פערס, געוויינטליך, פאַר געלט, נאָר אַזעלכע ראָדביקסלעך קונציגע, וואָס מע קאָן שיסען מיט זיי אַ פליעג, ווען זי זאָל, נאָפּשיקלאַד, וועלען שטעהן און וואַרטען, ביז מע וועט זי שיסען... וכדומה נאָך אַזעלכע מינים כּלי־זיין, אידיש געוועהר, וואָס מע קאָן מיט זיי איבערשרעקען אויף טוידט קליינע זויגעדיגע קינדער. און מיט אָנבייסען האָבען מיר זיך פאַרזאָרגט נישט אויף קאַטאָוועס — איטליכער מיט וואָס גאָט האָט איהם געבענטשט און מיט וואָס

די מאַמע האָט איהם באַוויליגט פון איהר ברייטער האַנט. און מיר זענען געקומען דעם טאָג פון ל״ג־בעומר אין חדר אריין, אָנ־געוואָפּענט פון קאָפּ ביז פיס און מיט פולע קעשענעס פון כּל טוב, וואָס א מויל קאָן רעדען: בולקע, און קיכעל. און אייער, און שמאַלץ, און בראָנפען, און ווישניק, און פערטעלען עוף, און שטיקער קאַטשקע, און פּופּקעלעך, און לעבערלעך. און טיי מיט צוקער, מיט ניס מיט מאַראַנצען מיט אייַנגעמאַכטס, און אויך מיט מזומנ'ע גראָשענס — איטליכער פון אונז האָט זיך געוואָלט אויספּיינען. ברענגען וואָס מעהר און וואָס בעסער, יוצא זיין פאַר די באַהעל־פערס. און די באַהעלפערס האָבען אונז געלויבט, געזאָגט, אַז מיר זענען וואוילע, אויסגעצייכענטע יונגלעך, צונויפגענומען אונזערע גוטע שפּייזען צו זיך אין די טאָרבעס אריין, און אונז האָבען זיי אויסגעשטעלט שורות־ווייז, ווי מע שטעלט־אויס חיל, און האָבען א קאָמאַנדעווע געטהאָן:

— נעמט זיך, אידישע קינדער, פאַר די הענט און מאַרש איבער דער בריק, גלייך אַהין אויף מעזשריטשער פּלאַץ. דאָרט וועט איהר זיך באַגעגענען מיט די ים־קאָטערס און דאָרט וועט מען זיך שלאָגען!

— הורראַ, ים־קאָטערס! — האָבען מיר אויסגעשריען אַלע אין איין קול און האָבען זיך גענומען פאַר די הענט און האָבען זיך ראַפּטאָם א לאָז געטהאָן אין וועג אריין, שטאַרק האָפּערדיג און זיכערליך, ווי אמת'ע גבורים.

## ג.

די ים־קאָטערס — אַזוי האָבען מיר גערופען די דרדקי־תּלמידים דערפאַר. וואָס זיי זענען געווען קינדער קליינע, קורצע, אלף־בית־יונגלעך, און האָבען אויסגעזעהן קעגען אונז, חומש־בּחורים, ווי פליעגען, ווי מערעשקעס. עס האָט זיך אונז אויס־געוויזען, אַז מיט איין בלאָז — פו! — מאַכען מיר פון זיי א תּל.

מיר זענען געווען בטוח, אז זיי וועלען נאָר אונז דערזעהען, ווי מיר זענען אָנגעוואָפּענט פון אויבען ביז אראָפּ מיט שווערדען, פּיילענבויגענס און ראָדביקסלעך, וועלען זיי געווים האַפּען די פּיס אויף די פּלייצעס און וועלען געווים מאַכען פּליטה. א קלייניגקייט — אזעלכע גבורים, חומש־בחורים, וואָס אַלע יונגלעך פון די דרדקי־חדרים האָבען געציטערט פאַר אונז אימת־מות, מורא געהאַט אריינטרעטען אין אונזערע דל״ת אמות! איהר שפּיעלט זיך מיט חומש־בחורים, ווערגעלעצען, מיט לאַנגע פּיס?!...

שלאָגען מיט די ים־קאָטערס האָבען מיר זיך, אייגענטליך, קיינמאָל נישט געשלאָגען; נאָר על־פּי סברה האָבען מיר גערעכענט און געווען איבערצייגט, אז מיט'ן קוק מאַכען מיר מיט די דאָזיגע קליינע ווערוריקעס א פאַרלענדונג, א סוף, א תל־עולם. חוץ וואָס מיר וועלען זיי גוט איינטיילען, אָנברעכען אויף אַלע זייטען, וועלען מיר נאָך נעמען ביי זיי רויב, דאָס הייסט, מיר וועלען זיך צעטיילען מיט זייערע אָנבייסענס, און לאָזען זיי אונז לאָדען צום „ונתנה־תוקף".

און פאַר גרוים קוראַזש און התפּעלות פון זיך אַליין און פון אונזער כח האָבען מיר זיך איינס דאָס אַנדערע אונטערגעשטופּט, דערלאַנגט אַלע מאָל א שטורך אין די פּלייצעס אריין און א פּליאַסק פון הינטען, און אגב האָבען אונז טאַקי אונטערגעטריבען די חברה באַהעלפערס, מיר זאָלען געהן א ביסעל גיכער.

— וואָס קריכט איהר, ווי די וואַנצען? — האָבען זיי צו אונז געזאָגט. און אַליין האָבען זיי זיך אַלע מאָל אָפּגעשטעלט, אויפגעבונדען די טאָרבעס און פאַרזוכט די אָנבייסענס, שטאַרק געלויבט אונזערע מאכלים מיט אונזער ווישניק:

— אויסגעצייכענטער ווישניק! — האָבען זיי געזאָגט, אי־בערגעגעבען איינער דעם אַנדערען דאָס פלעשעל און געבולקעט — בול־בול־בול — פונ'ם העלזעל גלייך אין מויל אריין.

— איין אַנטיק פון ווישניק! הערט איהר? טאַקי גאָר א חריפות!

אזוי האָבען געזאָגט די חבו״ה באהעלפערס, געלעקט די פינגער און שטארק אָפּגעשטאנען פון אונז, באוויזען אונז פון דער ווייטען מיט די הענט, מיר זאָלען געהן ווייטער! ווייטער!...

און מיר זענען געגאנגען ווייטער און ווייטער איבער דעם גרויסען מעזשריטשער פלאַץ, חאָטש דער ווינט האָט געבלאָזען אַלע מאָל שטארקער און שטארקער. דער הימעל האָט זיך רעכט פארחמארעט, און א געדיכט קאַלט רעגענדעל האָט געשמיסען גלייך אין פנים אריין. פאר קעלט האָבען אונז די הענט געדראָלען, געוואָרען ברוין און בלוי, און די שטיוועלעך האָבען זיך צעווייקט, געקוואטשקעט אין דער בלאָטע. ליעדלעך האָבען מיר שוין לאַנג אויפגעהערט זינגען, און געפיהלט האָבען מיר זיך מיעד און הונגעריג, זעהר־זעהר הונגעריג. און ס׳איז געבליבען, מיר זאָלען זיך ערגיץ צוזעצען אויף א ווילע אָפּרוהען זיך און טאַקי אין איינוועגם עפּיס איבערחאַפּען, נעמען אין מויל אריין.

— וואו זענען דאָס אונזערע באהעלפערס? — האָט זיך אָנגערופען איינער פון אונז.

— חאַפּט דער רוח די באהעלפערס! די אָנבייסענס, די אָנבייסענס וואו זענען?...

און דער עולם האָט שטארק אָנגעהויבען צו מורמלען אויף די באהעלפערס: „א בעלנות צונעמען אַלע אונזערע פּופּקעס מיט אַלע אונזערע לעבערלעך, מיט די קיכלעך, מיט די אייער, מיט׳ן ביסעל ווישניק, מיט די מזומנ׳ע עטליכע גראָשענס, און אונז איבערלאָזען דאָ אליין אויפ׳ן פוסטען פּלאַץ, אויף דער קעלט, הונגעריג, — פארחאַפּט מעגען זיי ווערען!״

— א מיתה משונה זאָל קומען אויף אונזערע באהעלפערס!

— א חלירע זאָל קומען אויף אַלע באהעלפערס פון דער גאַנצער וועלט!

— די כפּרה זאָלען זיי זיין פאר אונזער מינדסטען נאָגעל!

— שאַ! שטיל זאָל זיין! אָן געהט אונזער שונא! אונזער פיינט!

— קליינע וועוריקעס מיט גרויסע שטעקענס!

— די ים־קאַטערס! די ים־קאַטערס!

— הוררא, ים־קאַטערס!...

און ווי מיר האָבען זיי דערזעהען, אזוי האָבען מיר זיך א לאָז געטהאָן צו זיי, ווי די בייזע הונגעריגע וועלף, גרייט געווען זיי דורס זיין, צערייסען אויף שטיקלעך. נאָר... עס האָט זיך גע־טראָפען מיט אונז איין אומגליק, א גרויסער אומגליק, וואָס קיינער האָט דאָס בשום אופן נישט געקאָנט ארויסזעהען פריהער.

אז ס'איז ניט באַשערט, העלפען נישט קיין חכמות מיט קיין גבורה מיט קיין בריה'שאַפטען. הערט א מעשה, וואָס עס קאָן זיך טרעפען.

## ד.

די ים־קאַטערס, חאָטש זיי זענען קליינע קורצע וועוריקלעך, אלף־בית־יונגלעך, נאָר, אַפּנים, נישט קיין נאַרישע יונגלעך: איי־דער זיי זענען ארויס צו אונז אַקעגען אויפ'ן פעלד, אויף דעם גרויסען מעזשריטשער פּלאַץ, אויף מלחמה, האָבען זיי זיך אין דער היים פריהער גוט צוגעלערענט, געמאַכט רעפּעטיציע הייסט עס. נאָכדעם האָבען זיי זיך אונטערגעפּיטערט, איבערגעביסען הייסט עס, מיטגענומען מיט זיך ווארעמע מלבושים'לעך מיט גומענע קאַלאָשען, אָנגעוואָפּענט זיך פון קאָפּ ביז פיס נישט ערגער פון אונז, און אפשר נאָך בעסער פון אונז, אויך מיט שווערדלעך און מיט פיילענבויגענס און מיט ראָדביקסלעך, און האָבען גאָרנישט געוואָלט ווארטען, ביז מיר וועלען אָנפאַלען אויף זיי, נאָר זיי זענען בעסער אָנגעפאַלען אויף אונז, און האָבען אונז גענומען ברעכען די ביינער — ווי אזוי מיינט איהר, אשטייגער? פון אלע זייטען און אזוי גע'שמעיה'דיג, אז מיר האָבען גאָר קיין צייט געהאַט אפילו זיך ארומקוקען, וואו מיר זענען אין דער וועלט, גאָרנישט באַמערקט

תּחילת, אַז זיי געהען אויף אונז נישט אַליין, נאָר מיט זייערע באַהעלפערס, וואָס האָבען זיי אונטערגעגעבען היץ:

— רעכענט זיך מיט די חומש־בחורים! קלאַפּט זיי, די ווערגעלעצען מיט די לאַנגע פּיס!

סע פאַרשטעהט זיך, אַז מיר האָבען אויך נישט געשוויגען. ווי די גבורים, האָבען מיר זיך געשטעלט אַקעגען די קליינע ועוויריקעס, געבּראָקט זיי מיט די שווערדלעך, אָנגעצויגען די פּיילענבויגענס און אָנגעשטעלט אויף זיי די ראָדביקסלעך. נאָר — אוי־וועה! — אונזערע שווערדלעך זענען געווען טעמפּ, ווי האָלץ, און ביז מיר האָבען זיך אַ ריהר געטהאָן מיט די פּיילענבויגענס, האָבען מיר שוין אָנגעהויבען חאַפּען קלעפּ, ווי האָלץ... פון די ראָדביקסלעך שמועסט מען נישט: וואָס קאָן מען טהון מיט אַ ראָדביקסעל, אַז דער שונא וויל נישט וואַרטען, ביז מע וועט איהם אַמאָל טרעפען, און פליהט־אונטער און שלאָגט דאָס אייך אַרויס פון די הענט — און געהט טהוט איהם עפּיס!?

שלעכט. מיר האָבען געמוזט אוועקוואַרפען דאָס גאַנצע כּלי־זיין, די שווערדלעך מיט די פּיילענבויגענס מיט די ראָדביקסלעך, און נעמען זיך צום געשלעג, ווי גאָט האָט געבאָטען, דאָס הייסט, מיר האָבען אָנגעהויבען אַרבייטען פּשוט מיט די הענט, מיט די קולאַקעס. דער חסרון איז אָבער געווען, וואָס מיר, אויס־געמיעדטע, אויסגעהונגערטע און איבערגעפּרווירענע, האָבען זיך געשלאָגען אָהן אַ טאַלק, אָהן אַ פּלאַן און אָהן אַ שום אויבערהאַר, וואָרום אונזערע באַהעלפערס זענען דאָך געבליבען פון הינטען: זיי זענען, מחילה, געווען אונטער'ן גלעזעל און טאַקי שטאַרק בגילופין פון אונזער ביסעל ווישניק, פאַרחאַפּט זאָלען זיי ווערען!... און זיי, די קליינע וועוויריקעס, גוט אָנגעטהאָן און רעכט פאַרביסען, זענען געקראָכען גלייך אויף אונז פון דריי זייטען, אַלע מאָל שטאַרקער און שטאַרקער, געשאָטען אויף אונז קלעפּ מיט קולאַקעס מיט בוכענצים — טאַקי די זעלביגע בוכענצים, וואָס מיר האָבען גערעכענט איינטיילען זיי, האָבען זיי אונז איינגעטיילט...

און ז י י ע ר ע באַהעלפֿערס זענען געגאַנגען דוקא אויף צו־פֿריהער און האָבען נישט אויפֿגעהערט אונטערצוגעבען זיי היץ:

— רעכענט זיך מיט די חומש־בחורים, קלאַפּט זיי, קלאַפּט זיי, די ווערגעלעצען מיט די לאַנגע פּים!...

ווער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט זיך אויסגעדרעהט מיט׳ן הינטען צום פֿיינט? — דאָס איז שווער צו זאָגען. איך ווייס נאָר, אז מיר זענען געלאָפֿען, שטאַרק געלאָפֿען, הענדום־פּענדום, צוריק אַהיים, אַהיים, קיין כתרילעווקע; און זיי, די קליינע וועוואָריקעס, נישט געדאַכט זאָלען זיי ווערען, זענען אונז נאָכגעלאָפֿען משוגענערווייז, געהוקעט און געטיוקעט און נישט אויפֿגעהערט צו לאַכען און צו שרייען הינטער אונזערע פּלייצעס:

— הוררראַ, חומש־בחורים! הוררראַ, ווערגעלעצען!...

## ה.

געקומען אַהיים מיעדע, הונגעריגע, שלעפּעריגע, אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע, צעשלאָגענע, צע׳הרג׳עטע, האָבען מיר, גבורים, גע־רעכענט, אז טאַטע־מאַמע וועלען געווים לעגען אויף אונז רחמנות, שענקען אַ לעקאַכעל פֿאַר די קלעפּ, וואָס מיר האָבען געכאַפּט. צום סוף לאָזט זיך אויס, אז מיר האָבען געלעבט אין טעות: מע האָט אונז אין זינען געהאַט אין דער לינקער פּיאַטע. דאַנקען גאָט, מיר זענען אַרוים גליקליך אָהן פּעטש פֿאַר די צעריסענע קאַפּאָטקעלעך און פֿאַר די אויסגעדרעהטע שטיוועלעך, פֿון דער מאַמע באַזונדער און פֿונ׳ם טאַטען באַזונדער. און ערשט אויף מאָרגען האָט אונז רעכט מכבד געווען דער רבי, ניסעל דער קליינער, פֿאַר די בייזלען, וואָס זענען געשטאַנען ביי אונז אויף די שטערנס, און פֿאַר די בלויע לאַנטערנעס, וואָס אונטער די אויגען. מע האָט אונז — ס׳איז אַ בזיון צו דערצעהלען — אַנידערגעלעגט איינציגווייז, און דוקא מיט׳ן פּנים אַראָפּ, און מע האָט אונז אַריינגעצימבעלט, מחילה, אַהין, וואו עס דאַרף צו זיין. דאָס הייסט, נאָט אייך אַ

פארבייסונג, טאָמער איז קאַרג!... אונז האָט אָבער אויף קיינעם אַזוי נישט פאַרדראָסען, ווי אויף די באַהעלפערס אונזערע, ימח שמם וזכרם! טאַטע־מאַמע, אַז זיי באַשטראָפען אַ קינד, טהוען זיי דאָס אפשר מחמת געטריישאַפט. אַ רבּי לעגט־אַוועק און שמייסט־אָפּ מיט'ן קאַנטשיק — דערויף איז ער אַ רבּי און דערויף איז דאָס אַ קאַנטשיק... אָבער די באַהעלפערס, ימח שמם! נישט גענוג זיי האָבען אויפגעפרעסען אונזערע אַלע אָנבייסענס, אויסקרענקען זאָלען זיי דאָס נאָר, רבּונו של עולם! נישט גענוג זיי האָבען איבערגעלאָזט אונז איינע אַליין אין מיטען פעלד אויף גאָט'ס באַראָט, — האָבען זיי אונז בשעת שמייסען נאָך צוגעהאַלטען, מיר זאָלען נישט דריגען מיט די פיס!...

* * *

אָט אַזוי האָט זיך אויסגעלאָזט אונזער יענער ל"ג־בעומר. דאָס איז געווען אַ וויסטער, אַ פינסטערער, אַ פ א ר ש פ י ע ל ט ע ר ל"ג־בעומר.

# צו דער סעודה

(בילד פון מיינע קינדערשע יאהרען.)

געשריבען אין יאָהר 1906.

# צו דֶער סְעוּדָה

## א.

— איך ווייס נישט, וואָס פון דעם קינד וועט זיין, וואָס פון דעם קינד וועט אויסוואַכסען? עפּיס אַ קוואַטש, אַ נאַסע האַנט־שירקע, אַ וויינענדיגע קלאָגמוטער, צו אַלדי גוטע יאָהר! אַ קינד זאָל האַלטען אין איין וויינען!

אַזוי זאָגט די מאַמע מיינע צו זיך אַליין, טהוט מיך אָן יום־טוב׳דיג און דערלאַנגט מיר אַלע מאָל אָדער אַ בוכענצי אין זייט, אָדער אַ סטוסאַק אין פּלייצע, אָדער אַ נעם ביי׳ם אויהער, אָדער אַ ציפּצאָפּ ביי די האָר, אָדער אַ רייס־אויס אַ שטיק פלייש, און זי וויל נאָך, אַז איך זאָל פון אַזעלכע עובדות לאַכען, ניט וויינען. און זי פּארקניפּעלט מיך פון אויבען ביז אַראָפּ אין מיין שבת׳דיג קאַ־פּאָטקעלע, וואָס איז שוין לאַנג אויף מיר אַזוי ענג, אַז עס שפּאַרט מיר ארוים די אויגען פון קאָפּ, און דערצו זענען די אַרבעל עפּיס מאָדנע קורץ, און מיינע תּמיד רויט־בלויע הענט זענען עפּיס ווי אַרויסגעוואַכסען פון די אַרבעל און זעהען אויס, ווי געשוואָלען, און דאָס קאָן די מאַמע מיינע נישט איבערטראָגען.

— זעה נאָר אַ פּאָר ידים! — זאָגט זי און דערלאַנגט מיר אַ פּאַטש איבער די הענט, איך זאָל זיי אַראָפּלאָזען אַראָפּ, מע זאָל זיי ניט אַרויסזעהען. — ביי׳ם פּעטער הערץ ביי׳ם טיש, אַז דו

וועסט מיר זיצען, זאָלסט דו מיר די ידים האַלטען פון אונטען, דו הערסט וואָס איך זאָג דיר? און דאָס פנים דיינס זאָל מיר ניט זיין אַזוי רויט, ווי, להבדיל, ביי יאַוודאָכע דער שיקסע, און מיט די עינים זאָלסט דו מיר ניט גלאָצען, ווי אַ קאָטער, דו הערסט וואָס מע רעדט צו דיר? און זיצען זאָלסט דו מיר, ווי אַ מענטש, און דער עיקר'שט — די נאָז, אוי אַ נאָני! גיב נאָר אַהער די נאָני דיינע, לאָם איך זי דיר נאָר צורעכט מאַכען!

כל זמן די נאָז איז אַ נאָז, איז נאָך צו דערליידען, נאָר אַז די נאָז מיינע ווערט ביי דער מאַמע אַ „נאָני" און זי נעמט זיך צו איהר זי „צו־רעכט מאַכען" — איז שוין אַז אָך און אַז וועה צו איהר, צו מיין נאָז הייסט עס. איך וויים נישט, וואָס האָט מיין נאָז ביי איהר אַזוי פאַרזינדיגט מעהר פון אַלע אברים, וואָס זי איז איהר אַזאַ בלוטיגער שונא? דאַכט זיך, אַ נאָז, ווי אַלע נעזער, אַ ביסעל אַ גראָבליכע, אַ ביסעל אַ רויטליכע און אַ ביסעל פאַרריסען אַרויף, און אַ ביסעל האָט זי ליעב זיין פאַרנעצט. נו, איז וואָס? באַדאַרף מען זי אַזוי טרייבען אין דער ערד אַריין? איהר מעגט מיר גלויבען, עס זענען געווען צייטען, וואָס איך פלעג בעטען גאָט, ער זאָל זי ביי מיר צונעמען, זי זאָל מיר נאָר עפּיס אָפּפאַלען, צו אַלדי שוואַרצע יאָהר, און אַ סוף! עס פלעגט זיך מיר פאָרשטעלען אין דער פאַנטאַזיע, אַז אָט שטעה איך אויף אין אַ שענעם פריהמאָרגען אָהן אַ נאָז און געה־צו צו דער מאַמע נאָך איבערבייסען, טהוט זי מיך אַ חאַפּ: „וועה איז מיר! וואו איז דיין נאָז?" זאָג איך: „וואָסער נאָז?" און איך טאַפּ מיך מיט דער האַנט איבער'ן גאַנצען פנים און קוק אויף דער מאַמע, ווי זי איז אוים מענטש, און האָב אַ נקמה: „אַ מצוה! לאָז זי זעהען, וואָס פאַר אַ פנים איהר זוהן האָט אָ ה ן אַ נאָז!"... קינדערשע מחשבות! נאַרישע פאַנטאַזיעס! גאָט הערט נישט מיין געבעט; די נאָז וואַקסט, די מאַמע מאַכט זי אַלע מאָל צו־רעכט, און איך ווער פאַרשוואַרצט מיט איהר אינאיינעם. און מעהר פון אַלע מאָל קומט זי נעבאַך אָפּ. די נאָז מיינע, אַז עס קומט אונטער אַ

יום־טוב, למשל, א מין פּורים, און מיר קלויבען זיך צום פעטער הערץ צו דער סעודה.

ב.

דער פעטער הערץ איז נישט נאָר דער גביר אין דער משפחה — ער איז דער ראש וראשון ביי אונז אין שטעדטעל, און אין אַלע שטעדטלעך אַרום און אַרום איז הערץ און הערץ און הערץ. איהר קאָנט פאַרשטעהן, אַז ער האָט פערד אַ פּאָר ברענענדיגע מיט אַ טאַראַנטאַס איין אייגענעם, וואָס אַז ער פאָהרט, טראַסקען די רעדער אַזוי שטאַרק, אַז דאָס גאַנצע שטעדטעל לויפט־אַרויס זעהען, ווי דער פעטער הערץ פאָהרט; און דער פעטער הערץ זיצט גאַנץ אויבען־אָן אין טאַראַנטאַס מיט דער שענער מעשענער קיילעכיגער באָרד און מיט די בייזע גרויע אויגען, און שאָקעלט זיך הין און הער, און קוקט אויף אַלעמען דורך די זילבערנע ברילען פון אויבען אַראָפּ, ווי איינער רעדט: „ווי קומט איהר, פאַרכעס, צו מיר? איך בין הערץ דער נגיד און פאָהר מיר אין קאַרעטע, און איהר זענט כּתריליקעס, האָלעדראַנצעס, קבצנים, און טיאָפּקעט זיך אין דער בלאָטע!"

איך ווייס נישט, ווי אַזוי דער איבעריגער עולם, נאָר איך האָב דעם פעטער הערץ אַזוי פיינט, אַז איך קאָן נישט אָנקוקען דאָס רויטע פּנים זיינס מיט די פעטע באַקען, מיט דער מעשענער באָרד, מיט די זילבערנע ברילען, מיט'ן גראָבען בויך, מיט דער מאַסיווער גאָלדענער קייט, וואָס ער טראָגט אויפ'ן בויך, און מיט'ן קיילעכיגען זיידענעם יאַרמעלקעלע, וואָס ער טראָגט אויפ'ן קאָפּ, און ועל כּולם — דאָס הוסטעלע זיינס: ער האָט זיין אייגענס אַ הוסטעל, וואָס געהט ביי איהם מיט אַ קנייטש מיט די פּלייצעס און מיט אַ מאַך מיט'ן קאָפּ אַרויף און מיט אַ פאָרשק מיט די ליפּען, ווי איינער רעדט: „דרך־ארץ! דאָס האָב איך, הערץ, געגעבען

א הוסטעל, נישט מחמת, חס ושלום, איך האָב מיך צוגעקיהלט, נאָר גלאַט אַזוי, איך וויל מיר הוסטען — הוסט איך"...

איך קאָן נישט פאַרשטעהן אונזער געזינדעל: וואָס האַפּט זיי אַזוי דער גוטער יאָהר, אַז עס קומט פּורים און מע קלויבט זיך צום פעטער הערץ צו דער סעודה? עס דאַכט זיך מיר, אַז זיי האָבען איהם אַלע ליעב, אַזוי ווי אויגענוועהטיג, און די מאַמע אַליין, וואָס זי איז איהם איין אייגענע שוועסטער, געהט אויך נישט אוים אַזוי שטאַרק נאָך איהם, וואָרום אַז די עלטערע קינדער זענען נישטאָ אין דער היים (פאַר מיר שעמט זי זיך ווינציג־וואָס, אַפּנים), בענטשט זי דעם פעטער הערץ מיט מאָדנע ברכות; זי ווינטשט איהם: „ער זאָל איבערגעהן איבעראיאָהר, אם ירצה השם, אויף איהר שטאַנד"... און לאָז אָבער איין אַנדערער פּרובען זאָגען אויפ'ן פעטער הערץ אַ שלעכט וואָרט, וועט זי יענעם אַרויס־רייסען די אויגען. איך בין איינמאָל געוועזען איין עדות, ווי דער טאַטע האָט זיך אַ מאָל אַרויסגעחאַפּט מיט אַ וואָרט. איהר מיינט, ער האָט עפּיס, חס ושלום, איהם פּוגע בכבוד געוועזען? ער האָט נאָר אַ זאָג געטהאָן צו דער מאַמע: „וואָס הערט זיך? דיין הערץ איז שוין געקומען, צי נאָך נישט?" האָט זי איהם אָפּגעשפּיעלט אַ דאַבראַנאָץ, דעם טאַטען נעבאָך, אַז ער האָט זיך קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען.

— וואָס איז עפּים „מיין" הערץ? וואָס פאַר אַ לשון? וואָס פאַר איין אויסשפּראַך? וואָס פאַר אַ „מיינער", וואָס?

— דיינער, וועמעס דען איז ער? מיינער? — פּרובט זיך דער טאַטע מיט מלחמה, נאָר עס גילט איהם נישט, וואָרום די מאַמע פאַלט־אָן אויף איהם פון אַלע זייטען:

— נו, און אַז מיינער, איז וואָס? נו, מיינער! לוינט דיר אפשר נישט? שטעהט דיר אפשר נישט אָן דער יחום? האָסט מסתמא דערלעגט צו איהם דעם טאַטענ'ס ירושה, איאָ? האָסט דאָך מסתמא פון איהם קיינמאָל קיין טובה נישט געהאַט, איאָ?

— ווער זאָגט דען, אז ניין? — פּרובט זיך דער טאטע שוין מיט גוטען, ווייל זיך אונטערגעבען, נאָר עס געהט נישט; די מאמע הערט נישט אויף צו טרעטען אויף איהם.

— דו האָסט דאָך מסתמא בעסערע ברידער, ווי איך, איאָ? שענערע, בעסערע, פיינערע, לייטישערע, רייכערע, איאָ?

— אָבער שאַ! אָבער לאָז זיין איין עק! אָבער לאָז מיך צו־רוה! — זאָגט דער טאטע, רוקט אָן דאָס היטעל און מאכט א ויברח. דער טאטע האָט פארשפּיעלט די מלחמה, און מנצח געווען האָט די מאמע, אזוי ווי אלע מאָל. זי איז תמיד מנצח. זי פיהרט־אוים אלע מאָל, נישט מחמת זי געהט ביי'ם טאטען אין ספּאָדיק, נאָר טאקי ווידער א מאָל דער פעטער הערץ: דערפאַר, ווייל דער פעטער הערץ איז א נגיד און מיר זענען זיינע אָרעמע קרובים, זיין „משפחה".

## ג.

וואָס קעהר זיך אָן מיט אונז דער פעטער הערץ? צי לעבען מיר פון איהם? אָדער מיר האָבען גלאַט פון איהם גרויסע טובות? דאָס קאָן איך אייך נישט זאָגען, וואָרום איך ווייס נישט. איך זעה נאָר, אז אלע ביי אונז אין שטוב, פון'ם גרעסטען ביז'ן קלענ־סטען, ציטערען פאר'ן פעטער הערץ אימת־מות. און אָט איז געקומען פורים, איז מיט צוויי וואָכען פריהער הויבט מען זיך שוין אָן גרייטען צום פעטער הערץ צו דער סעודה. מיין עלטערער ברודער, משה־אברהם, א בחור'על מיט בלאַסע איינגעפאלענע באַקען און מיט שווארצע פארטראַכטע אויגען, גלעט זיך די פאות אלע מאָל, ווען מע דערמאָנט איהם „ביי'ם פעטער הערץ צו דער סעודה". און ווער שמועסט מיינע צוויי שוועסטער, מרים־רייזעל און חנה־רחל, וואָס איינע פון זיי איז שוין א כלה, — די האָבען זיך געלאָזט נייהען קליידלעך נאָך דעם לעצטען פאַסאָן צוליעב דער סעודה, וואָס ביי'ם פעטער הערץ, און האָבען זיך געקויפט שענע קעמעלעך מיט סטיינגעלעך צו די האָר, און האָבען געוואָלט אויך די שיך מע זאָל

זיי געבען פארריכטען, האָט די מאַמע אָפּגעלעגט שוין אויף פּסח, חאָטש עס האָט זי גוט געקרענקט, וואָס זיי געהען נעבאך באָרוועס. און איבערהויפּט פון מרים־רייזלען האָט זי געהאַט יסורים, דער חתן זאָל חלילה ניט דערזעהען, אַז זי טראָגט צעריסענע שיך. זי האָט אַזוי אויך געגוג צרות פון דעם חתן, וואָס לאַ די ער איז אַ גראָבער יונג, כּלומרשט אַ שטיקעל בוכהאַלטער, דאָס הייסט, מחילה, אַ קאָמי אין אַ געוועלב, פערעבענדיוועט ער נאָך און וואָלט אַ בעלן געוועז, אַז די כּלה זיינע, מיין שוועסטער הייסט עס, זאָל געהן אויסגעפּוצט נאָכ'ן לעצטען פאַסאָן, ווי אַ פּרינצעסין. אַלע שבת, בייטאָג קומט צו אונז דער דאָזיגער קאָמי צו גאַסט, זעצט זיך אוועק מיט מיינע ביידע שוועסטער ביי'ם פענסטער, און מע רעדט, צום מיינסטען, פון שענע קליידער, נייע קאָסטיומען, לאַקירטע שטיוועל מיט קאַלאָשען, מאָדנע היטעלעך מיט פעדערען, זאָנטיקלעך מיט שפּיצלעך, און אויך פון ציכלעך רעדט מען פון געשטיקטע, מיט רויטע איינשיטלעך און מיט אַ ווייס ליילעכעל איבערגעצויגען און פון אויבען אַ קאָלדרע אַ גוטע, אַ וואַרעמע, איין אמת'ע, אַ בייענע, און ס'איז ווינטער, און אַז מע לעגט זיך שלאָפען, איז מחיה. און איך זעה, ווי מיין שוועסטער, מרים־רייזעל, ווערט מיט אַ מאָל רויט, ווי אַ צוויק... מרים־רייזעל האָט אַ טבע: באַלד עפּים, טהוט איהר אַ זעץ דאָס בלוט אין פּנים אריין. און טאָמער טהוט ער אַ קוק איהר אויף די פיס, באַהאַלט זי זיי אונטער'ן בענקעל, האָט מורא, אַפּנים, ער זאָל חלילה ניט דערזעהען די אויסגעטראָטענע אָפּסאַצען און די אויסגעריבענע פינגער.

### ד.

— ביזט שוין גרייט צו דער סעודה? — פרעגט די מאַמע ביי'ם טאַטען אויפ'ן אַנדערען טאָג נאָך דער מגילה.

— וואָס איז שייך גרייט? — ענטפערט איהר דער טאַטע און טהוט־אָן די שבת'דיגע בעקעשע. — וואו זענען די קינדער?

— די קינדער זענען שוין באַלד גרייט. — ענטפערט די מאַמע, חאָטש זי ווייסט גאַנץ גוט, אַז די קינדער, דאָס הייסט מיינע שוועסטער, זענען נאָך ווייט פון גרייט. זיי צוואָגען זיך ערשט די קעפּ, שמירען זיך די האָר מיט מאַנדעלעהל, פאַרקעמען זיך איינס דאָס אַנדערע, פּוצען זיך אויס און טהוען־אָן די נייע קליידלעך, באַשמירען די שיך מיט פּלאָסטערען־שמאַלץ, זיי זאָלען גלאַנצען, אויסזעהען ווי נייע. נאָר וואָס קומט אַרויס פון זייער גלאַנצען, אַז די אָפּסאַצען, אוי די אָפּסאַצען, האָבען זיך אָפּגעזעצט, און פון פאָרענט כמעט וואָס מע זעהט־אַרויס די פינגער... וואָס טהוט מען, דער חתן זאָל דאָס, חלילה, נישט דערזעהען? און, ווי אויף צו־להכעיס, טראָגט איהם אָן דער רוח, דעם קאָמי, אין אַ פרישען אַנצוג מיט אַ שטאַרק־אָנגעקראָכמאָלטען קאָלנער און מיט אַ גרינעם מאָדען־שניפּס, און פון די שטאַרק־אָנגעקראָכמאָלטע ווייסע מאַנ־שעטען קוקען־אַרויס צוויי געזונטע רויטע הענט מיט שוואַרע נעגעל, און די פריש־אונטערגעשאָרענע האָר ביי איהם שטעהען קאַפּויר, און אַ וויים שטאַרק־אָנגעקראָכמאָלט נאָזטיכעל שלעפּט ער אַרויס פון קעשענע, און עס שמעקט פון דעם אַ שטאַרקער ריח פון בשמים. נעגעלעך און געווירצען, וואָס פאַרגעהט אין נאָז אַריין, און איך הויב־אָן צו ניסען, און פונ'ם ניסען פּלאַצט מיין קאַפּאָטקעלע און עס שפּרינגען־אָפּ פון דעם צוויי קנעפּלעך. דערזעהט די מאַמע און גיט מיר אַ וויסטען פּעטשאַטעק.

— אַ יונגאַטש זאָל ניט קאָנען איינהאַלטען אויף זיך קיין קנעפּעל, צעשפּרונגען זאָלסט דו ניט ווערען! — אַזוי זאָגט די מאַמע, חאַפּט אַ נאָדעל־פּאָדעם, נייהט מיר צו די אָפּגעשפּרונגענע קנעפּלעך, און אַז אַלע ווערען פאַרטיג, לאָזען מיר זיך געהן צום פעטער הערץ צו דער סעודה.

פריהער פאַר אַלע, אויפגעהויבען די פּאָלעס, געהט דער טאַטע; נאָך איהם, אין אַ פּאָר מאַנסבילשע שטיוועל, — די מאַמע, מחמת די בלאָטע איז זעהר גרויס; נאָך איהר —ביידע שוועסטער מיט זאָנטיקלעך אין די הענט (טאָמער ווייסט איהר, אויף וואָס דאַרף

מען פורים זאָנטיקלעך?); נאָך זיי שפּרייזט מיין עלטערער ברודער משה־אבֿרהם איבער דער בלאָטע, האַלט מיך פאַר אַ האַנט און זוכט אַ טרוקען שטיקעל אָרט, אַ סטעזשקע, און טרעפט אַקוראַט אין דער רעכטער בלאָטע אַריין און טהוט זיך אַלע מאָל אַ חאַפּ, ווי איין אָפּגעבריהטער: „איף־אַ!“ ביי דער זייט געהט אונזער חתן, דער קאָמי, אין אַ פּאָר נייע טיעפע קאַלאָשען, דער איינציגער, וואָס טראָגט קאַלאָשען, און שרייט־אויס אַלע מינוט הויך אויף אַ קול, אַלע זאָלען הערען: „איך זאָל חאָטש נישט אָננעמען קיין בלאָטע אין די קאַלאָשען!“... און אָט אַזוי קומען מיר צום פעטער הערץ צו דער סעודה.

## ה.

חאָטש עס איז נאָך גרויסער טאָג, דאָך ברענען שוין ביי'ם פעטער הערץ אין שטוב ליכט אַ סך מיט לאָמפּען אויף די טישען און מיט העסעם אויף די ווענט. דער טיש איז געגרייט; אַ מורא'דיגער פּורים־קוילעטש, ווי אַ שור־הבר די גרויס, פאַרנעמט אַ שטיק טיש, און אַרום און אַרום טיש שטעהט די גאַנצע משפחה אונזערע, אַלע פעטערס מיט אַלע מוהמעס מיט אַלע אונזערע גע־שוועסטערקינדערלעך — אַלע, ברוך השם, אָרעמעלייט, ווער מעהר און ווער ווינציגער, און מע רעדט צווישען זיך שטילערהייט און מע וואַרט, ווי אויף אַ ברית, בשעת קוואַטער באַדאַרף אַריינטראָגען דאָס קינד. דעם פעטער הערץ זעהט מען ניט, און די מוהמע הערצעליכע, אַ אידינע מיט ווייסע פּערעל און מיט שוואַרצע ליפּען און מיט אַריינגעשטעלטע ציינער, דרעהט זיך אַרום פאַרטאַרעראַמט אַרום טיש, שטעלט־אויס די טעלער, צעהלט אונז אויס איטליכען באַזונדער מיט דער לינקער האַנט, האָט גאָר קיין מורא נישט פאַר קיין עין־הרע... און אָט עפענט זיך די טיר און עס באַווייזט זיך דער פעטער הערץ אַליין, אָנגעטהאָן יום־טוב'דיג, אין אַ זיידענער גלאַנצענדיגער בעקעשע מיט שטאַרק־ברייטע אַרבעל און מיט אַ

שטריימעל אויפ'ן קאָפּ, וואָס ער טהוט דאָס אָן נאָך פּורים צו דער סעודה און פּסח צום סדר, און די גאַנצע משפּחה טהוט זיך צו איהם א בויג, די מאַנסבּילען שמייכלען עפּיס זעהר מאָדנע, רייבּען א האַנט אָן א האַנט, די ווייבּער געבּען איהם אָפּ גוט יום־טוב, און מיר, יונגוואַרג, בּלייבּען שטעהן, ווי די גולמס, ניט צו וויסען, וואָס מע טהוט מיט די הענט... דער פּעטער הערץ בּאַטראַכט אונז אַלעמען, די גאַנצע משפּחה, מיט איין בּרייטען קוק, פון אויבען אַראָפּ, מיט זיינע בּייזע גרויע אויגען, דורך די זילבּערנע בּרילען, טהוט בּשעת מעשה א הוסטעל און א מאַך צו אונז מיט דער האַנט:

— נו, פאַר וואָס זיצט איהר ניט? זעצט זיך אַוועק, אַט שטעהען בּענקלעך.

די גאַנצע משפּחה זעצט זיך אַוועק, איטליכער אויף איין עק בּענקעל, האָט מורא זיך צוריהרען צום טיש, עס זאָל חלילה נישט זיין קיין שאָדען, און א מורא'דיג שטילשווייגעניש הערשט אין זאַל. מע הערט די ליכט, ווי זיי בּרענען, עס שעמערירט אין די אויגען און אויפ'ן האַרצען איז קאַלעמוטנע. מען איז אי הונגעריג, אי עס ווילט זיך נישט עסען; עס האָט אָפּגענומען מיט א מאָל דעם אַפּעטיט, ווי מיט די הענט.

— וואָס שווייגט איהר? זאָגט עפּיס, דערצעהלט עפּיס! — מאַכט דער פּעטער הערץ און טהוט א הוסטעלע מיט א קנייטש מיט די פּלייצעס און מיט א מאַך מיט'ן קאָפּ אַרויף און מיט א פּאַרשק מיט די ליפּען.

די משפּחה שווייגט. קיינער וואַגט נישט צו זאָגען א וואָרט בּיי'ם פּעטער הערץ בּיי'ם טיש. מאָדנע נאַריש שמייכלען די מאַנסבּילען, ווילען עפּיס זאָגען און ווייסען נישט וואָס; משונה־ווילד קוקען זיך דורך די ווייבּער, רעדען מיט די אויגען; און מיר, יונגוואַרג, בּרענען, ווי אויף פּאָקען. מיינע בּיידע שוועסטער קוקען זיך אָן איינס דאָס אַנדערע, גלייך ווי זיי האָבּען זיך קיינמאָל נישט געזעהען. מיין בּרודער משה־אַבּרהם קוקט אויף דער וועלט מיט א בּלאַס איבּערגעשראָקען פּנים. קיינער, קיינער וואַגט נישט צו

זאָגען אַ וואָרט בײַ'ם פעטער הערץ בײַ'ם טיש. נאָר אײנער פיהלט זיך דאָ גוט, ווי אומעטום און ווי אַלע מאָל; דאָס איז מײַן מרים־רײַזעל'ס חתן, דער קאָמי. ער ציהט אַרױס די גרױסע אָנגעקראָכמאָלטע און שטאַרק־שמעקעדיגע פעטשײלע פון דער הינטערשטער קעשענע, שנײַצט־אויס די נאָז גאַנץ ברײטליך, ווי בײַ זיך אין דער הײם, און רופט זיך אָן:

— פורים זאָל זײַן אַזאַ בלאָטע! איך האָב געמײנט, איך נעם־אָן פולע קאַלאָשען...

— ווער איז דער יונגערמאַן, הא? — טהוט אַ פרעג דער פעטער הערץ, הױבט־אױף די זילבערנע בריל און טהוט אַ הוסטעל, אַ קנײטש מיט די פּלײצעס און אַ מאַך מיט'ן קאָפּ אַרױף און אַ פאַרשק מיט די ליפּען.

— ס'איז מײַן... מײַן חתן... מײַן מרים־רײַזעל'ס חתן. — מאַכט דער טאַטע מיט אַ שטיל קול, ווי אַ מענטש, וואָס איז זיך מודה, אַז דאָס האָט ער גע'הרג'עט אַ מענטשען, און מיר אַלע בלײַבען זיצען, ווי געלעהמט, און מרים־רײַזעל — ווײה, ווײה! — מרים־רײַזעל ברענט, ווי אַ שטרויענער דאַך!

דער פעטער הערץ באַטראַכט די גאַנצע משפחה מיט אַ ברײַטען קוק פון זײַנע בײזע גרויע אויגען, שענקט אונז נאָך אַ הוסטעל און אַ קנײטש מיט די פּלײצעס און אַ מאַך מיט'ן קאָפּ אַרױף און אַ פאַרשק מיט די ליפּען, און טהוט אַ זאָג צו אונז:

— נו? פאַר וואָס געהט איהר זיך נישט וואַשען? געהט וואַשט זיך, אָט שטעהט וואַסער.

ז.

געוואַשען זיך און אָפּגעזאָגט דעם „שאו־ידיכם", זעצען מיר זיך אויס, די גאַנצע משפחה, אַרום טיש, און וואַרטען, ביז דער פעטער הערץ וועט מאַכען „המוציא", וועט אויפשנײַדען דעם

מורא'דיגען פורים־קוילעטש, וואָס איז גרויס ווי אַ שור־הבר, און דערוויילע זיצען מיר אָהן לשון, ווי די שטומע, וואָלטען וועלען שוין טאָקי עפּיס נעמען אין מויל אריין, נאָר דער פּעטער הערץ, ווי אויף צו־להכעיס, מאַכט לאַנגע שהיות, ווי אַ גוטער איד, ווי אַ רבי. קוים־קוים דערלעבט זעהען דעם שור־הבר אַ געקוילעטען, און איידער מיר שלינגען־אַראָפּ דעם ערשטען ביסען, טהוט שוין דער פּעטער הערץ אַ קוק מיט די בייזע גרויע אויגען אויף דער גאַנצער משפּחה מיט אַ הוסטעל און מיט אַ קנייטש מיט די פּלייצעם און מיט אַ מאַך מיט'ן קאָפּ אַרויף און מיט אַ פּאָרשק מיט די ליפּען און אַ זאָג:

— נו? פּאַר וואָס זינגט איהר עפּיס נישט? זינגט'ס עפּיס אַ ניגון צו דער סעודה, ס'איז דאָך היינט עפּיס פּורים אויף דער וועלט!

די גאַנצע משפּחה קוקט זיך איבער מיט די אויגען, שושקען זיך עפּיס, רעדען שטילערהייט, הייסען איינער דעם אַנדערען זינגען, דינגען זיך: „זינג עפּיס". „זינג דו". „וואָס עפּיס איך? פּאַר וואָס נישט דו?" אַזוי לאַנג, ביז עס האַפּט זיך נישט אַרויס מיט אַ ניגון איינער פון אונזער משפּחה, אברהמ'על דעם פּעטער איצי'ס, אַ יונגערמאַן, וואָס סע וואַכסט איהם נישט קיין באָרד און ער פּינטעלט מיט די אויגען און האָט אַ קוויטשיג קול און מיינט, אַז ער קאָן זינגען.

וואָס פּאַר אַ מין ניגון אברהמ'על דעם פּעטער איצי'ס האָט געוואָלט אויסזינגען — ווייס איך נישט. איך ווייס נאָר, אַז ער האָט זיך גענעבען אַ נעם ביי'ם גאָרגעל און אַ שטעל־אַוועק אַ פּאַלשען טאָן און — אַ קוויטשע־אויס אויף אַ פּאַרדומפּענער צו־הויכער שטימע אַ משונה־ווילדע טרויעריגע זאַך, און געמאַכט האָט ער דערביי אַזאַ מאָדנע טרויעריג־לאַכענדיג פּנים, אַז מע האָט באַדאַרפט זיין אַ גאָט אָדער אַ מלאך, מע זאָל זיך איינהאַלטען און נישט צעגעהן פון געלעכטער, ובפרט אַז קעגען מיר איז געזעסען יונגוואַרג און געקוקט מיט אַזעלכע אויגען, אַז מע האָט באַדאַרפט

זיין שטארקער פון אייזען און נישט געבען א שאָס־אוים קיין געלעכטער.

דער ערשטער שאָס איז געווען פון מיר, און דעם ערשטען פּאַטש פון דער מאַמע האָב געכאַפּט איך. דער פּאַטש האָט מיך אָבער נישט אָפּגעקיהלט; אדרבה, ער האָט ארויסגערופען ביי דער גאַנצער חברה יונגוואַרג, און אויך ביי מיר, א פרישען געלעכטער, און דער פרישער געלעכטער האָט ארויסגערופען א פרישען פּאַטש, און נאָכ'ן פּאַטש — ווידער א געלעכטער, און נאָכ'ן געלעכטער — ווידער א פּאַטש, אזוי לאַנג, ביז מע האָט מיך ארויסגעפיהרט פון זאַל אין קיך אריין, פון קיך אין דרויסען ארויס, פון דרויסען האָט מען מיך געבראַכט אהיים א צע'הרג'עטען, א צעשלאָגענעם, א באַגאָסענעם מיט טרערען, מיט בלוטיגע טרערען — און איך האָב מיר יענעם אָוונט פאַרשאָלטען דאָס געביין, געשאָלטען דעם פּורים, געשאָלטען די סעודה, געשאָלטען אברהמ'על דעם פעטער איצי'ס, און מעהר פון אַלע דעם פעטער הערץ — זאָל ער מיר מוחל זיין, ער איז שוין לאַנג אויף דער אמת'ער וועלט. אויף זיין קבר שטעהט א מצבה, די שענסטע מצבה ביי אונז אויפ'ן בית־עולם, און אויף דער מצבה שטעהען אויסגעקריצט מיט גאָלדענע אותיות אַלע זיינע מעלות, מיט וועלכע ער האָט זיך אויסגעצייכענט אין זיין לעבען:

„פּה נקבר — דאָ ליגט א מאַן איין עהרליכער, א גוטער, א האַרציגער, א ליעבליכער, אברייטע האַנט, א גרויסער בעל־צדקה, א צוגעלאָזטער, א געטרייער, א פריינטליכער, און נאָך, און נאָך. תנצב"ה".

# דער אורח

א.

— איך האָב פון אייערטוועגען, רב יונה, איין אורח אויף פסח, האָט איהר נאָך אזא אורח נישט געהאַט זינט איהר זענט א בעל־הבית.

— דהיינו?

— דהיינו, איין אתרוג, נישט קיין אורח!

— דהיינו, וואָס הייסט איין אתרוג?

— דהיינו, איין אתרוג הייסט — א איד פון סאַמע זייד, און א שענער איד א פאַרשוין. איין חסרון נאָר, וואָס ער פאַר־שטעהט נישט אונזער לשון.

— וואָסער דען לשון פאַרשטעהט ער?

— לשון־קודש.

— פון ירושלים?

— פון וואַנען ער איז — וויים איך נישט, נאָר אז ער רעדט, רעדט ער מיט סאַמע פתח'ען.

אָט אזא געשפּרעך איז פאָרגעקומען צווישען טאַטען מיט עזריאל דעם שמש א פּאָר טעג פאַר פסח, און איך בין זעהר נייגיעריג געווען אָנצוקוקען דעם דאָזיגען „אתרוג", וואָס פאַר־שטעהט נישט אונזער לשון און רעדט מיט סאַמע פתח'ען. שוין אין שוהל האָב איך באַמערקט עפּים א מאָדנע נפש מיט א

שטריימעל און מיט א טערקישען חאַלאַט פון געלע, בלויע און רויטע פאַסען. אַרום דעם דאָזיגען פאַרשוין האָבען מיר, יונגוואַרג, אַרומגעשטעלט זיך פון אַלע זייטען און גענומען איהם באַטראַכטען, און האָבען געחאַפּט א מיאוס'ען פסק פון עזריאל דעם שמש: קינדער זאָלען נישט האָבען קיין טבע קריכען א פרעמדען מענטשען אין פנים אַריין. נאָכ'ן דאַווגען האָט דער גאַנצער עולם אָפּגע־שטעקט דעם פאַרשוין שלום און געזאָגט איהם א גוט יום־טוב, און דער פאַרשוין האָט אַלעמען אָפּגעענטפערט מיט א זיס שמייכעלע אויף די רויטע בעקלעך, פאַרבּרעמט מיט א גרוי בערדעל: „שאַלאָם! שאַלאָם!" דער „שאַלאָם־שאַלאָם" האָט אַרויסגע־רופען ביי אונז, קליינוואַרג, זעהר א גרויס געלעכטער. און דאָס האָט עזריאל דעם שמש שטאַרק פאַרדראָסען; האָט ער זיך געלאָזט צו חברה מיט א פאַרטיגער האַנט אויף צו געבען פּעטש. חברה האָט זיך פון עזריאל'ס האַנט אויסגעגליטשט, ווייעדער פאַר־גנב'עט זיך צום פאַרשוין, הערען ווי ער זאָגט „שאַלאָם־שאַלאָם", אויסגעשאָסען א געלעכטער און ווייעדער זיך אויסגעגליטשט פון עזריאל'ס האַנט... מיט גרויס גדלות לאָז איך מיך געהן נאָכ'ן טאַטען מיט'ן דאָזיגען פאַרשוין צו אונז אויף יום־טוב און פיהל, אַז אַלע חברים זענען מיר מקנא אויף דעם אורח. זיי קוקען אונז נאָך אַלע. פון דער ווייטען, און איך דרעה־אוים צו זיי דעם קאָפּ און שטעל זיי אַרויס א צונג. א גאַנצען וועג שווייגען מיר אַלע דריי, און אַריינגעקומען אין שטוב אַריין, זאָגט דער טאַטע צו דער מאַמע: „א גוט יום־טוב!" און דער אורח טהוט א שאָקעל מיט'ן קאָפּ און דאָס שטריימעל טהוט זיך א טרייסעל: „שאַלאָם! שאַלאָם!" איך דערמאַן מיך אָן מיינע חברים און באַהאַלט דאָס פנים אונטער'ן טיש, איך זאָל נישט אויסשיסען קיין געלעכטער. איך חאַפּ א קוק אַלע מאָל אויפ'ן אורח, און ער געפעלט מיר: עס געפעלט מיר זיין טערקישער חאַלאַט, וואָס מיט די געלע, בלויע און רויטע פאַסען; עס געפעלען מיר די רויטע פריש־בלוטיגע בעקלעך זיינע, וואָס זענען אַרומגעברעמט מיט א שען קייילעכיג

גרוי בערדעל; עס געפעלען מיר זיינע שווארצע שענע אויגען, וואָס קוקען־ארוים שמייכלענדיג פון אונטער די געדיכטע גרויע ברעמען. אויך דעם טאַטען, זעה איך, איז ער געפעלען. דער טאַטע איז זיך מיט איהם משמח, און די מאַמע קוקט אויף איהם, ווי אויף אַ געטליכען מענטשען, און קיינער רעדט נישט מיט איהם אַ וואָרט. דער טאַטע אַליין מיט זיין כבוד בעט איהם אוים דאָס הסב־בעט. די מאַמע איז פאַרטאַרעראַמט מיט׳ן גרייטען צום סדר, און ריקעל די מויד העלפט איהר אונטער. ערשט אַז עס קומט צום קידוש מאַכען, שמועסט זיך דורך דער טאַטע מיט׳ן אורח אויף לשון־קודש, און איך בין מלא גדולה, וואָס איך פאַרשטעה כמעט איטליכם וואָרט. איך געב דאָ איבער זייער לשון־קודש׳ען שמועס מלה במלה:

דער טאַטע: נו? (אויף אונזער לשון זאָל דאָס הייסען: מאַכט, זייט מוחל, קידוש!).

דער אורח: נו־נו! (אויף אונזער לשון זאָל דאָס הייסען: מאַכט, מאַכט!).

דער טאַטע: נו־אָ? (פאַר וואָס ניט איהר?).

דער אורח: אָ־נו? (איהר פאַר וואָס נישט?).

דער טאַטע: אי־אָ! (פריהער איהר!).

דער אורח: אָ־אי! (איהר פריהער!).

דער טאַטע: ע־אָ־אי! (איך בעט אייך, מאַכט איהר!).

דער אורח: אי־אָ־ע! (מאַכט איהר, איך בעט אייך!).

דער טאַטע: אי־ע־אָ־נו? (וואָס ווערט אייך אהרען, אַז איהר ווערט מאַכען פריהער?).

דער אורח: אי־אָ־ע־נו־נו! (אַז איהר ווילט דוקא איך, לאָז זיין איך!).

און דער אורח נעמט דעם כּוס פֿונ׳ם טאַטענ׳ס הענט און לעגט־אָוועק אַ קידוש, נאָר אַזאַ קידוש, וואָס מיר האָבען אַזעלכס נישט געהערט און וועלען שוין נישט הערען קיינמאָל. ערשטענס, די עברי, וואָס מיט סאַמע פּתח׳ען: „ברשות מאַראַנאַן ורבּאַנאַן ורבּאַטאַי״... און צווייטענס — דאָס קול, וואָס געהט בּיי איהם נישט פֿונ׳ם האַלז, נאָר ווי פֿונ׳ם טערקישען חאַלאַט, וואָס מיט געלע, בּלויע און רויטע פּאַסען. איך האָבּ מיך דערמאַנט אָן מיינע חברים, וואָס פאַר אַ געלעכטער דאָ וואָלט אויסגעבּראָכען און וואָס פאַר פּעטש דאָ וואָלטען געפלויגען, ווען זיי זאָלען, אַשטייגער, זיין בּיי דעם קידוש! נאָר אַזוי ווי איך בּין דאָ אַליין, האַלט איך מיך איין און פרעג דעם טאַטען די פיער קשיות, און מיר זאָגען די הגדה אַלע אינאיינעם, און איך בּין שטאָלץ, וואָס דער דאָזיגער פּאַרשוין איז אונזער אורח, נישט קיינעמ׳ס.

ב.

דער תּנא, וואָס האָט געזאָגט: „אין משיחין בּסעודה״ — מען זאָל נישט רעדען, הייסט עס, בּיי׳ם עסען, זאָל ער מיר מוחל זיין, האָט נישט געקענט דאָס אידישע לעבּען. איך בּעט אייך, ווען האָט אַ איד, למשל, צייט צו רעדען, אַז נישט בּיי׳ם עסען? ובפרט פּסח צום סדר, וואָס ס׳איז פאַרהאַן אַזוי פיעל צו זאָגען פאַר דער סעודה און נאָך דער סעודה? ריקעל די מויד האָט דערלאַנגט דאָס וואַסער, מע האָט זיך נאָר געוואַשען, געמאַכט המוציא, געזאָגט „על אכילת מצה״, און די מאַמע האָט אויסגע־טיילט די פיש, — אַזוי האָט דער טאַטע פאַרקאַטשעט די אַרבּעל און האָט זיך אַריינגעלאָזט מיט׳ן אורח אין אַ לאַנגען שמועס אויף לשון־קודש. דאָס ערשטע, וואָס דער טאַטע האָט איהם געפרעגט, איז געווען די געוועהנליכע שאלה, וואָס איין איד פרעגט בּיי׳ם אַנדערען אידען:

— מה שמכם?

דערויף האָט איהם דער אורח געענטפערט מיט סאַמע פּתח'ען און אין איין אָטהעם, ווי מע זאָגט די עשרת בני־המן אין דער מגילה:

— איק בכר גלש דמת הנך וסס זען חפף טציץ.

דער טאַטע איז געבליבען זיצען מיט'ן ביסען אין מויל און געקוקט פאַרוואונדערט אויפ'ן פאַרשוין, אפּנים, דערפאַר, וואָס ער טראָגט אַזא לאַנגען נאָמען, און איך האָב מיך פאַרהוסט און געקוקט אַראָפּ, אונטער'ן טיש. האָט מיר די מאַמע אַ זאָג געטהאָן: „פּאַוואָלי ווי דו עסט פיש, קאָנסט זיך וואַרגען, חלילה, מיט אַ ביינדעל". און אויפ'ן פאַרשוין האָט זי אַ קוק געטהאָן מיט גרויס רעשפּעקט. עס ווייזט אויס, אַז זי איז פונ'ם נאָמען גאָר נתפּעל געוואָרען, חאָטש זי האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָס באַדייט. און אַזוי ווי דער טאַטע האָט יאָ פאַרשטאַנען, האָט ער געפונען פאַר נויטיג איהר די זאַך אויפצוקלערען:

— פאַרשטעהסט דו מיך, א י ק ב כ ר — דאָס איז אונזער איבערגעקעהרטער אַלף־בית, און דאָרט איז ביי זיי, אפּנים, אַזא מנהג, אַז איטליכער הייסט ביי זיי על־פּי אַלף־בית.

— אַלף־בית! אַלף־בית! — חאַפּט אונטער דער פאַרשוין מיט אַ זיס שמייכעלע אויף די בלוט־רויטע בעקלעך, און די שענע שווארצע אויגען קוקען אויף אונז אַלע, און אפילו אויף ריקעל די מויד, מיט גרויס פריינטשאַפט.

געוואָהר געוואָרען דעם נאָמען זיינעם, איז דער טאַטע נייגיעריג געווען צו וויסען, אויך פון וואַנען, פון וואָסער אַ לאַנד ער קומט צו פאָהרען. דאָס האָב איך פאַרשטאַנען לויט די נעמען פון שטעדט און מדינות, וואָס האָבען זיך געלאָזט הערען, און וואָס דער טאַטע האָט דאָס נאָכדעם איבערגעזעצט פאַר דער מאַמע, געגעבען כמעט אויף איטליכס וואָרט אַ פּירוש, און די מאַמע איז פון איטליכס וואָרט געווען נתפּעל, און אויך ריקעל די מויד איז געווען נתפּעל, און ס'איז טאַקי געווען פון וואָס נתפּעל צו ווערען: אַ קלייניגקייט, אַ פאַרשוין קומט צו פאָהרען אפשר פאַר צעהנ־

טויזענט מייל פון א מדינה, וואס איידער מע קומט־צו צו איהר, מוז מען אריבערשווימען זיעבען ימים מיט א מדבר, און וואס צו דעם מדבר אליין דארף מען געהן ניט ווינציגער, ווי פערציג טעג מיט פערציג נעכט, און אז מע קומט שוין צו גאר נאהענט, באַ־דארף מען ארויפקלעטערען אויף אזא הויכען בארג, וואס דער שפּיץ גרייכט ביז צו די וואלקענס, און באדעקט איז ער מיט אייז, און ווינטען שרעקליכע בלאזען דארטען, וואס איז סכנת־נפשות!... דערפאר אבער, אז מע קומט־איבער בשלום דעם דאזיגען בארג און מע טרעט־אריין אין זייער לאנד, זעהט מען פאר זיך דעם אמת'ען גן־עדן התחתון: בשמים, נעגעלעך, געווירצען, כל המינים פירות, עפּעל און בארען און פּאמעראנצען, וויינטרויבען, טייטלען און איילבערטען, נים און פייגען לרוב. און די הייזער זענען דארטען געבויט פון סאמע טענענהאלץ און גערעקט מיט ריין זילבער, די כלים זענען פון גין־גאלד (בשעת מעשה טהוט דער אורח א קוק אויף די זילבערנע כוסות אונזערע מיט די זילבערנע לעפעל, גאפּלען און מעסערס), און בריליאנטען, פּערלען און דימענטען וואלגערען זיך דארטען אויף דער גאס, קיינער וויל זיך ניט געבען די מיה זיך אנבויגען זיי אויפצוהויבען, ווארום זיי האבען דארטען קיין שום ווערטה (און בשעת מעשה קוקט דער אורח אויף דער מאמע'ס דימענטענע אויהערינגלעך מיט די געלע פּערעלעך, וואס אויף איהר ווייסען האלז).

— דו הערסט? — מאכט דער טאטע צו דער מאמע מיט א גליקליך פּנים.

— איך הער. — ענטפערט איהם די מאמע און פרעגט א קשיה: — למאי ברענגען זיי דאס ניט צו פיהרען אהער, זיי וואלטען דאך דא געמאכט דערפון געלד! אנו, טהו איהם אקארשט אומיסטען א פרעג, יונה.

דער טאטע פרעגט איהם די דאזיגע קשיה און באקומט פון איהם א תשובה, און גיט איבער דער מאמע אויף אונזער לשון:

— פֿאַרשטעהסט דו, ער זאָגט, אַז דו קומסט צו פֿאָהרען אַהינצו, קאָנסט דו דיר נעמען וויפֿיעל דו ווילסט, פֿולע קעשענעס, נאָר פֿאָהרסט דו פֿון דאָרטען אַרויס, מוזט דו אָפּגעבען אַלסדינג צוריק, און טאָמער טרייסעלט מען אויס בײַ דיר וואָס ניט איז, ביזט דו חייב מיתה.

— וואָס הייסט דאָס? — פֿרעגט די מאַמע, דערשראָקען.

— דאָס הייסט, מע הענגט דיך אויף אויף אַ בוים, אָדער מע פֿאַרשטיינערט דיך מיט שטיינער.

ג.

וואָס ווייטער ווערען די מעשׂיות פֿונ'ם דאָזיגען פֿאַרשוין אַלץ מעהר אינטערעסאַנט, און אַז עס האַלט שוין נאָך די קניידלעך און מיר נעמען נאָך צו ביסלעך ווײַן, פֿרעגט איהם דער טאַטע: ווּעמען געהער דאָס אַלסדינג, און צי ס'איז פֿאַרהאַן דאָרטען אַ מלך? און באַלד באַקומט ער אַ קלאָרע תּשובה, און גיט דאָס איבער דער מאַמע מיט גרויס חדוה אויף אונזער לשון:

— ער זאָגט, אַז געהערען געהער דאָס אינגאַנצען צו די דאָרטיגע אידען, וואָס מע רופֿט זיי „ספֿרדים", און אַ מלך איז בײַ זיי פֿאַרהאַן, זאָגט ער, אויך אַ איד, זעהר אַ פֿרומער איד מיט אַ שטריימעל, זאָגט ער, און רופֿען רופֿט מען איהם יוסף־בן־יוסף. ער איז אַ כּהן גדול, זאָגט ער, בײַ די „ספֿרדים" און פֿאָהרט אַרוים, זאָגט ער, אין אַ גילדענער קאַרעטע מיט זעכּס ברענענדיגע פֿערד, און אַז ער קומט, זאָגט ער, אין שוהל אַריין, געהען איהם, זאָגט ער, אַקעגען די לויים מיט אַ געזאַנג...

— בײַ אייך זינגען לויים אין שוהל? — פֿרעגט איהם דער טאַטע פֿאַרוואונדערט און באַקומט באַלד אַ תּשובה און גיט דאָס איבער דער מאַמע אויף אונזער לשון, און דאָס פּנים בײַ איהם שײַנט, ווי די זון:

— וואָס זאָגסט דו דערויף? ער דערצעהלט, אז ביי זיי איז פאַרהאַן אַ בית־המקדש מיט כהנים מיט לויים מיט איין אָרגעל...

— נו, און אַ מזבח? — טהוט איהם דער טאַטע אַ פרעג און באַקומט אַ תשובה, און גיט דאָס איבער דער מאַמע אויף אונזער לשון:

— ער זאָגט, ס׳איז דאָ ביי זיי אַ מזבח מיט קרבנות, זאָגט ער, מיט גילדענע כלים, אַלסדינג ווי אַמאָל, זאָגט ער, ביי אונז אין ירושלים.

און ביי די ווערטער לאָזט־אַרוים דער טאַטע אַ טיעפען זיפץ, און אויף איהם קוקענדיג, זיפצט אויך די מאַמע. און איך פאַר־שטעה איהם ניט, וואָס דאַרף מען דאָ זיפצען? אדרבה, מע באַדאַרף זיין שטאָלץ, מע באַדאַרף זיין פריילין, וואָס מיר האָבען אַזאַ לאַנד, וואו עס געוועלטיגט אַ אידישער מלך און אַ כהן גדול און וואו עס געפינט זיך אַ בית־המקדש מיט כהנים, מיט לויים, מיט איין אָרגעל, מיט אַ מזבח, מיט קרבנות... און גוטע, ליכטיגע מחשבות חאַפּען מיך אויף און טראָגען מיך אַוועק גלייך אַהינצו, אין יענעם גליקליכען אידישען לאַנד, וואו די הייזער זענען גע־בויעט פון סאַמע טענענבוימער, גערעקט מיט ריין זילבער, וואו די כלים זענען פון גין־גאָלד, און וואו בריליאַנטען, פּערלען, די־מענטען וואַלגערען זיך אויף דער גאַס. און עס גנבה׳ט זיך אריין צו מיר אַ מחשבה, אז ווען איך זאָל דאָרטען זיין, וואָלט איך שוין געוואוסט וואָס איך האָב צו טהון; איך וואָלט שוין געוואוסט, וואו צו באַהאַלטען; ביי מיר וואָלט מען שוין נישט אויסגע־טרייסעלט גאָרנישט... איך וואָלט שוין געבראַכט פון דאָרטען דער מאַמע אַ שענע מתנה: אויהערינגלעך בריליאַנטענע און פּערעל עטליכע שנירלעך. און בשעת מעשה טהו איך אַ קוק אויף דער מאַמע׳ס דימענטענע אויהערינגלעך מיט די געלע פּערעלעך, וואָס אויף איהר ווייסען האַלז, און איך באַקום אַ שטאַרקען חשק צו זיין אינ׳ם דאָזיגען לאַנד, און עס פאַלט מיר איין אַ געדאַנק.

איך זאָל נאָך פּסח זיך דורכפּאָהרען אהין מיט'ן דאָזיגען אורח. געוויינטליך, בסוד, אז קיינער זאָל ניט וויסען. איך וועל דעם סוד אנטפּלעקען פאר'ן אורח, אויסגיסען פאר איהם מיין הארץ, אויס־זאָגען איהם דעם גאנצען אמת, און בעטען איהם, ער זאָל מיך נעמען מיט זיך אהינצו חאָטש אויף א קליינער צייט. ער וועט דאָס מיר געוויס טהון. ער איז זעהר א גוטער, א צוגעלאָזטער פאר־שוין. ער קוקט אויף איטליכען באזונדער, און אפילו אויף ריקעל די מויד, אזוי פריינטליך, אזוי פריינטליך!

אזוי טראַכט איך מיר און קוק אויף אונזער אורח, און עס מאָהלט זיך מיר אויס, אז ער טרעפט מיין מחשבה, מחמת ער קוקט אויף מיר מיט זיינע שענע שווארצע אויגען, און עס דאכט זיך מיר, אז ער ווינקט צו מיר און זאָגט צו מיר אויף זיין לשון:

— שווייג, ווייסער־חברה'ניק איינער, לאָז נאָר איבערגעהן דער פּסח, וועט שוין זיין רעכט!...

## ד.

א גאנצע נאכט פּלאָנטען זיך מיר חלומות: א מדבר, א בית־המקדש, א כהן גדול און א בארג א הויכער, און איך קלעטער ארויף אויפ'ן בארג, און דאָרט וואכסען בריליאנטען, פּערלען, דימענטען, און מיינע חברים קריכען ארויף אויף די בוימער און טרייסלען זיי, און עס פאלען פון דאָרטען אויף דער ערד גוזמי גוזמאות בריליאנטען, פּערלען, דימענטען, און איך שטעה פון הינטען און קלויב די בריליאנטען, פּערלען, דימענטען, און שטופּ אין די קעשענעס — און מערקווירדיג! . וויפיעל איך שטופּ — און עס געהט נאָך! וויפיעל איך שטופּ — און עס געהט נאָך! לעג איך אריין די האנט אין קעשענע און נעם־ארויס פון דאָרטען אָנשטאָט בריליאנטען, פּערלען, דימענטען — גאָר פּירות אלערליי: עפּעל און בארען, און פּאָמעראנצען און אייזבערטען, און טייטלען און ניס און פייגען... און איך האָב דערפון גרויסע אנגסטען, קאטשע

מיך פון איין זייט אויף דער אנדערער, און עס חלומ'ט זיך מיר דאָס בית־המקדש, און איך הער די כהנים דוכנ'ען און די לוויים זינגען און דעם אָרגעל שפּיעלען, און עס ווילט זיך מיר אריינגעהן אינוועניג אין בית־המקדש, און איך קאָן נישט — ריקעל די מויד האַלט מיך צו און לאָזט מיך ניט, און איך בעט זיך ביי איהר, איך שריי, איך וויין, איך האָב דערפון גרויסע אנגסטען, קאַטשע מיך פון איין זייט אויף דער אנדערער, און כאַפּ מיך אויף און... דער־זעה פאַר זיך דעם טאַטען מיט דער מאַמען שטעהען האַלב אָנ־געטהאָן, ביידע בלאַס, ווי דער טוידט, דער טאַטע אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, די מאַמע ברעכט די הענט און אויף איהרע שענע אויגען שטעהען טרערען. מיין קינדערש הארץ דערפיהלט, אז דאָ איז עפּיס געשעהען ניט קיין גוטע זאַך, זעהר ניט קיין גוטע זאַך, נאָר וואָס מיין קינדערש קעפּעל האָט נישט צוגעטראַכט פאַר איין אומגליק — איז דאָס געווען אַ גאָרנישט קעגען דעם, וואָס ס'איז געשעהען.

און געשעהען איז אָט וואָס: אונזער אורח, דער פּאַרשוין פון יענער ווייטער מדינה, פון יענעם גליקליכען לאַנד, וואָס די הייזער זענען דאָרט געבויעט פון סאַמע טענענבוימער און געדעקט מיט ריין זילבער א. אַ. וו., איז נעלם געוואָרען, און אינאיינעם מיט איהם איז נעלם געוואָרען ביי אונז אַ סך זאַכען: אַלע זילבערנע כּוסות, אַלע זילבערנע לעפעל, גאָפּלען און מעסערס, דאָס גאַנצע ביסעל ציערונג דער מאַמע'ס, און אויך מזומן געלט, וויפיעל עס האָט זיך געפונען ביי אונז אין קאַסטען. און אויך ריקעל די מויד איז מיט איהם אנטרונען געוואָרען...

און עס נעמט מיך אָן ביי'ם הארצען, נישט אויף די זילבערנע כּוסות מיט די זילבערנע לעפעל, גאָפּלען און מעסערס, וואָס זענען נעלם געוואָרען, און נישט אויף דער מאַמע'ס ציערונג, און נישט אויפ'ן מזומן געלט, און נישט אויף ריקעל די מויד — חאַפּט זי דער רוח! — נאָר אויף דעם גליקליכען־גליקליכען לאַנד, וואָס סע וואַלגערען זיך דאָרטען בריליאַנטען, פּערלען, דימענטען, און אויף

דעם בית־המקדש, מיט די כהנים, מיט די לויים, מיט׳ן אָרגעל, מיט׳ן מזבח, מיט די קרבנות און מיט די אַלע איבעריגע גוטע זאַכען, וואָס מע האָט ביי מיר אוועקגערויבט, צוגענומען, צוגענומען, צוגענומען.

און איך קעהר מיך אום מיט׳ן פּנים צום וואַנט און וויין, וויין שטילערהייט.

# אליהו הנביא

אַ פאנטאסטישע געשיכטע מיט א רעטעניש לכבוד פסח,
ספעציעל פון קינדער וועגען.

געשריבען אין יאָהר 1908.

# אֵלִיָּהוּ הַנָּבִיא

---

## א.

נישט גוט צו זיין א בן־יחיד, א ציטעריגער ביי טאטע־מאמע. „פון זיעבען איינער געבליבען". דא — נישט שטעה, דארט — נישט געה. דאס — נישט עס, יענס — נישט טרינק. דעם קאפ — דעק צו. דעם האלז — פארבינד. די הענט — באהאלט. די נאז — שנייץ־אויס. אך, נישט גוט, נישט גוט צו זיין א בן־יחיד. און נאך א נגיד'ס א יונגעל דערצו. מיין טאטע איז א נגיד. א חלפן איז ער. געהט־ארום מיט א טארבע מינץ איבער די קלייטען. בייט זילבער אויף מינץ און מינץ אויף זילבער. זענען דערפאר ביי איהם די פינגער תמיד שווארץ און די נעגעל צעטריסקעט. הארעווען הארעוועט ער אפילו זעהר שטארק. אלע טאג אז ער קומט אהיים, איז ער אויסגעמיעדט און צעבראכען. „נישטא קיין פים — קלאגט ער זיך פאר דער מאמע, — נישטא קיין פים, קיין סימן פון קיין פים"...

נישטא קיין פים — עס קאן זיין. דערפאר האט ער אבער „פרנסה בשפע". אזוי זאגען אלע, און אלע זענען אונז מקנא, וואס מיר האבען פרנסה, און נאך בשפע. די מאמע איז צו־פריעדען. איך אויך. „א פסח ביי מיר היינטיגם יאהר — אויף אלע אידישע קינדער, רבונו של עולם"...

אזוי זאָגט די מאַמע און דאַנקט גאָט, וואָס מיר האָבן אַזאַ פּסח. איך אויך. נאָר ווי דערלעבט מען איהם שוין, אָט דעם פּסח?...

ב.

קוים דערלעבט פּסח. דעם ליעבען טייערען פּסח. אויסגע־קליידט האָט מען מיך — בגדי־מלכות, ווי עס פּאַסט פאַר אַ נגיד'ס אַ יונגעל. וואָס קומט מיר אָבער אַרוים? אַז איך טאָר נישט אַרומשפּרינגען אין דרויסען — איך וועל זיך פאַרקיהלען. אַז איך טאָר נישט אַרומלויפען מיט אַלע קבצנ'ישע קינדער — איך בין אַ נגיד'ס אַ יונגעל. אַזעלכע שענע מלבושים — נישטאָ פאַר וועמען צו באַריהמען זיך. אַ פולע קעשענע מיט ניס — נישטאָ מיט וועמען צו שפּיעלען.

נישט גוט צו זיין אַ בן־יחיד, אַ ציטעריגער, וואָס פון זיעבען איינער געבליבען, און נאָך אַ נגיד'ס אַ יונגעל דערצו.

ג.

דער טאַטע האָט אָנגעטהאָן די בעסטע קאַפּאָטע און איז אַוועק אין שוהל דאַוונען. זאָגט צו מיר די מאַמע: „ווייסט דו וואָס? לעג זיך צו. שלאָף דיך אויס. וועסט דו קאָנען זיצען ביי'ם סדר. וועסט דו פרעגען דעם טאַטען די פיער קשיות". משוגע בין איך? פאַר'ן סדר וועל איך געהן שלאָפען? „געדענק זשע, פּסח צום סדר טאָר מען נישט שלאָפען. וואָרום טאָמער, חלילה, וועדסט דו אנשלאָפען ביי'ם סדר, אַזוי קומט אליהו־הנביא מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס... פּסח ביינאַכט געהט־אַרום אליהו־הנביא און קוקט, ווער עס שלאָפט ביי'ם סדר, דעם נעמט ער צו אין זאַק אַריין"... חאַ־חאַ! איך וועל אנשלאָפען ווערען ביי'ם סדר? איך? און אַז מע זאָל זיצען אַ גאַנצע נאַכט? און אפילו

ביז'ן ווייסען טאָג אריין? ווי אזוי איז געוועז, מאמע, פאַראַ־יאָהרען? „פאַראיאָהרען ביזט דו אנשלאָפען געוואָרען באלד נאָך קידוש"... פאַר וואָס זשע איז נישט געקומען צו מיר דעמאָלט אלי־נביא מיט'ן זאַק? „דעמאָלט ביזט דו נאָך געוועזן א קליי־ניטשקער, היינט ביזט דו א גרויסער. היינט דאַרפסט דו פרעגען דעם טאַטען די פיער קשיות. היינט דאַרפסט דו זאָגען מיט'ן טאַטען „עבדים היינו". היינט דאַרפסט דו עסען מיט אונז פיש און יויך און קניידלעך... שאַ — אָן געהט דער טאַטע פון שוהל".

— גוט יום טוב!

— גוט יום טוב!

ד.

דאַנקען גאָט. דער טאַטע האָט אָפּגעמאַכט קידוש. איך אויך. דער טאַטע האָט אויסגעטרונקען דעם ערשטען כוס. איך אויך. און דוקא א פולען כוס, און דוקא ביז'ן דנאָ. „זעה נאָר, ביז'ן דנאָ!" — זאָגט די מאַמע צום טאַטען, און מיר זאָגט זי: „א פולען בעכער מיט וויין? וועסט אנשלאָפען ווערען"... חא־חא! איך וועל אנשלאָפען ווערען? איך? און אז מע זאָל זיצען א גאַנצע נאַכט? אפילו ביז'ן ווייסען טאָג אריין? אנו, פרעגט דעם טאַטען, ווי אזוי האָב איך אָפּגעקלאָפּט די פיער קשיות? ווי אזוי זאָג איך די הגדה? ווי אזוי שאָקעל איך זיך איבער'ן סידור און זינג מיט'ן טאַטען דעם „עבדים היינו"?... און די מאַמע לאָזט נישט אראָפּ קיין אויג פון מיר און שמייכעלט און זאָגט צו מיר: „וועסט אנשלאָפען ווערען. אנשלאָפען ווערען"... עך, מאַמע! מאַמע! מיר דאַכט זיך, מע זאָל זיין מיט אכצעהן קעפּ, קאָן מען פון דעם אליין אנשלאָפען ווערען! אנו, לאָז מען זיך אוועקזעצען אײַך אקעגען און זינגען אײַך אין אויהער: „אנשלאָפען ווערען, אנשלאָפען ווערען".

פאַרשטעהט זיך, אז איך בין אנשלאָפען געוואָרען.

ה.

אנשלאָפען געוואָרען — חלומ'ט זיך מיר, אז דער טאַטע האַלט שוין ביי „שפוך חמתך". די מאַמע אַליין שטעהט אויף פון טיש, געהט עפענען די טיר, מקבל פנים זיין אליה־נביא'ן. שוין וועט זיין, טאָמער קומט טאַקי אליה־נביא, ווי די מאַמע זאָגט, מיט'ן זאַק אויף די פּלייצעס, און זאָגט צו מיר: „קום, בחור"... און ווער וועט זיין שולדיג אין דעם, אז נישט די מאַמע אַליין מיט איהר: „שלאָף נישט! שלאָף נישט!"?... און אַזוי ווי איך טראַכט מיר די דאָזיגע מחשבות — אהא! — הער איך אַ סקריפּ פון דער טיר, און דער טאַטע שטעהט־אויף און רופט־אויס אויף אַ קול: „ברוך הבא!" איך קוק מיך איין צו דער טיר — יאָ, ס'איז ער. ער געהט, ער געהט. פּאַוואָלינקע, קוים וואָס מע הערט. אַ שענער איד אליה־נביא. איין אַלטער מאַן. אַ זקן מיט אַ גרייז־גרויער באָרד ביז די קניע. דאָס פּנים אַלט, געל, געקנייטשט, נאָר שען און גוט איז דאָס אָהן איין עק. און אויגען — אך, אויגען! גוטע, ווייכע, פריינטליכע, ליעבע, געטרייע אויגען. איינגעבויגען, אָנ־געלעהנט אויף אַ גרויסען־גרויסען שטעקען, מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס — און שאַ, שטיל, אָהן ווערטער, און גלייך צו מיר.

ו.

— נו, יונגעלע, אַריין צו מיר אין זאַק אַריין און קום! — אַזוי זאָגט צו מיר אָט דער אַלטיטשקער, און דוקא מיט גוטען, דוקא אַזוי ווייך, אַזוי זיס.

פרעג איך איהם: „וואוהין?" מאַכט ער צו מיר: „וועסט שוין נאָכדעם זעהען"... וויל איך נישט, זאָגט ער מיר נאָך אַ מאָל. בעט איך מיך ביי איהם: „ווי קאָן איך מיט דיר געהן, אז איך בין אַ נגיד'ס אַ יונגעל?" זאָגט ער: „און אז אַ נגיד'ס אַ

יונגעל, וואָס ביזט דו פאַר אַ מיוחס?" זאָג איך: „איך בין ביי טאַטע־מאַמע אַ בן־יחיד"... זאָגט ער: „ביי מיר ביזט דו נישט קיין בן־יחיד". זאָג איך: „אַ ציטעריגער — פון זיעבען איינער געבליבען. זיי וועלען, זאָג איך, דערזעהן, אַז איך בין נישטאָ, וועלען זיי דאָס נישט אויסהאַלטען. זיי וועלען שטאַרבען, און דערהויפּט — די מאַמע"... קוקט ער אויף מיר, דער אַלטיטשקער, מיט גוטען און מאַכט צו מיר ווייך און זיס, ווי פריהער: „געהסט דו נישט מיט מיר, טאָ שלאָף געזונט, נאָר וועך אַנשלאָפען אויף שטענדיג, אויף אייביג"... הויב איך אָן צו וויינען: „הייסט דאָך עס, איך זאָל שטאַרבען? זיי וועלען דאָס נישט אויסהאַלטען... דערהויפּט — די מאַמע"... „ווילסט דו נישט שטאַרבען, טאָ קום מיט מיר. געזעגען זיך אָפּ מיט טאַטע־מאַמע און קום"... „סטייטש, ווי קאָן איך געהן, אַז איך בין אַ בן־יחיד, פון זיעבען איינער געבליבען?"... מאַכט ער צו מיר שוין שטאַרקער: „צום לעצטען מאָל, יונגעלע, קלויב דיר אויס איינס פון די צוויי: אָדער געזעגען זיך אָפּ מיט טאַטע־מאַמע אויף שטענדיג און קום מיט מיר, אָדער בלייב דאָ, נאָר וועך אַנשלאָפען אויף אייביג. אויף אייביג"...

ז.

אָפּגעזאָגט די דאָזיגע ווערטער, טרעט ער אָפּ פון מיר אויף איין שפּאַן און וויל שוין אויסקערעווען זיך צו דער טיר. וואָס טהוט מען דאָ? אוועקגעהן מיט'ן אַלטען, גאָט ווייסט וואוהין, פאַרפאַלען ווערען — וועלען טאַטע־מאַמע שטאַרבען. אַ בן־יחיד, פון זיעבען איינער געבליבען... בלייבען דאָ און אַנשלאָפען ווערען אויף אייביג — הייסט דאָס דאָך, איך אַליין זאָל שטאַרבען... ציה איך אויס צו איהם ביידע הענט מיט טרערען אויף די אויגען: „אליהו הנביא! גוטער, ליעבער, הארציגער אליהו! געב מיר איין מינוט אויף צו באַטראַכטען זיך!" דרעהט ער אויס צו מיר דאָס שענע אַלטע, געלע, געקנייטשטע פּנים מיט דער גרייז־גרויער

באָרד ביז די קניע, קוקט אויף מיר מיט זיינע שענע גוטע ליעבע געטרייע אויגען און מאכט צו מיר מיט א שמייכעל: „איין מינוט אויף צו באטראכטען זיך געב איך דיר, מיין קינד, אָבער נישט מעהר אז איין מינוט"...

און דער אַלטיטשקער לעהנט זיך אָן אויף זיין גרויסען־גרויסען שטעקען און ווארט...

. . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . .

פרעגט זיך: וואָס האָב איך באדארפט אין דער מינוט צוטראכטען אזעלכעס, אז איך זאָל נישט דארפען נישט געהן מיט'ן אַלטען און נישט אנשלאָפען ווערען אויף איביג? — אנו, ווער ווייסט טרעפען?...

# אַז גאָט וויל,
# שיסט אַ בעזעם

אַ טראַגעדיע, כשר לפּסח, דעקאַדענטיש־סימבאָליסטיש געשריבען.

געשריבען אין יאָהר 1908.

# אַז גאָט וויל, שיסט אַ בעזעם

---

ד י  פ א ר ש ו י נ ע ן :

מצות.
אַרבע כוסות.
פּסח'יגע שמאַלץ.
אייער.
ריבאייזען.
קאָכלעפעל.
דייזשע באַרשט.
בעזעם.
קאַץ.
בעל-הבית.
בעל-הבית'טע.

א ר ט — אין שפּיזארניע, אין דער פסח'ינער שאפע.

צ י י ט — ערב פסח.

א י י ע ר [צו די מצות]. זייט זשע מוחל. ווען האבען מיר פסח?

מ צ ו ת [צו די אייער]. וואָס איז דען?

א י י ע ר. גאָרנישט, גלאַט אזוי. עס איז אונז נמאס גע־וואָרען צו ליגען אָט דאָ, אין דער שפּיזארניע. מיר וואָלטען שוין געהרען דערלעבען פּסח.

מ צ ו ת. ציקאווע ביצים! מיר ליגען דאָ פון נאָך פּורים אָן.

ש מ אַ ל ץ. פון נאָך פּורים? אַ טייערע מציאה! איך שטעה נאָך פון פאַר חנוכּה.

ב אָ ר ש ט. און מיך האָט מען דאָ אוועקגעשטעלט באַלד נאָך סוכּות. ס׳איז מיר שוין אַזוי אומעטיג, אַז איך האָב, דאַכט מיר, געהאַפּט אַ שימעל.

כּ ו ס ו ת. למאי אָט שטעהען מיר דאָ פון פאַראַיאָהרען?

ק אָ כ ל ע פּ ע ל. היינט וואָס זאָל א י ך שוין זאָגען? איך בין עלטער פון אייך אַלעמען. איך בין דאָ אַ קאָכלעפּעל פון זינט דער בעל־הבית מיט דער בעל־הבית׳טע האָבען חתונה געהאַט.

ר י ב א י י ז ע ן. אָבער טאַקי נישט מעהר ווי אַ „קאָכ־לעפּעל"...

ק אָ כ ל ע פּ ע ל [בייז]. הער נאַר, דו בלעכענע כּלי, וואָס ביזט דו דאָ פאַר אַ מאַכער?

ר י ב א י י ז ע ן. מעהר מאַכער פון דיר. ווען ניט איך, וואו וואָלט מען נעמען מרור צום סדר?

ב ע ז ע ם [ציהט־אויס אַ געלעכטער פון ווינקעלע]. חי־חי־חי!

כּ ו ס ו ת [איינס צו דאָס אַנדערע]. ווער חיחיקעט דאָס?

מ צ ו ת [צו די כּוסות]. ס׳איז דער בעזעם. דאַכט זיך, אַזאַ בעזעם וואָלט געמעגט האָבען דרך־ארץ חאָטש פאַר אונז, מצות?

א י י ע ר. וואָס עפּים פאַר אייך? און וואו זענען מיר?

מ צ ו ת [מיט גדלות]. וואָס איז מיט אייך דער יחוס? מע עסט אייך דען ניט אַ גאַנץ יאָהר?

א י י ע ר. פרעגט זשע אָבער די בעלי־בתּים, וואָס פאַר אַ טעם האָבען מצות אָהן אייער?

ש מ א ל ץ. און וואָס איז מצות מיט אייער אָהן שמאַלץ?

ב אָ ר ש ט. מאָהלט אייך, אַז איך בין אַ ביסעל נויטיגער פון אייך אַלעמען. אייך, אייער און שמאַלץ, באַנוצט מען נאָר פון יוצא ווענען, און אָהן מיר קאָן מען פּסח זיך ניט באַגעהן. פרעגט

אויף אַ ציקאַוועסט די מצות, וואָס פאַר אַ טעם האָבען זיי, אַז מע בראָקט זיי אין באָרשט אריין.

מ צ ו ת. וואָס אמת איז אמת. מיר וואָלטען אָבער וועלען וויסען, וואָס פאַר אַ טעם וואָלט געהאַט אַ פסח־באָרשט אָהן אונז, אָנגעבראָקטע מצה?

א י י ע ר. אָדער ווען מע זאָל דעם באָרשט ניט פאַרווייסען מיט איין איי?

ש מ אַ ל ץ. און מע זאָל ניט אריינטהון קיין לעפעל שמאַלץ?

ק אָ כ ל ע פ ע ל. און מיך האָט איהר פאַרגעסען?

ר י ב אַ י י ז ע ן. קאָכלעפעל איז אומעטום אַ קאָכלעפעל!...

ק אָ כ ל ע פ ע ל [איז כעס]. בלעכענער שלים־מזל! וועסט ניט אנשטומט ווערען?

ב ע ז ע ם [לאַכט פון ווינקעלע אַרויס]. חי־חי־חי!...

כּ ו ס ו ת. וויעדער חיחיקעט ער, דער בעזעם?

מ צ ו ת. אַ אידיאָט!

א י י ע ר. ניט אַזאַ אידיאָט, ווי איין עזות־פּנים!...

ש מ אַ ל ץ. אויף וואָס דאַרף מען, אשטייגער, אַ בעזעם אויף פסח?

ב אָ ר ש ט. אויף סים סאָט כּפּרות!

ר י ב אַ י י ז ע ן. פאַרנעמט אומזיסט איין אָרט אין שאַפע.

ק אָ כ ל ע פ ע ל. טאָמער איז דאָ קאַרג ענג... מע ווערט דערשטיקט אָט דאָ ביי זיי אין שפּיזאַרניע... איך וועל פּרובען עפענען די טיר... [עפענט אַ האַלב טירעל].

ש מ אַ ל ץ [צום קאָכלעפעל]. וואָס טהוט איהר? איהר ווילט, ס'זאָל אריין די קאַץ? זי וועט חלילה מאַכען פון אונז אַלעמען אַ תל!

מ צ ו ת. מיר האָבען קיין מורא ניט פאַר קיין קאַץ.

א י י ע ר. מיר אויך ניט.

כּ ו ס ו ת. מיר אודאי ניט...

ר י ב אַ י י ז ע ן. און איך אודאי און אודאי ניט!

ק אָ כ ל ע פּ ע ל. איך הער זי, ווי די קאַץ!...

ב אָ ר ש ט. אפילו איך הער זי אויך אין טראָק. אָט איז זי, די מחותנת׳טע! [עס קומט אריין די קאַץ, קוקט זיך ארום און מרוקעט].

ק אַ ץ. מורררדר...

מ צ ו ת. ברוך הבא, אַ גאַסט!

כּ ו ס ו ת. סקאָצעל קומט.

א י י ע ר. מע זאָל דערמאַנען משיח׳ן.

ר י ב א י י ז ע ן. זעהט נאָר, זי געהט אין זאָקען!...

ק אָ כ ל ע פּ ע ל. דאָס האָט איהר די בעל־הבית׳טע אָנגעטהאָן זאָקען, זי זאָל חלילה ניט חמצ׳דיג מאַכען דאָס זאַלצברעטעל.

ב אָ ר ש ט. בעסער געווען פאַרשליסען די קאַץ אין אַ באַזונדער חדר, איידער אָנטהון איהר זאָקען אויף די פיס. אַ נאַרישע בעל־הבית׳טע ביי אונז!...

מ צ ו ת. זעהט נאָר, ווי זי שמעקט מיט דער נאָז, די גנב׳טע!...

כּ ו ס ו ת. אינטערעסאַנט צו זעהען, וואוהין וועט זי געהן פריהער.

א י י ע ר. נישט קיין נאַרישע קאַץ, כּלעבען. זי קריכט גלייך צו דער שמאַלץ, ווי מיר זענען ביצים אויף דער וועלט! אָבער גלייך צו דער שמאַלץ!

ר י ב א י י ז ע ן. זעהט נאָר, זי לעקט שוין! זי פרעסט, די זולל־וסובא׳ניצע!

ק אָ כ ל ע פּ ע ל. אַ חידוש, וואָס די שמאַלץ לאָזט זיך אַזוי אומפאַרשעמט באַהאַנדלען...

ב אָ ר ש ט. וואָס זאָל זי נעבאַך טהון? שולדיג איז די בעל־הבית׳טע. האָט זי געזאָלט פאַרשליסען די שאַפע פון יענער זייט. ניט אומזיסט זאָגט די וועלט אַ ווערטעל: אַז די בעל־הבית׳טע איז אַ שלים־מזל׳ניצע, איז די קאַץ אַ נאַשערין.

בעזעם [שיסט־אויס אַ געלעכטער]. חאַ־חאַ־חאַ! [פאַר'ן געלעכטער שרעקט זיך די קאַץ איבער, טהוט אַ שפּרונג, קעהרט־איבער דעם טאָפּ מיט שמאַלץ, וועלכער פאַרטשעפּעט די אייער, די כוסות מיט די מצות, און צוזאַמען מיט זיי פאַלט־אום די גאַנצע שאַפע, און עס ווערט אויף דער ערד אַ מישמאַש פון פּסח'יגען באָרשט, מיט פאַרנעצטער מצה, מיט צעשלאָגענע אייער, מיט צעבראָכענע כוסות, מיט שמאַלץ, מיט אַ ריבאייזען און אַ קאַכלעפעל אויף בתוכם. געבליבען איז ביי דער זייט נאָר דער בעזעם. — דער קלאַפּ פון דער שאַפע לאָזט זיך הערען אין שטוב. עס קומען צו לויפען, ניט טוידט, ניט לעבעדיג, די בעל־הבית'טע מיט'ן בעל־הבית].

בעל־הבית. וואָס איז דאָ געשעהען? [בלייבט שטעהן, ווי אַ געלעהמטער].

בעל־הבית'טע [ברעכט די הענט]. אַ דונער האָט מיך דערשלאָגען! דער גאַנצער פּסח איז חרוב געוואָרען! [וויינט. דער בעל־הבית זיפצט. אין דרויסען פייפט דער ווינט. דורכ'ן פענסטער גנב'עט זיך אריין אַ טוידטער שטראַהל פון דער קאַלטער לבנה. אין ווינקעלע זיצט די קאַץ און באַלעקט זיך. די שטימונג איז אַ העכסט־דעקאַדענטישע].

בעל־הבית [מיט איין אונטערערדישער שטים, ווי פון קבר]. וואָס טהוט מען?

בעל־הבית'טע [ווישט־אויס די אויגען]. קודם ז'אַרף מען נעמען דעם בעזעם און אויפראַמען דעם הקדש... [נעמט דעם בעזעם און קעהרט].

בעזעם [צום גאַנץ ביסעל מיסט]. נו? היינט זעהט איהר שוין? אַז גאָט וויל, שיסט אַ בעזעם!...

פאַרהאַנג.

# דריי קעפּלעך

---

I

א פּעז פון א שרייבער זאָל זיין א פּענזעל פון א מאָהלער, אָדער, ווענינסטענס, איין אַפּאַראַט פון א פאָטאָגראַף, וואָלט איך דיר, פריינט, געטראָגען א מתנה, א בילד לכבוד שבועות, א זעלטענע גרופּע: דריי יונגע, שענע, פּרעכטיגע קעפּלעך פון דריי אָרעמע, נאַקעטע, באָרוועסע אידישע קינדער. אַלע דריי קעפּלעך זענען שוואַרץ, די הערלעך געקרייזעלט, די אויגלעך גרויסע, גלאַנצענדיגע, ברענענדיגע, און גלייך ווי פאַרוואונדערט קוקען זיי אויף אייך און פרעגען ביי דער וועלט א קשיה: למאי? איהר קוקט אויף זיי און איהר באַוואונדערט זיי, און איהר פיהלט זיך קעגען זיי, ווי פאַרזינדיגט, גלייך ווי איהר זענט טאַקי שולדיג אין דעם, וואָס מע האָט זיי באַשאַפען — באַשאַפען נאָך דריי איבעריגע נפשות אויף דער וועלט!...

די דריי שענע קעפּלעך — אַבראַמטשיק, מאָיסייטשיק און דבורה'קע — זענען צוויי ברידער מיט א קליין שוועסטערל. אַבראַמטשיק און מאָיסייטשיק — דאָס האָט זיי דער פאָטער, פייסי דער איינבינדער, אַזוי פאַרצויגען, אויפ'ן רוסישען שטייגער. ער זאָל זיך ניט שעמען פאַר זיין ווייב פעסי און ער זאָל נישט זיין אַזאַ ביטערער אָרעמאַן, וואָלט ער זיך אַליין אויך איבער-געמאַכט דעם נאָמען פון „פייסי דעם איינבינדער” אויף „פּעטי

פערעפּליאָטשיק". נאָר אַזוי ווי ער האָט אַ ביסעל מורא פאַר זיין ווייב פּעסי און אַזוי ווי ער איז, נישט דאָ געדאַכט, אַ גרויסער אביון, איז ער דערווייל פּאַרבליבען ביי'ם אַלטען נאָמען „פּייסי דער איינבינדער", ביז ס'וועט קומען אַמאָל די גוטע צייט, יענע גליקליכע צייט, ווען עס וועט אַלסדינג ווערען אַנדערש, אַזוי ווי בעבעל זאָגט, און אַזוי ווי קאַרל מאַרקס זאָגט, און אַזוי ווי אַלע גוטע קלוגע לייט זאָגען — דעמאָלט, אָ, דעמאָלט וועט אַלסדינג אַנדערש זיין!... נאָר ביז די גוטע גליקליכע צייט וועט אַמאָל קומען, מוז מען דערווייל שטעהן פון פאַור ביז שפּעט אין דער נאַכט און שניידען קאַרטאָן־פּאַפּיער, און קלעפּען קעסטעלעך, שאַכטלען... און פּייסי דער איינבינדער שטעהט דעם גאַנצען טאָג אויף די פיס און שניידט קאַרטאָן־פּאַפּיער, און קלעפּט שאַכטלען, און זינגט בעת מעשה אַלטע און נייע אידישע און נישט־אידישע לידעלעך, צום מייסטען פריילעך־טרויעריגע, מיט אַ פריילעך־טרויעריגען ניגון.

— טאָמער װאָלסט דו אויפגעהערט אַמאָל דיינע גויישע לידעלעך? אַ מענטש האָט זיך עס אַ ביסעל פאַרליעבט אין גויים! זינט מע איז אַרוים אין דער גרויסער שטאָדט, איז ער געוואָרען אַ גאַנצער גוי, משטיינס געזאָגט!...

II

אַלע דריי, אַבראַמטשיק, מאָיסייטשיק און דבורה'קע, זענען געבוירען און געוואַקסען אַלע אויף איין אָרט — צווישען וואַנט און צווישען אויוועז. אַלע דריי זעהען פאַר זיך אַלע טאָג איינס און דאָס זעלבע: דעם פריילעכען טאַטען, וואָס שניידט קאַרטאָן, קלעפּט שאַכטלען און זינגט ניגונים, און די פאַרזאָרגטע אויס־געטריקענטע מאַמע, וואָס קאָכט און באַקט און קעהרט און רוימט, און איז קיינמאָל נישט פאַרטיג. ביידע זענען זיי שטענדיג אין דער אַרבייט: די מאַמע ביי'ם אויוועז, דער טאַטע ביי די

שאָכטלען. אויף וואָס דאַרף מען אַזוי פיעל שאָכטלען? ווער דאַרף עס אַזוי פיעל שאָכטלען? אפנים, אַז די גאַנצע וועלט איז פול מיט שאָכטלען?... אַזוי טראַכטען זיך די דריי שענע קעפּלעך און קוקען שוין אַרויס, אַז ביי'ם טאַטען זאָלען זיך שוין אָנקלייבען אַ סך, אַ סך שאָכטלען און ער זאָל זיי נעמען אַלע אויפ'ן קאָפּ און אין ביידע הענט — אפשר טויזענט שאָכטלען — און זאָל מיט זיי אַרויסגעהן אין מאַרק אַריין און קומען צוריק אָהן שאָכטלען, נאָר מיט געלט פאַר דער מאַמע און מיט בולקעלעך, בייגעלעך אָדער צוקערקעס פאַר די קינדער... אַ גוטער, אוי, אַ גוטער טאַטע ביי זיי, אַ גאָלד! די מאַמע איז אויך אַ גוטע, נאָר אַ בייזע. מע חאַפּט פון איהר אָפט אַ זעץ, אַ שטורך אין זייט, אַ דרעה פאַר די אויהערען. זי האָט פיינט, אַז מע מאַכט איהר אָן אַ „הקדש". זי וויל נישט, אַז די קינדער זאָלען זיך שפּיעלען אין „טאַטע־מאַמע". זי וויל נישט, אַז אַבראַמטשיק זאָל שניידען די אָראָפּגעפאַלענע שטיקלעך קאַרטאָן, אַז מאָיסייטשיק זאָל גנבה'נען פּאַפּ ביי'ם טאַטען און אַז דבורה'קע זאָל באַקען ברויט פון זאַמד מיט וואַסער. די מאַמע וויל, אַז די קינדער זאָלען זיצען שטיל, סטאַטעטשנע. די מאַמע ווייסט נישט, אפנים, אַז יונגע קעפּלעך אַרבייטען, אַז יונגע נשמות רייסען זיך, רייסען זיך, רייסען זיך — וואוהין?... אין דרויסען! צום ליכט! צום פענסטער! צום פענסטער!

III

סך־הכל איין פענסטער, איין שטיקעל פענסטער. אַלע דריי קעפּלעך שלאָגען זיך פאַר'ן שטיקעל פענסטער. און וואָס זעהט מען דאָרט? אַ וואַנט. אַ הויכע, אַ ברייטע, אַ גרויע, אַ נאַסע וואַנט. שטענדיג, אייביג איז זי נאַס. אפילו זומער!... קומט אַמאָל אַהער די זון? געוויס קומט אַמאָל אַהער די זון. דאָס הייסט, נישט די זון אַליין, נאָר אַ שיין פון דער זון. און דעמאָלט איז אַ יום־טוב. אַלע דריי שענע קעפּלעך שפּאַרען זיך צום שטיקעל

פענסטער, קוקען ארויף, גאנץ אויבען, און זעהען א לאנגען שמאָלען בלויען פאַס, ווי א לאנגע בלויע סטענגע.

— אָ ! זעהט איהר, קינדער ? אָט דאָס איז הימעל !

אזוי זאָגט אבראמטשיק. אבראמטשיק ווייסט. אבראמטשיק געהט אין חדר. ער לערענט שוין קמץ־אלף. דער חדר איז טאקי דאָ נישט ווייט, די צווייטע שטוב, דאָס הייסט, די צווייטע טיר. אך ! וואָס אבראמטשיק דערצעהלט זיך אָן פאר חידושים פונ'ם חדר ! אבראמטשיק דערצעהלט, אז ער האָט אליין געזעהען, ער זאָל אזוי זעהען אלדאָס גוטס, א גרויסען מויער פון סאמע פענסטער פון אויבען ביז אראָפּ. אבראמטשיק שווערט, אז ער האָט אליין געזעהען, ער זאָל אזוי זעהען אלדאָס גוטס, א קוימען, א הויכען קוימען, און פונ'ם קוימען געהט א רויך. אבראמטשיק דערצעהלט, אז ער האָט אליין געזעהען, ער זאָל אזוי זעהען אלדאָס גוטס, א מאשינע, וואָס מע נעהט אויף איהר אָהן הענט. אבראמטשיק דערצעהלט, אז ער האָט אליין געזעהען, ער זאָל אזוי זעהען אלדאָס גוטס, א וואָגען, וואָס פאָהרט אָהן פערד. און נאָך אזעלכע נסים ונפלאות דערצעהלט זיי אבראמטשיק פונ'ם חדר, און שווערט זיך, ווי די מאמע שווערט זיך — ער זאָל אזוי זעהען אלדאָס גוטס... און מאָיסייטשיק און דבורה'קע הערען איהם און זיפצען און זענען איהם מקנא, וואָס אלסדינג ווייסט אבראמטשיק, אלסדינג !

למשל, אבראמטשיק ווייסט, אז א בוים וואכסט. אמת, ער אליין האָט נאָך, גלייך מיט זיי, קיינמאָל נישט געזעהען, ווי אזוי עס וואכסט א בוים. נישטאָ קיין בוימער אויף דער גאס. נישטאָ ! ער ווייסט אָבער (אין חדר האָט ער עס געהערט), אז אויף א בוים וואכסען פירות — און דערפאר מאכט מען אויף א פרי „בורא פרי העץ". אבראמטשיק ווייסט (וואָס ווייסט ער דען נישט ?), אז קארטאָפלים, למשל, אָדער אוגערקעס, אָדער ציבעלעס, אָדער קנאָבעל וואכסען אויף דער ערד — און דערפאר מאכען מיר אויף זיי „בורא פרי אדמה". אלסדינג ווייסט אבראמטשיק ! ער ווייסט נאָר נישט, וואו און ווי אזוי דאָס וואכסט, וואָרום ער

האָט דאָס נאָך, גלייך מיט זיי, קיינמאָל נישט געזעהען, וואָרום אויף זייער גאַס איז נישטאָ קיין פעלד, נישטאָ קיין גאָרטען, נישטאָ קיין בוימער, נישטאָ קיין גרעזעל — נישטאָ! נישטאָ! אויף זייער גאַס זענען דאָ גרויסע מויערען, גרויע ווענט, הויכע קוימענס, וואָס סע געהט פון זיי אַ רויך, און פענסטערלעך אַ סך אין יעדען גרויסען מויער, טויזענטער, טויזענטער פענסטערלעך, און מאַשינעס וואָס נעהען אָהן הענט, און וואַגענס, וואָס פאָהרען אָהן פערד — און ווייטער גאָרנישט! גאָרנישט!

אפילו אַ פויגעלע זעהט מען דאָ זעלטען. עס פאַרבלאָנזעט אמאָל אהער אַ וואָראָבייטשיק, איז ער גרוי, אַזוי ווי די גרויע וואַנט. פּיק־פּיק די גרויע שטיינער, הויבט זיך אויף און פליהט אוועק... פון עופות זעהען זיי אמאָל אויף שבת אַ פערטעל עוף מיט אַ בלאַס אויסגעצויגען פיסעל. וויפיעל פיסלעך האָט איין עוף? — זעלבסטפאַרשטענדליך, פיער! עלעהיי אַ פערד! אַזוי פּסקנ'ט דער עלטערער, אַבראַמטשיק, און אַבראַמטשיק ווייסט דאָך אַלץ!... אמאָל ברענגט די מאַמע פונ'ם מאַרק אַ קעפּעל פון איין עוף מיט אַרויסגעגלאָצטע אויגעלעך, איבערגעצויגען מיט אַ דין וויים הייטעל. „ס'איז טוידט" — זאָגט דער עלטערער, אַבראַמ־טשיק, און אַלע דריי קעפּלעך קוקען איינס אויפ'ן אַנדערע מיט גרויסע שוואַרצע אויגען און זיפצען... געבוירען און אויפגעצויגען געוואָרען אין דער גרויסער שטאָדט, אינ'ם גרויסען מויער, אין גרויסער ענגשאַפט, עלענד און אַרמוט, האָבען אַלע דריי קינדער קיינמאָל נאָך נישט געהאַט קיין געלעגענהייט צו זעהען פאַר זיך לעבעדיגערהייט נישט קיין עוף, נישט קיין חיה, נישט קיין בהמה, אויסער אַ קאַץ. אַ קאַץ האָבען זיי איין אייגענע, אַ לעבעדיגע, אַ גרויע קאַץ, גרוי ווי די גרויסע גרויע נאַסע וואַנט. די קאַץ איז זייער גאַנץ פאַרגעניגען. מיט דער קאַץ שפּיעלען זיי זיך שעה'ן־לאַנג, טהוען איהר אָן אַ פּעטשיילע אויפ'ן קאָפּ, רופען זי „מחותּנת'טע" און לאַכען, לאַכען, לאַכען אָהן אַ שיעור! דער־זעהט די מאַמע און טיילט זיי איין: שענקט זיי — דעם אַ זעץ,

דעם אַ שטורך אין זייט, דעם אַ דרעה בײַ'ם אויהער. די קינדער צעגעהען זיך אויף זייערע ערטער, הינטער'ן אויוועז. דער עלטערער, אַבראַמטשיק, דערצעהלט עפּיס, און די קלענערע, מאָיסייטשיק און דבורה'קע, האָרכען. קוקען אויף זייער עלטערען ברודערעל מיט גרויסע אויגען און האָרכען. אַבראַמטשיק זאָגט, אַז די מאַמע איז נערעכט. אַבראַמטשיק זאָגט, אַז מיט אַ קאַץ טאָר מען זיך נישט שפּיעלען, ווייל אַ קאַץ איז אַ טמא זאַך און אַ מזיק. אַלסדינג ווייסט אַבראַמטשיק, אַלסדינג! ס'איז דען דאָ אַ זאַך אויף דער וועלט, וואָס אַבראַמטשיק זאָל נישט ויסען?

IV

אַלסדינג ווייסט אַבראַמטשיק. אַבראַמטשיק ווייסט, אַז ס'איז דאָ אַ לאַנד, אַ ווייט לאַנד, זעהר אַ ווייט לאַנד, וואָס מע רופט דאָס אַמעריקע. דאָרט, אין דעם אַמעריקע, האָבען זיי פריינט אַ סך און באַקאַנטע. דאָרט, אין דעם אַמעריקע, איז אידען, קיין עין־הרע, גוט און פריילוך. אַהינצו, אין דעם אַמעריקע, וועלען זיי אריבערפאָהרען, אם ירצה השם, איבער־אַ־יאָהר, אַז זיי וועלען באַקומען פון דאָרטען שיפסקאַרטען. אָהן שיפסקאַרטען קאָן מען אין אַמעריקע נישט פאָהרען, ווייל ס'איז אַ ים און אויפ'ן ים איז אַ שטורעמווינט און עס ווארפט מיט סכנת־נפשות — אַלסדינג ווייסט אַבראַמטשיק!

אַלסדינג! אפילו וואָס אויף יענער וועלט טהוט זיך. למשל, ער ווייסט, אַז אויף יענער וועלט איז דאָ אַ גן־עדן, פון אידענ'ס־וועגען, געוועהנליך. אין גן־עדן איז דאָ בוימער אַ סך מיט די שענסטע פירות. טייכען, וואָס פליסען בוימעהל, דימענטען און ברילאַנטען וואַלגערען זיך אין די גאַסען. בויג זיך אָן, נעם און שטופ אָן פולע קעשענעס. און עהרליכע אידען זיצען דאָרטען טאָג ווי נאַכט און לערנען און האָבען הנאה פון דער שכינה...

אַזוי דערצעהלט אַבּראַמטשיק. און בּיי מאָיסייטשיקען און בּיי דבורה'קען בּרענען די אויגלעך, און זיי זענען מקנא זייער על־טערען בּרודערל, וואָס ער ווייסט אַלסדינג. אַלסדינג ווייסט ער! אַפילו וואָס אויפ'ן הימעל טהוט זיך. אַבּראַמטשיק שווערט, אַז צוויי מאָל אין יאָהר: הושענא־רבה אויף דער נאַכט און שבועות אויף דער נאַכט, שפּאַלט זיך דער הימעל. אמת, ער אַליין האָט נאָך קיינמאָל נישט געזעהען, ווי דער הימעל שפּאַלט זיך, ווייל ס'איז נישטאָ בּיי זיי קיין הימעל. דערפאַר האָבּען אָבּער זיינע חברים געזעהען. זיי שווערען, אַז זיי האָבּען אַליין געזעהען, זיי זאָלען אַזוי זעהען אַלדאָס גוטס. זיי ווילען דאָך נישט שווערען אויף אַ ליגען. ווי טאָר מען שווערען אויף אַ ליגען? איין עבירה, וואָס בּיי זיי אויף דער גאַס איז נישטאָ קיין הימעל. ס'איז דאָ אַ לאַנגער שמאָלער בּלויער פּאַס, ווי אַ לאַנגע שמאָלע בּלויע סטענגע. וואָס קאָן מען אין אַזאַ שטיקעל הימעל זעהען, אַ חוץ צוויי דריי קליינע שטערענדלעך מיט איין אָפּשיין פון דער לבנה?... און בּכדי צו איבּערצייגען זיין יונגערען בּרודער מאָיסייטשיק און זיין קליין שוועסטערל דבורה'קע, אַז סע שפּאַלט זיך דער הימעל, געהט אַבּראַמטשיק צו דער מאַמע, שלעפּט זי פאַר'ן קליידעל:

— מאַמע! איאָ, היינט שבועות אַרום האַלבּע נאַכט שפּאַלט זיך דער הימעל?

— דעם קאָפּ וועל איך דיר שפּאַלטען!

געחאַפּט אַ מיאוס'ען פּסק פון דער מאַמע, וואַרט אַבּראַמטשיק אויפ'ן טאַטען. דער טאַטע איז אַוועק אין מאַרק מיט אַ גאַנצען אוצר שאַכטלען.

— קינדער! אַנו, טרעפט, וואָס וועט היינט דער טאַטע בּרענגען אַ מתנה פונ'ם מאַרק?

אַזוי זאָגט אַבּראַמטשיק, און די קינדער הויבּען אָן טרעפען, וואָס וועט דער טאַטע זיי בּרענגען אַ מתנה פונ'ם מאַרק. זיי רעכענען־אויס אויף די פינגער אַלסדינג, וואָס ס'איז דאָ אין מאַרק, אַלסדינג, וואָס אַ מענטשענ'ס אויג קאָן זעהען און וואָס אַ מענ־

טשענ׳ס האַרץ קאָן גלוסטען: בולקעלעך און בייגעלעך און צו־קערקעס — און קיינער האָט נישט געטראָפען. און איהר וועט, האָב איך מורא, אויך נישט טרעפען. פּייסי דער איינבּינדער האָט געבּראַכט צו טראָגען איצטיגס מאָל נישט קיין בולקעלעך, נישט קיין בייגעלעך, נישט קיין צוקערקעס. גראָז האָט ער געבּראַכט צו טראָגען, אַ פּאַק מיט גראָז. מאָדנע, לאַנגע, גרינע, שמעקענדיגע גראָזען.

און אַלע דריי שענע קעפּלעך, אַבּראַמטשיק, מאָיסייטשיק און דבורה׳קע, האָבען אַרומגערינגעלט דעם פּאָטער.

— טאַטע! וואָס איז דאָס, אָט דאָס אָ?

— דאָס איז גרינס.

— וואָס הייסט דאָס גרינס?

— גרינס אויף יום־טוב. אידען דאַרפען יום־טוב גרינס.

— וואו נעמט מען דאָס, טאַטע?

— וואו מע נעמט דאָס? המ... אין מאַרק קויפט מען דאָס, אין מאַרק...

אַזוי זאָגט דער טאַטע, און ער צעוואַרפט דאָס גרינע שמע־קענדיגע גראָז איבער דער נאַר־וואָס אויסגעקעהרטער שטוב, און ער קוועלט, וואָס ס׳איז גרין און סע שמעקט, און ער זאָגט צו דער מאַמע פריילידָ, ווי זיין שטייגער איז:

— פּעסי, אַ גוט יום־טוב דיר!

— מזל טוב, אַ נייער הקדש! די ממזרים זיינע וועלען שוין האָבען וואָס צו מיסטיגען!...

אַזוי ענטפערט איהם די מאַמע, נישט צופריעדען, ווי אַלע מאָל, און שענקט, ווי אַלע מאָל, די קינדער — דעם אַ זעץ, דעם אַ שטורך אין זייט, דעם אַ דרעה בּיי׳ם אויהער. אַ מאָדנע מאַמע בּיי זיי! קיינמאָל איז זי נישט צופריעדען, תּמיד פאַראומערט־שטענדיג פאַרזאָרגט, פּונקט דער היפּך פונ׳ם טאַטען!

און די דריי שענע קעפּלעך קוקען אויף דער מאַמע, קוקען אויפ׳ן טאַטען, קוקען איינס אויף דאָס אַנדערע. און אַז טאַטע־

מאַמע קערעווען זיך אָפּ אַ ווײַלע אויף אַ זײַט, טהוען זיי זיך אַ וואָרף אַלע דריי אויף דער ערד, פּאַלען־צו מיט'ן פּנים צום שמע־קענדיגען גראָז, קושען דאָס שמעקענדיגע גראָז, וואָס מע רופט דאָס גרינס, און וואָס אידען דאַרפען דאָס אויף יום־טוב, און וואָס מע קויפט דאָס אין מאַרק...

אַלסדינג איז דאָ אין מאַרק, אפילו גרינס. אַלסדינג קויפט דער טאַטע. אַלסדינג דאַרפען אידען און אַלסדינג האָבען אידען. אפילו גרינס! אפילו גרינס!...

# גזלנים

אײן אויסערגעװעהנליכע, נאר אײן אמת'ע מעשה פונ'ם חדר, װי אזוי תלמידים האבען זיך אפגערעכענט מיט א רבין. דערצעהלט לכבוד ל"ג-בעומר.

געשריבען אין יאהר 1909.

# גַזְלָנִים

א.

— ער פּאָפּט נאָך?

— נאָך אַ מין פּאָפּען!

— טפו זאָל ער ווערען!

— וועקט איהם אויף! וועקט איהם אויף!

— לייב־דרייב־אַבדיריק!

— שטעה־אויף, מיין פויגעלע!

— עפען־אויף דיין אויגעלע!

קוים וואָס איך רייס דורך די אויגען, הויב אויף דעם קאָפּ, קוק מיך ארום אויף אַלע זייטען און דערזעה אַ גאַנצע חאַליאַסטרע ווייסע־חברה'ניקעס, מיינע חברים פונ'ם חדר. דאָס פענסטער איז אָפען, און צוזאַמען מיט זייערע גלאַנצענדיגע אויגלעך רייסען זיך אריין מיט אַ פרייד און מיט אַ געלעכטער די ערשטע שטראַהלען פון דער ליכטיגער ווארעמער פריהמאָרגענדיגער זון. איך קוק מיך ארום אויף אַלע זייטען.

— זעהט נאָר, ווי ער קוקט!

— ווי אַ זינדיגער מענטש!

— האָסט אונז נישט דערקענט?

— האָסט פארגעסען, אז מיר האָבען היינט ל"ג־בעומר?

אך! ל״ג־בעומר?... ווי א בליץ פליהט־דורך דאָס וואָרט איבער אַלע מיינע אברים. עס טהוט מיך אַ בריה און אַ טראָג־אויף פון בעט. אין איין כהרף־עין בין איך אויף די פיס. נאָך אַ מינוט — בין איך איין אָנגעטהאָנענער, איין איינגעוואשענער, אַ פארטיגער, און זוך אויף די מאמע. זי איז פארטראָגען מיט'ן אָנ־בייסען און מיט די קלענערע קינדער.

— מאמע, היינט איז ל״ג־בעומר.

— אַ גוט יום־טוב דיר. וואָס זשע ווילסט דו?

— זאָלסט מיר געבען צושטייער אויף דער סעודה.

— וואָס זאָל איך דיר געבען? מיינע צרות? צי מיינע וועהטיגען?

אַזוי זאָגט צו מיר די מאמע און איז גרייט פון דעסטוועגען מיר געבען צושטייער אויף דער סעודה. מיר דינגען זיך אפילו: איך וויל וואָס מעהר; זי גיט מיר וואָס ווינציגער. איך וויל צוויי אייער; זאָגט זי: אַ קרענק אין די ביינער. הויב איך אָן מיט בייזען; שענקט זי מיר צוויי פעטש. וויין איך; בעט זי מיך איבער מיט איין עפעל. וויל איך אַ מאראַנץ; זאָגט זי: „טרפה'נער האלז, וואָס נאָך ווערסט דו אויסטראכטען?"

און מיינע חברים פון יענער זייט פענסטער זעצען די נשמה:

— ווערסט אמאָל געהן, צי ניין?

— לייב־דרייב־אַבדיריק!

— דער טאָג שטעהט נישט!

— גיכער! גיכער!

— ווי אַ וויכער!

מיט גרויסע צרות קום איך דורך מיט דער מאמע, חאַפּ דעם אָנבייסען מיט מיין חלק צושטייער אויף דער סעודה און לויף־ארויס, אַ פרישער, אַ לעבעדיגער, אַ פריילי‌כער, צו מיינע חברים, אין ליכטיגען ווארעמען אינדרויסען ארויס, און אַלע אינאיינעם לאָזען מיר זיך בארג־אראָפּ אין חדר אריין.

ב.

אין חדר איז אַ טומעל, אַ יריד, אַ געשריי ביז'ן הימעל. צוויי צעהנדליג העלזער רעדען אַלע אויף איין מאָל. דער טיש איז פול מיט כל־טוב. אַזאַ סעודה, ווי היינטיגען ל"ג־בעומר, האָבען מיר נאָך נישט געהאַט קיינמאָל נישט. אַ סעודה מיט בראָנפען און מיט וויין. דאָס האָבען מיר צו פאַרדאַנקען אונזער חבר בערעל יאָסעל דעם וויינער'ס. אַ פלעשעל בראָנפען האָט ער געבראַכט צו טראָגען, גוטען בראָנפען. און צוויי פלעשלעך וויין האָט ער אויך געבראַכט צו טראָגען, אמת'ען וויין, ווימאָראָזיג, יאָסעל דעם וויינער'ס אייגענע ארבייט. דעם בראָנפען — דאָס האָט איהם דער טאַטע געגעבען, און די צוויי פלעשלעך וויין האָט ער אַליין גענומען.

— וואָס הייסט, אַליין גענומען?

— וואָס פאַרשטעהסט דו נישט, גויישער קאָפּ? גענומען פון דער פּאָליצע שטילערהייט, אַז קיינער זאָל נישט זעהען.

— סטייטש! הייסט דאָך עס גע'גנבה'ט?

— חכם בלילה! נו, איז וואָס?

— וואָס הייסט, איז וואָס? נו, און „לא תגנוב"?

— צוליעב דער יום־טוב'דיגער סעודה, בהמה!

— איז אַ מצוה גנבה'נען?

— אודאי! וואָס זאָגט איהר אויף דעם חכם פון דער מה־נשתנה?

— וואו שטעהט עס?

— ער וויל, איהר זאָלט איהם זאָגען, וואו סע שטעהט?

— זאָג איהם, אַז סע שטעהט אין ספר פראַלניק.

— אין פּרק „ויקח".

— דף למד בים־באָם!

— ראש־חודש קרעמעניץ.

— חאַ־חאַ־חאַ!

— שאַט, קינדער, מאַזעפּע געהט!

מיט א מאָל ווערט שטיל, ווי צו דער שטילער שמונה־עשרה. אַלע זיצען מיר אַרום טיש, ווי די סטאַטקעס, ווי די נעבאַכלעך, שטילע, גאָלדענע קינדער, קאָנען קיין צוויי נישט צעהלען, גאָט די נשמה שולדיג.

ג.

מאַזעפּע — אַזוי הייסט דער רבי אונזערער. דאָס הייסט, דער אמת'ער נאָמען זיינער איז גאָר ברוך־משה, נאָר מחמת ער איז אַראָפּגעקומען צו אונז נישט לאַנג פון מאַזעפּעווקע, האָט איהם די שטאָדט א נאָמען געגעבען „דער מאַזעפּעווקער", און מיר, חדר־יונגלעך, האָבען איהם פאַרקירצט, און ס'איז געוואָרען פון „מאַזע־פּעווקער" — „מאַזעפּע". איבעריגענס, תּלמידים, אַז זיי קרוינען א רבין מיט אַזאַ שענעם נאָמען, האָט ער דאָס מסתּמא כּשר פאַר־דיענט. לאָם איך איהם פאָרשטעלען:

א קליינס, א טרוקענס, א דאַרס, א פּאַרזעהעניש. איהר זאָלט זאָגען — א סימן פון א באָרד, צי פון וואָנסים, צי פון ברעמען. נישט, חלילה, מחמת ער גאָלט זיי, נאָר גלאַט אַזוי, זיי ווילען נישט וואַכסען. זיי האָבען זיך אָנגעערדט. דערפאַר אָבער האָט ער א פּאָר ליפּען, און א נאָז — אַי, א נאָז! א קוילעטש, א האָרן, א שופר. און א קול האָט ער, ווי א גלאָק, א שאגת ארי, ברומט ווי א לייב! פון וואַנען נעמט זיך צו אַזאַ מין באַשעפעניש אַזאַ מורא'דיגע געמבע? און כּח וואו נעמט זיך צו איהם אַזוי פיעל? אַז ער נעמט אייך אָן מיט די דאַרע קאַלטע פינגער ביי דער האַנט, דערזעהט איהר יענע וועלט, און אַז ער לאָזט אייך אַראָפּ א פּאַטש, פיהלט איהר איהם דריי מעת־לעת דורכאַנאַנד. לאַנג שמועסען מיט אייך האָט ער פיינט. פאַר דער מינדסטער זאַך, שולדיג, נישט שולדיג, איז ביי איהם איין משפּט: לעג זיך!

— רבי! יאָסעל־יעקב־יאָסעל'ס האָט מיר א זעץ געטהאָן.

— לעג זיך!

— רבי, ס'א ליגעז! ער האָט מיר פריהער דערלאַנגט מיט'ן פוס גלייך אין זייט אריין.

— לעג זיך!

— רבי! חיים־בערעל־לאַפּעס האָט מיר ארויסגעשטעלט א צונג.

— לעג זיך!

— רבי, שקר וכזב! אדרבה, ער האָט מיר געשטעלט א פייג.

— לעג זיך!

און איהר מוזט זיך לעגען. עס וועט אייך נישט העלפען קיין זאַך. אפילו אלי דער רויטער, וואָס איז שוין א בר־מצוה־יונגעל, און א חתן, און טראָגט א זילבערנעם זייגער — נו, מיינט איהר, אז ער ווערט נישט געשמיסען? אָהאָ, נאָך א מין! אלי זאָגט: אז אָט דאָס שמייסען, וואָס ער שמייסט זיך, וועט איהם אויס־פאַלען באָקאָם. ער וועט זיך מיט איהם אמאָל, זאָגט ער, אָפּ־רעכענען, מיט מאַזעפּען, אזוי, אז ער וועט איהם, זאָגט ער, האָבען צו געדענקען אויף קינד'ס־קינדער! — אזוי זאָגט אונז אלי אלע מאָל נאָך די שמיץ, און מיר גיבען איהם צו:

— אָמן הלואי, פון דיין מויל אין גאָט'ס אויהערען.

## ד.

אָפּגעדאַווענט מיט'ן רבין, ווי דער שטייגער איז (אליין דאַוונען לאָזט ער אונז נישט; ער ווייסט, אז אָהן איהם וועלען מיר העכער האַלב איבערהיפּען), רופט זיך אָן צו אונז מאַזעפּע מיט זיין לייבען־שטימע:

— נו, קינדער, אצינד וואַשט אייך און זעצט אייך צו דער סעודה, און נאָכ'ן בענטשען וועל איך אייך לאָזען פריי אויפ'ן שפּאַציער.

מיר זענען אפילו געוואוינט ל"ג־בעומר צו מאכען די סעודה אויף יענער זייט שטאָדט, אויף דער פרייער לופט, אויף דער

הוילער ערד, אונטער גאָט'ס הימעל, וואַרפֿען די פֿויגעלעך ברעקלעך ברויט, לאָזען זיי אויך וויסען, אַז ס'איז ל"ג־בעומר אויף דער וועלט. נאָר מיט מאַזעפּע מאַכט מען נישט קיין לאַנגע מחזקות. מאַזעפּע, אַז ער זאָגט: „זעץ דיך" — דאַרף מען זיך זעצען, אַניט — קאָן ער הייסען זיך לעגען...

— ברוכים היושבים! — זאָגט אונז דער רבי נאָכדעם, ווי מיר האָבען געמאַכט המוציא.

— קומט מיט עסען! — זאָגען מיר איהם פֿון יוצא וועגען.

— עסט געזונט! — מאַכט ער צו אונז. — עסען וויל איך נאָך נישט, נאָר „שהכל נהיה בדברו" וואָלט איך, מהיכא־תיתי, אפשר מאַכען. וואָס איז דאָס ביי אייך דאָרטען אין פֿלעשעל? בראָנפֿען? — זאָגט ער און ציהט אויס די טרוקענע האַנט מיט די דאַרע פֿינגער צום פֿלעשעל בראָנפֿען און גיסט זיך אָן אַ גלעזעל, פֿאַרזוכט און פֿאַרקרימט זיך מיט די ליפּען אַזוי, אַז מיר זענען שטאַרקער פֿון אייזען, וואָס מיר שיסען נישט אויס קיין געלעכטער.

— ווער מען'ס איז דאָס אַזאַ האַרבע זאַך? — פֿרעגט ער און נעמט נאָך אַ ביסעל. — נישט קיין שלעכט ביסעל משקה, כלעבען. — און נעמט נאָך אַ ביסעל און טרינקט צו אונז לחיים.

— לחיים, קינדער, גאָט זאָל געבען, מיר זאָלען דערלעבען איבער־אַ־יאָהר און... און... און נישטאָ ביי אייך, וואָס צו איבער־חאַפּען, פֿאַרבייסען? מילא, איך וועל זיך שוין וואַשען און לכבוד ל"ג־בעומר שוין מיט אייך אינאיינעם עפּיס צובייסען...

וואָס איז דאָס געוואָרען מיט אונזער רבין? גאָר נישט דער מאַזעפּע! אויפֿגעלעגט, באַרעדעוודיג, די בעקלעך פֿאַרצוויקעלט, די נאָז רויט און די אויגען גלאַנצען. ער קייעט און רעדט און ווייזט אויף די פֿלעשלעך ווימאַראָזיג.

— וואָס איז דאָס דאָרט ביי אייך פֿאַר אַ ווייַן? פּסח'יגער, אַפּנים? (ער פֿאַרזוכט, ציהט־אויס די ליפּען). פּססס! איין חריפות אין דער וועלט! (טרינקט). שוין לאַנג נישט געטרונקען

אזא וויין, כלעבען! (צו יאָסעל דעם וויינער'ס זוהן מיט א גע־לעכטערל). א רוח אין דיין טאטענ'ס קעלער אריין, חע־חע! פארהאן ביי איהם, האָב איך געזעהען, פעסלעך, אָהן א שיעור פעסלעך, על הגפן ועל פרי הגפן, און דוקא פון ריינע ראָזינקעס, חע־חע! לחיים, קינדער!... לאָז גאָט געבען, איהר זאָלט זיין עהרליכע פרומע אידען און איהר זאָלט... איהר זאָלט... אויפ־עפענען דאָס צווייטע פלעשעל... נעמט צו קאפלעך, פאר וואָס נעמט איהר נישט? און טרינקט לחיים. לאָז גאָט געבען, אז... (ער באלעקט זיך און די אויגען קלעפען זיך איהם). אז... אז... אלדאָס גוטס מיט כל ישראל...

### ח.

אָפּגעגעסען און אָפּגעבענטשט מזומן, רופט זיך אָן צו אונז מאזעפע און די צונג בעת־מעשה פּלאָנטעט זיך ביי איהם:

— האָבען מיר, הייסט עס, מקיים געווען, הא? די מצוה פון סעודת ל"ג־בעומר. נו, און ווייטער? הא?

— ווייטער וועלען מיר געהן אויפ'ן שפּאציער.

— הא? אויפ'ן שפּאציער? אויסגעצייכענט. למשל, וואוהין?

— אין שווארצען וועלדעל אריין.

— הא? אין שווארצען וועלדעל? אויסגעצייכענט גוט! איך געה אויך מיט אייך. אין א וואלד שפּאציערען געהן איז זעהר גוט, זעהר געזונט, מחמת א וואלד... הא? אָט וועל איך אייך געבען צו פארשטעהן דעם שכל פון א וואלד...

און מיר לאָזען זיך געהן אלע מיט'ן רבין הינטער דער שטאָדט. תחילת איז אונז א ביסעל פריקרע, וואָס דער רבי געהט מיט אונז. נאָר פּתח שין — שאַ! און דער רבי געהט אין מיטען, מאכט מיט די הענט און גיט אונז צו פארשטעהן דעם שכל פון וואלד:

— די טבע פון וואַלד, פאַרשטעהט איהר מיך, דאָס הייסט, דער אויבערשטער האָט איהם שוין אַזוי באַשאַפען, אַז ער זאָל זיין פול מיט בוימער, און אויף זיי, אויף די בוימער הייסט דאָס, זאָלען זיין צווייגען, און די צווייגען זאָלען זיין באַוואַכסען מיט בלעטלעך, גרינע הייסט דאָס, און זיי זאָלען שמעקען, די בלעטלעך הייסט דאָס, ארויסלאָזען פון זיך אַ ריח־ניחוח, אַ געשמאַקען זענעפטיגען ריח...

און בעת־מעשה ציהט דער רבי מיט דער נאָז דעם געשמאַקען זענעפטיגען ריח, חאַטש מיר זענען נאָך ווייט פונ׳ם וואַלד, און דער ריח איז דערווייל נאָך עפּים נישט אַזוי געשמאַק און זענעפטיג...

— הא? וואָס שווייגט איהר? — מאַכט צו אונז דער רבי. — זאָגט עפּים אַ גוטע זאַך, זינגט עפּים אַ ליעדעל. הא? איך בין אויך געוועזען אַמאָל אַ יונגעל אַ קונדס, ווי איהר, חע־חע, אויך געהאַט אַ רבין, ווי איהר, חע־חע...

דאָס, וואָס מאַזעפּע איז געוועזען אַמאָל אַ קונדס, ווי מיר, און געהאַט אַ רבין, ווי מיר, קומט אונז אוים מאָדנע ווילד און כמעט שווער צו גלויבען: מאַזעפּע — אַ קונדס? ! מיר קוקען זיך איבער און חיחיקען שטילערהייט. מיר שטעלען זיך פאָר אַ בילד, ווי אַזוי אונזער רבי מאַזעפּע איז געוועזען אַמאָל אַ קונדס, געהאַט אַ רבין, און דער רבי פלעגט איהם... מיר האָבען גאָר מורא טראַכטען אַזאַ זאַך... נאָר איין אלי שטעלט זיך איין און גיט איהם אַ פרעג:

— רבי! אייער רבי פלעגט אויך אַזוי שמייסען, ווי איהר שמייסט אונז?

— הא? נאָך אַ מין שמייסען, חע־חע!

מיר קוקען אויפ׳ן רבין און איינם אויף דאָס אַנדערע, און מיר פאַרשטעהען זיך... מיר העלפען איהם לאַכען „חע־חע” אַזוי לאַנג, ביז מיר זענען שוין ווייט הינטער דער שטאָדט, אינ׳ם ברייטען פרייען פעלד, נישט ווייט פונ׳ם שוואַרצען וועלדעל.

ו.

אין פעלד איז מחיה, א גן־עדן. גרין שמעקענדיג גראָז. ווייסע קוווייטעלעך. געלע שפּרינקעלעך. גרינגע פליעגעלעך. און אויבען די בלויע יארמעלקע האָט זיך פארשפּרייט אָהן איין עק. און אַקעגען דער וואלד, אָנגעטהאָן יום־טוב׳דיג. און אויף די בוימער די פויגעלעך שפּרינגען פון איין צווייגעל אויפ׳ן אנדערען און פּיש־טשען. דאָס געבען זיי אונז אָפּ א ברוך־הבא, סקאָצעל קומט, באַ־גריסען אונז מיט׳ן ליעבען פרייען טאָג ל״ג־בעומר. מיר זוכען־אויס א שאָטען אונטער א געדיכטען בוים, א שוץ פון דער ברע־נענדיגער זון, און זעצען זיך אוים אַלע אויף דער ערד, און דער רבי אין מיטען.

דער רבי איז מיעד פונ׳ם וועג. ער טהוט א פאל־אנידער אויף דער ערד, ציהט זיך אוים מיט׳ן פּנים ארויף. די אויגען קלעפּען זיך איהם. די צונג קוים וואָס זי פּלאָנטעט:

— איהר זענט טייערע גאָלדענע קי־קינדער... אידישע קינדער... צדיקים... איך האָב אייך ליעב, און איהר האָט מיך ליעב... איאָ, איהר האָט מיך לי־ליעב?

— אזוי ווי אויגענוועהטיג! — ענטפערט איהם אלי.

— האָ? איך וויים, אז איהר האָט מיך לי־ליעב... — זאָגט איהם דער רבי.

— גאָט זאָל אייך אזוי ליעב האָבען! — זאָגט איהם אלי.

מיר ווערען דערציטערט און רופען זיך אָן צו אלין:

— גאָט איז מיט דיר!

— נאראָנים! — ענטפערט אונז אלי מיט א געלעכטער. — וואָס האָט איהר מורא? איהר זעהט דען נישט, אז ער איז בגילופין?...

— האָ? — זאָגט צו איהם דער רבי מיט איין אויג (דאָס אנדערע אויג שלאָפט שוין). — וואָס זאָגסט דו עפּים אזעלכעם?

צדיקים?... אַלע צדיקים... אדרבה... מהיכא־תיתי... דער שומר ישראל... חל־חל־חל... חררררססס...

און אונזער רבי ווערט אַנשלאָפּען געשמאַק, און זיין חראָפּען לאָזט זיך הערען פון זיין נאָז, ווי אַ קול פון אַ שופר, ווייט אין וואַלד אַריין. און מיר זיצען אַלע אַרום איהם און עס ווערט אונז סומנע אויף דער נשמה:

„אָט דאָס איז אונזער רבי? אָט דאָס איז דער, וואָס מיר ציטערען פאַר זיין קוק? אָט דאָס איז מאַזעפּע?"...

ז.

— קינדער! — מאַכט צו אונז אלי. — וואָס זיצען מיר, ווי די נאַפּודעלעס? לאָמיר עפּיס צוטראַכטען אַ שטראָף פאַר מאַזעפּען.

עס פאַלט־אָן אויף אונז אַ פחד.

— וואָס האָט איהר מורא, נאַראָנים? — זאָגט צו אונז נאָך אַ מאָל אלי. — איצטער איז ער געגליכען צו אַ מת, צו אַ בר־מינן.

מיר ווערען נאָך מעהר דערציטערט, און אלי דרש'ענט ווייטער:

— איצט קאָנען מיר מיט איהם טהון וואָס מיר ווילען. אַ גאַנצען ווינטער האָט ער אונז געשמיסען, ווי די שעפּסען. לאָמיר זיך האָטש איין מאָל אין איהם נוקם זיין.

— וואָס ווילסט דו איהם טהון?

— גאָרנישט. איך וויל איהם נאָר איבערשרעקען.

— מיט וואָס וועסט דו איהם איבערשרעקען?

— אָט וועט איהר באַלד זעהן. — זאָגט צו אונז אלי און שטעהט־אויף פון דער ערד און געהט־צו צום רבין און נעמט־אַראָפּ פון איהם דעם גאַרטעל און רופט זיך אָן צו אונז:

— זעהט איהר? אָט מיט זיין אייגענעם גאַרטעל װעלען מיר איהם צובינדען צום בוים אַזוי, אַז ער זאָל זיך אַליין נישט קאָנען אויפבינדען! נאָכדעם וועט איינער פון אונז צוגעהן צו איהם

נאָהענט און אריינשרייען איהם גלייך אין אויהער אריין: „רבי, גזלנים!"

— וואָס זשע וועט זיין?

— גאָרנישט. מיר וועלען אנטלויפען, און ער וועט שרייען „שמע-ישראל".

— ביז וואנען וועט ער שרייען?

— ביז ער וועט געוואוינט ווערען.

און נישט לאנג געטראכט, נעמט אלי דעם גארטעל און בינדט איהם א האנט אויף א האנט און ביידע הענט צום בוים, און מיר שטעהען און קוקען און א שוידער געהט אונז איבער איבער'ן לייב:

„אָט דאָס איז אונזער רבי? אָט דאָס איז דער, וואָס מיר ציטערען פאר זיין קוק? אָט דאָס איז מאפּעזע?"

— וואָס שטעהט איהר, ווי די לעהמענע גולמס? — זאָגט צו אונז אלי. — אז גאָט האָט אונז געטהאָן א נס און מאזעפּע איז ביי אונז אין די הענט, טאָ לאָמיר חאַפּען א טענצעל!

און מיר נעמען זיך אלע ביי די הענט און מיר דרעהען זיך, ווי די ווילדע מענטשען, ארום אונזער רבין, און טאנצען און שפּרינגען און זינגען, טאַקי נאָר ווי די משוגעים.

— עד כאן אומרים בשבת הגדול! — זאָגט אלי. און מיר שטעלען זיך אָפּ, און אלי געהט-צו צום רבין, בויגט זיך אָן איבער איהם גאַנץ נאָהענט און שרייט איהם אריין אין אויהער אריין הויך, אויף אזא קול, וואָס קאָן אויפוועקען א טוידטען:

— גוואלד! רבי! גזלנים! גזלנים!! גזלנים!!!...

## ח.

פייל אוים'ן בויגען לאָזען מיר זיך לויפען אלע, ווי איין מענטש, האָבען מורא זיך אָפּשטעלען אפילו אויף איין רגע, מורא אפילו א קוק טהון צוריק. א פּחד איז געפאלען אויף אונז אלע

און אפילו אויף אלין, חאָטש ער הערט ניט אויף צו שרייען אויף אונז:

— שוטים! נאַראָנים! בהמות! וואָס לויפט איהר?

— וואָס לויפט דו?

— איהר לויפט, לויף איך אויך.

אין שטאָדט זענען מיר אריין מיט איין אימפעט און מיט א געשריי:

— גזלנים!... גזלנים!!...

מענטשען האָבען דערזעהען אונז לויפען, לויפען זיי אונז נאָך. דערזעהען, אַז מענטשען לויפען, האָבען אַנדערע מענטשען זיך געלאָזט נאָך יענע מענטשען.

— וואָס לויפט מען?

— פון וואַנען זאָלען מיר וויסען? אַלע לויפען, לויפען מיר אויך.

קוים מיט צרות האָט זיך איינגעגעבען אָפּשטעלען איינעם פון אונז, און אויף איהם קוקענדיג, זענען מיר שוין אַלע שטעהן געבליבען און נישט אויפגעהערט צו שרייען: גזלנים! גזלנים! גזלנים!...

— וואו? וואו? וואו?

— דאָרט, אין שוואַרצען וועלדעל, זענען אָנגעפאַלען אויף אונז גזלנים, געבונדען דעם רבין צו א בוים, גאָט ווייסט, אויב ער לעבט נאָך...

## ט.

אויב איהר זענט אונז מקנא, וואָס מיר זענען פריי, וואָס מיר געהען נישט אין חדר (דער רבי ליגט קראַנק), איז אומזיסט. אומזיסט! קיינער ווייסט נישט, וועמען דער שוך קוועטשט... קיינער, קיינער ווייסט נישט, ווער זענען די אמת'ע גזלנים... מיר זעהען זיך כמעט נישט איינם מיט דאָס אַנדערע. און אַז מיר

באגעגענען זיך, איז דאָס ערשטע: „וואָס מאכט דער רבי?״ (שוין אויס „מאזעפע״!). און אַז מיר דאַוונען, בעטען מיר גאָט פאר׳ן רבין און וויינען, וויינען שטילערהייט: „רבונו של עולם! רבונו של עולם!״... און אלי? — פרעגט אונז נישט אויף אַלין. ימח שמו זאָל ער אייך ווערען, אָט דער אלי!...

## עפּילאָג.

אַז דער רבי איז געזונט געוואָרען (אַ וואָך זעכס איז ער געלעגען אין היץ און גערעדט מיט גזלנים) און מיר זענען געקומען אין חדר אריין, האָבען מיר איהם קוים דערקענט. אַזוי שטארק האָט ער זיך איבערגעביטען. וואו איז אַהינגעקומען זיין לייבען־שטימע? דעם קאַנטשיק האָט ער ערגיץ פאַרוואָרפען. אויס „לעג זיך״. אויס „מאזעפע״. און אויפ׳ן פּנים האָט זיך אויסגעצויגען ביי איהם אַ שטילע ווייכע מרה־שחורה. אַ געפיהל פון חרטה גנבה׳ט זיך אריין צו אונז אינווענינג, און מאזעפע ווערט אונז מיט אַ מאָל טייער, איינגעבאַקען אין הארצען. אָך, ער זאָל דאָס פיר־האַלטען, אַ קרום וואָרט אונז זאָגען! גלייך ווי גאָרנישט געוועזן... נאָר פּלוצים שטעלט ער זיך אָפּ אין מיטען לערנען און בעט אונז, מיר זאָלען איהם נאָך אַ מאָל דערצעהלען, ווי אַזוי איז געוועזן די מעשה דעמאָלט, ל״ג־בעומר, מיט די גזלנים. מיר פוילען זיך נישט און דערצעהלען איהם איבער נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל די איינ־גע׳חזר׳טע מעשה אויף אויסווענינג, ווי אַזוי גזלנים זענען מיט אַ מאָל ארויס פון וואַלד, האָבען זיך ארויפגעוואָרפען אויף איהם, געבונדען, געוואָלט קוילען מיט אַ מעסער, האָבען מיר זיך געלאָזט לויפען אין איין אימפּעט אין שטאָדט אריין און מיט אונזער גוואַלד האָבען מיר איהם געראַטעוועט...

דער רבי הערט אונז אויס ביז׳ן סוף מיט צוגעמאַכטע אויגען. נאָכדעם טהוט ער אַ זיפץ און אַ פרעג מיט אַ מאָל:

— ווייסט איהר פאר געווים, אז דאָס זענען געווען גזלנים?
— וואָס דען זענען דאָס געווען?
— אפשר בת־ליצנים?...
און דעם רבינ'ס אויגען קוקען ערגיץ ווייט אין דער וועלט אריין, און עס מאָהלט זיך אונז אוים, אז אויף זיינע משונה גראָבע ליפּען שוועבט א מאָדנע חיטרע שמייכעלע...

# אַ פּסח אין דאָרף

## א.

לאָזען ווינטען בלאָזען. לאָזען שטורעמס פּייפען. לאָז די וועלט זיך קעהרען. איין אַלטער דעמב, וואָס שטעהט מששת ימי־בראשית, וואָס זיינע וואָרצלען דערגרייכען מי יודע וואוהין — וואָס הערט ער ווינטען? וואָס הערט ער שטורעמס?...

דער אַלטער דעמב — דאָס איז נישט קיין סימבאָל. דאָס איז אַ לעבעדיגער מענטש, וואָס זיין נאָמען איז נחמן ווערעביוקער פון ווערעביוקע. אַ איד פון הויכען וואוכס, אַ ברייטביינינגער, אַ „גבר". די שטאָדט־אידען קוקען אויף איהם און זענען איהם מקנא, און צו גלייכער צייט מאַכען זיי פון איהם חוזק: „שלום עליכם, וואָס מאַכט עפּיס אַ איד אין געזונט?"... נחמן ווייסט, אַז מע לאַכט פון איהם און פון זיין „גדל'ע", בויגט ער זיך איין, ער זאָל אויסקוקען אַ ביסעל מעהר אידישליך. נאָר עס העלפט ווינציג. צו גרויס אויסגעוואַכסען.

אין ווערעביוקע איז נחמן ווערעביוקער איין אַלטגעזעסענער. „נאַש לאַחמאַן" — אַזוי הייסט ער ביי די ווערעביוקער גויים, וואָס האַלטען איהם פאַר נישט קיין שלעכטען מענטשען, פאַר אַ בר־שכל, האָבען ליעב זיך דורכשמועסען מיט איהם אַמאָל גלאַט אַזוי פון בעל־הבתישקייט. מע האַלט זיך מיט איהם איין עצה: וואָס טהוט מען מיט'ן ברויט? — „לאַחמאַן" האָט אַ לוח, ווייסט

ער, צי ברויט וועט היינטיגס יאָהר זיין וואָלוועל, צי טייער. און אמאָל — פון וועלט־זאַכען: „לאַחמאַן" פאָהרט אין שטאָדט, זעהט ער זיך מיט אַ מענטשען, ווייסט ער, וואָס אויף דער וועלט טהוט זיך...

עס איז שווער גאָר פאַרצושטעלען זיך ווערעביוקע אָהן נחמן ווערעביוועקער. נישט נאָר דער טאַטע זיינער, פייטעל ווערעביווּ־קער, איז געבוירען און געשטאָרבען אין ווערעביוקע, נאָר אפילו דער זיידע, אריה עליו־השלום, געווען אַ איד אַ חכם און אַ ווערטעל־זאָגער, פלעגט זיך באַריהמען, אַז דערפאַר הייסט דאָס דאָרף ווערע־ביוקע, ווייל אריה ווערעביוועקער וואָהנט דאָרטען, וואָרום איידער ווערעביוקע איז נאָך געווען ווערעביוקע, איז ער, אריה ווערע־ביוקער, שוין געווען אַ ווערעביוועקער... אַזוי פלעגט זאָגען דער זיידע זיינער. אַמאָליגע אידען!

און געזאָגט האָט עס אריה ווערעביוועקער, מיינט איהר, גלאַט אַזוי? אריה איז נישט געווען קיין פּראָסטער איד, וואָס זאָל זאָגען אַ גלייכווערטעל אָהן אַ מיין. געמיינט האָט ער דאָס די „גזירות". אין זיינע צייטען זענען אויך געווען גזירות אויף אידען. מע האָט נאָך דעמאָלט געהאַט געשמועסט, אַז מע וועט טרייבען אידען פון די דערפער. און נישט נאָר געשמועסט, נאָר טאַקי גע־טריבען. אַלעמען האָט מען געטריבען און ארויסגעטריבען. און דעם אַלטען אריה ווערעביוועקער — אַזאַס. אַ סברה, אַז דער גובערנאַטאָר אַליין האָט גאָרנישט געקאָנט מאַכען, וואָרום אריה ווערעביוועקער האָט אויסגעוויזען על־פּי „זאַקאָן", אַז איהם קאָן מען פון ווערעביוקע אַזוי גרינג נישט ריהרען. אַמאָליגע אידען!

## ב.

אודאי, אַז מע האָט אַזאַ פּריווילעגיע אויף צו זיין אין ווערע־ביוקע, אַ מין „זכות־אָבות", איז מען ביי זיך תקיף און מע לאַכט פון דער גאַנצער וועלט. וואָס הערט אונזער נחמן ווערעביוועקער

„גזירות״? „טשערטאַ״? „צירקוליאַרען״?... וואָס הערט, אַשטייגער, נחמן אַ גוי אַ רשע, קורעטשקאַ, מיט זיינע פּזמונות, וואָס ער ברענגט איהם אַלע מאָל פון וואָלאָסט? קורעטשקאַ איז אַ גויעץ אַ נידעריגער מיט קורצע פינגער, געהט אָנגעטהאָן אין אַ פּאָדיאָווקע, הויכע שטיוועל, אַ זילבערנע קייט מיט אַ זייגער — מעשה פּריץ. ער איז אַ שרייבער אין וואָלאָסט. דעריבער ווייסט ער פון אַלע שווערע הערצער. דערצו לייענט קורעטשקאַ אַלע גוטע גאַזעטען, וואָס שרייבען היינט מסירות אויף אידען — פּעך און שוועבעל!...

קורעטשקאַ איז, אַזוי זיך, דוקא נישקשה פון אַ גוי. ער איז נחמנ׳ס אַ שכן און כּלומרשט אַ גוטער־ברודער. אַז קורעטשקאַן טהוט וועה אַ צאָהן, גיט איהם „לאַחמאַן״ אַ שוויינקעבץ. אָדער אַז קורעטשקאַ׳ס ווייב, למשל, געהט צו קינד און דאָרף געלעגען ווערען, איז „לאַחמאַנקע״ ביי איהר די הויבאַם. נאָר עפּיס פון אַ צייט, דער רוח זאָל איהם וויסען, זינט ער האָט זיך אָנגעלייענט מיט די שענע גאַזעטען, איז קורעטשקאַ געוואָרען גאָר איין אַנדער גוי. „עשו האָט זיך אין איהם צערעדט״... אַלע מאָל קומט ער צום אידען מיט אַ נייעס: „אַ נייער גובערנאַטאָר״... „אַ נייער צירקוליאַר פונ׳ם מיניסטער״... „אַ נייע „ראַספּאָריאַזשעניע״ וועגען אידען״... דעם אידען רייסט זיך טאַקי בעת מעשה אָפּ אין הארצען און עס ווערט איהם פאַרקיהלט אינוועניג דער מאַמע׳ס מילך, נאָר אַ מכה דאַרף אַ גוי וויסען. און דער איד הערט איהם אויס מיט אַ שמייכעלע און ווייזט איהם אויף דער האַנט, ווי איינער רעדט: „ווען דאָ וועט אויסוואַכּסען האָר״...

לאָזען גובערנאַטאָרען זיך בייטען, לאָזען מיניסטאָרען שרייבען צירקוליאַרען. וואָס געהער זיך עס אָן מיט נחמן ווערעביוועקער פון ווערעביוועקע?

## ג.

לעבען לעבט נחמן ווערעביוזקער אין ווערעביוזקע גאנץ נישקשה'דיג. דאָס הייסט, צו די פריהעריגע יאָהרען קומט דאָס נישט. אודאי אז דער זיידע אריה האָט געלעבט, איז געווען אַנדערע יאָהרען. אוי, יאָהרען! גאַנץ ווערעביוזקע איז דעמאָלט, קאָן מען זאָגען, געווען זייערס. נישט איינע, נאָר עטליכע פּרנסות האָבען זיי געהאַט: אַ שענק, אַ קלייט, אַ מיהל, אַ קאַמער פון תבואה. און פּרנסה איז געווען, טאַקי ווי מע זאָגט, מיט טעלער און מיט לעפעל. דאָס איז אָבער אַלץ געווען אמאָל. היינט האָבען זיך די אַלע זאַכען אויסגעלאָזט. אויס שענקען, אויס קלייטען, אויס קאַמערען פון תבואה. גאָרנישט. גאָלע גאָרנישט. פרעגט זיך אַ קשיה: וויבאַלד אזוי, היינט וואָס זיצט אַ איד אין ווערעביוזקע? — וואו זשע דען זאָל ער זיצען? אין דער ערד? אַנו, לאָז נאָר נחמן אַ פּרוב טהון פאַרקויפען די דירה — ווערט ער שוין אויס ווערעביוזקער. ער וועט שוין הייסען דעמאָלט איין איינגעבעטענער, אַ פרעמדער. און אזוי איז פּאָרט איין אייגען ווינקעל. אַ שטוב איין אייגענע, אַ דירה אויף צו זיצען. און ביי דער שטוב אַ גאָרטען. דאָס ווייב און די טעכטער אַרבייטען אַליין דעם גאָרטען, און אַז גאָט העלפט, עס איז אַ גערעט, איז פאַרהאַן גרינס אַ גאַנץ זומער און קאַרטאָפלים אויפ'ן גאַנצען ווינטער, ביז העט־העט נאָך פּסח. פון קאַרטאָפלים אַליין קאָן מען אָבער נישט לעבען. צו קאַרטאָפלים, זאָגט מען, דאַרף מען האָבען ברויט. און קיין ברויט איז נישטאָ. נעמט מען דעם שטעקען און מע געהט זיך דורך איבער'ן דאָרף עפּיס האַנדלען. און אַז נחמן געהט זיך דורך איבער'ן דאָרף עפּיס האַנדלען, קומט ער שוין נישט אַהיים מיט לעדיגע הענט. וואָס גאָט גיט, דאָס קויפט ער: אַ ביסעל אייזעני ברעך, אַ טאָפּ הירזש, איין אַלטען זאַק, אַניט — איז גאָר אַ פעלכעל. דאָס פעלכעל ציהט מען אויס, מע לופטערט דאָס דורך און מע טראָגט דאָס אוועק צו אברהם־אליה דעם קירזשנער אין

שטאָדט אַריין. און פון די אַלע גליקען — איז אָדער מע פאַר־
דיענט, אָדער מע דערלעבט. דערוויף איז מען אַ סוחר. „קופּעץ
קאַק סטרעלעץ" — זאָגט נחמן, וואָס האָט ליעב אַ גוייש ווערטעל.
און אברהם־אליה דער קירזשנער, אַ איד מיט איין אונטערגע־
בלויטער נאָז און מיט שווארצע פינגער, ווי איינגעטונקטע אין
טינט, לאַכט פון איהם, וואָס ער איז אַזוי ווייט פאַרגרעבט גע־
וואָרען אין דאָרף, צווישען גויים, אַז אפילו אַ ווערטעל איז ביי
איהם אויך אַ גוייש...

## ד.

יאָ, פאַרגרעבט געוואָרען. נחמן פיהלט אַליין, אַז וואָס
ווייטער — ווערט מען אַלץ מעהר פאַרגרעבט. אודאי, ווען זיין
זיידע אריה ווערעביוקער, עליו־השלום, זאָל אויפשטעהן און אַ
קוק טהון אויף זיין איניקעל! אַי־אַי־אַי! דאָס איז געווען אַ
איד! אויך אַ גוואַרדיאַן, נאָר אַ איד פון תורה. געקענט פּרק
און מחזור און תהלים אויף אויסווענינג. אַמאָליגע אידען! און
ער, נחמן, וואָס קען? עס זאָל אייך צו קיין חרפה נישט זיין —
קוים־קוים דאַווענען. נאָר גוט איז דאָס. זיינע קינדער וועלען
דאָס אויך נישט קענען... און טהוט ער אַ קוק אויף די קינדער,
ווי זיי וואַכסען אַלע אין שטויבער אַריין, הויך און ברייט, אַזוי
ווי ער, און „נע טשיטאַטע, נע פּיסאַטע", אויך אַזוי ווי ער, —
ווערט איהם צעהן לעבער אין האַרצען. און מעהר ווי אויף אַלעמען
טהוט איהם וועה דאָס האַרץ אויף דעם סאַמע יונגסטען, אויפ'ן
מיזיניק. פייטעל הייסט ער. אַ נאָמען נאָך זיין טאַטען, פייטעל
ווערעביוקער, עליו־השלום. אַ געראָטען קינד אָט דער פייטעל,
מיט אַלע מעלות. אפילו דער וואוכס אויך אַ קלענערער, איין
איידעלער, מעהר אידישליך. אַ אידיש קינד... היינט האָט דאָס
אַ קעפּעלע — אַ מיניסטערשען קאָפּ. סך־הכל איין מאָל נאָר האָט
מען איהם באַוויזען אין סידור אויף אַ ציקאַוועסט איין „אלף"

מיט אַ „בית”, ווייסט ער שוין, וועלכעס איז איין „אלף” און וועלכעס איז אַ „בית”. קיינמאָל וועט ער אייך נישט זאָגען אויף איין „אלף” — אַ „בית”, און אויף אַ „בית” — איין „אלף”. וואַכסט אַזאַ גאָלד אין דאָרף, משטיינס געזאָגט, צווישען קעלבלעך און חזירים, שפּיעלט זיך מיט קורעטשקאַ'ס זוהנדעל פעדקאַ, פאָהרט מיט איהם רייטענדיג אויף איין שטעקען, יאָגען זיך ביידע נאָך איין קאַץ, גראָבען ביידע איין גריבעל און טהוען ביידע אַלסדינג, וואָס קליינע קינדער קאָנען טהון. זעהט נחמן, ווי זיין קינד שפּיעלט זיך מיט'ן „שרץ”, פאַרדריסט דאָס איהם, און ער טריקענט, ווי איין אונטערגעהאַקטער בוים...

## ה.

און פעדקאַ איז דוקא אַ „געראָטענער שייגעץ”, אַ „מחירה'דיג פּנים מיט אַ חנ'עוודיגער מאָרדע”, מיט ווייסע פלאַכסענע האָר, אין איינע יאָהרען מיט פּייטלען. און איז נאָך פּייטלען די כּפּרה. און פּייטעל איהם האָט אויך נישט פיינט. אַ גאַנצען ווינטער ליגען די ביידע קינדער, יעדער ביי זיין טאַטען אויפ'ן אויווען, ציהען זיך צום פענסטער און בענקען איינס נאָך דאָס אַנדערע. זעלטען־זעלטען, ווען זיי האָבען די זכיה צו זעהען זיך. נאָר אָט איז אַוועק דער ווינטער, דער לאַנגער בייזער ווינטער. אָט האָט זיך אויפגעדעקט די שוואַרצע ערד פון איהר ווייסען קאַלטען שלייער. און אַ שיין האָט געטהאָן די זון. און אַ טריקען האָט געטהאָן דאָס ווינטעל. און אַ גרעזעל האָט זיך באַוויזען. און דאָרטען, באַרג־אַראָפּ, דאָס טייכעל זשומעט. און דאָס קעלבעל האָט צעלאָזט די נאָזלעכער און נישטערט. און דער האָהן האָט צוגעמאַכט איין אויגעל און שטעהט אַ פאַרטראַכטער. און אַלץ אַרום און אַרום האָט אויפגעלעבט, אַלץ גרינט, אַלץ פרעהט זיך: ס'איז ערב פּסח! — דעמאָלט קאָן מען שוין מעהר נישט איינהאַלטען אין שטוב נישט פּייטלען, נישט פעדקאַן. ביידע חאַפּען זיך אַרויס אויף גאָט'ס

וועלט, וואָס האָט זיך געעפּענט פאַר זיי ביידען גלייך. און ביידע נעמען זיי זיך פאַר די הענט און מע לאָזט זיך לויפען אהין, צום באַרג, וואָס שמייכעלט צו זיי ביידען גלייך: „קינדער, אהער!“... און מע שפּרינגט אַקעגען דער זון, וואָס גריסט זיי ביידען גלייך און רופט זיי ביידען צו זיך: „קינדער, אהער!“ און אז זיי מיעדען זיך איין לויפענדיג, זעצען זיי זיך ביידע אַוועק אויף גאָט'ס ערד, וואָס ווייסט נישט קיין אידען, וואָס ווייסט נישט קיין גוי: „קינדער, צו מיר, צו מיר!“...

ז.

ביידע האָבען זיי וואָס צו דערצעהלען — אזא לאַנגען ווינטער נישט געזעהען זיך. פּייטעל באַריהמט זיך פאַר זיין חבר פעדקאַ, אז ער קען שוין כמעט דעם גאַנצען אלף־בית. און פעדקאַ באַריהמט זיך, אז ער האָט אַ בייטש. באַריהמט זיך פּייטעל, אז ביי זיי איז היינט ביינאַכט פּסח. ביי זיי איז שוין דאָ מצות אויף אַלע אַכט טאָג פּסח און וויין אויף אַרבע כּוסות. „געדענקסט, פעדקאַ, פאַר־איאָהרען האָב איך אַרויסגעטראָגען אַ מצה?“ „מאַצאַ?“ — זאָגט פעדקאַ און איבער זיין חנ'עוודיגער מאָרדע צעגיסט זיך אַ ברייט שמייכעלע. אפּנים, ער האָט זיך דערמאָנט אינ'ם טעם פון דער פאַראיאָהריגער אידישער מצה... „ביזט אַ בעלן, פעדקאַ, פאַר־זוכען איצט אַ שטיקעל מצה? פרישע מצה?“ — אַ שאלה אַ ביסעל, אויב פעדקאַ איז אַ בעלן! מע דאַרף נאָך פרעגען? „נו, קום זשע אהין“, זאָגט איהם פּייטעל און ווייזט איהם אויפ'ן באַרג, וואָס גרינט צו זיי און ווינקט צו זיי: „אהער, קינדער, אהער!“... און ביידע דראַפּען זיך אַרויף אַ באַרג, בלייבען שטעהן אַ ווייל־פאַר'כשופ'ט, קוקען דורך די פינגער אויף די שפּיעלענדיגע שיטערע שטראַהלען פון דער ליעבער זון און טהוען זיך אַ וואָרף ביידע אויף דער נאָך־פייכטליכער ערד, וואָס שמעקט שוין מיט גרינעס. און פּייטעל שלעפּט־אַרויס פון אונטער'ן לייבסערדאַק אַ פרישע, אַ

ווייסע, א קיילעכיגע מצה, אנגעשטאָכען אין דער לענג און אין דער ברייט פון ביידע זייטען מיט קליינע לעכעלעך. און פעדקא באַלעקט זיך שוין באַצייטענס, נאָך איידער פּייטעל האָט צעשפּאָלטען די מצה פּונקט אויף דער האַלב און צעטיילט זיך מיט זיין חבר. „וואָס ווערסט דו זאָגען, פעדקאַ, אויף דער מצה?״ — וואָס זאָל פעדקא זאָגען, אז ס׳איז ביי איהם א פול מויל מיט מצה, וואָס טרישטשעט אונטער די צייהן און צעגעהט אויף דער צונג, אזוי ווי שניי? נאָך איין מינוט — און אוים מצה. „מעהר נישטאָ?״... — טהוט איהם פעדקא א קוק אריין מיט די גרויע אויגען אונטער׳ן לייבסערדאַק און באַלעקט זיך, ווי א קאַץ נאָך פּוטער. „דו וואָלסט דען געגעסען נאָך?״ — פרעגט איהם פּייטעל תמ׳עוואטע, קייענדיג דאָס לעצטע שטיקעל מצה, און קוקט אויף איהם שעלמיש, מיט חיטרע שווארצע אויגלעך. א שאלה א ביסעל, אויב פעדקא וואָלט געגעסען נאָך! „טאָ ווארט א ביסעל, זאָגט איהם פּייטעל, איבעראיאָהר וועט זיין נאָך״... ביידע צעלאַכען זיך פון דער המצאה און, נישט געזאָגט איינער דעם אנדערען קיין וואָרט, גלייך ווי מע האָט זיך צונויפגערעדט פריהער, טהוען זיך ביידע א וואָרף און א קאָטשע־אראָפּ, ווי צוויי קנוילען, גיך־גיך, באַרג־אראָפּ.

ז.

אויף יענער זייט באַרג שטעלט מען זיך אויף די פיס און מע באטראַכט דאָס זשומענדיגע טייכעל, וואָס לויפט־אָפּ אין א זייט, לינקס, און אליין לאָזט מען זיך רעכטס, ווייטער און ווייטער איבער׳ן ברייטען פרייען פעלד, וואָס איז נאָך נישט אומעטום גרין, נאָר גיט האָפענונג גאָר אין גיכען גרין צו ווערען, וואָס שמעקט נאָך נישט מיט גראָז, נאָר גיט האָפענונג גאָר אין גיכען מיט גראָז צו שמעקען. און זיי געהען און געהען, שוין אָהן ווערטער, נאָר פארטראַכט און פאַר׳כשופ׳ט, איבער דער ווייכער שמעקענדיגער ערד, אונטער דער

ליבטענדיגער שמייכלענדיגער זון. נישט זיי געהען, נאָר זיי שווימען. און נישט זיי שווימען, נאָר זיי פליהען. זיי פליהען גלייך מיט די פויגלען, וואָס שוועבען פאַר זייערע אויגען, וואָס טוקען זיך און טראָגען זיך אַין דער גרינער לופט פון דער דאָזיגער ליעבער וועלט, וואָס דער ליעבער גאָט האָט באשאפען פאַר אַלץ, וואָס לעבט. שאַ, זיי זענען שוין ביי דער מיהל. דאָס איז דאָך דעם סטאַראָסטע'ס ווינטמיהל. אמאָל איז דאָס געווען נחמן וועד־רעביוועקער'ס מיהל. היינט געהערט זי צום סטאַראָסטע. אָפּאַנאַס הייסט ער. אַ חיטרע גוי מיט איין אויהערינגעל, און האָט שוין אַ סאַמאָוואַר אין שטוב. אָפּאַנאַס דער סטאַראָסטע איז אַ רייכער בעל־גוף. אַ חוץ דער מיהל, האָט ער נאָך אַ קלייט אויך. טאַקי די קלייט, וואָס האָט געהערט אמאָל צו נחמן ווערעביוועקער. מיט חיטראָסט האָט ער אויסגעדונגען דעם אידען, צוגענומען ביי איהם די קלייט מיט דער מיהל... אַלע מאָל, אז עס קומט אין דער צייט, געהט זי, די מיהל. נאָר היינט נישט. היינט איז שטיל. נישטאָ קיין ווינט. אַ מאָדנער פאַר־פסח. אַ פאַר־פסח אָהן ווינטען. דעריבער שטעהט זי, די מיהל. פאַר אונזערע חברים, פייטעל און פעדקאַ, איז דאָס דוקא אַ מעלה. אז די מיהל שטעהט, קאָן מען זי בעסער באַטראַכטען. אין אַ מיהל איז דאָ וואָס צו זעהען. די מיהל אליין איז נאָך נישט אזאַ־נ־אַנטיק, ווי דער באַלעק, דער קלאָץ, וואָס איז געלעגט געוואָרען, מיט אַ רעדעל ביי'ם שפּיץ, אויף צו קערעווען די מיהל אהין, וואו דער ווינט בלאָזט. און אָט אויף דעם באַלעק האָבען זיך די צוויי חברים אוועקגעזעצט, און ערשט דאָ האָט זיך אָנגעהויבען ביי זיי אַ געשפּרעך, איינס פון די גע־שפּרעכען, וואָס האָבען נישט קיין אָנהויב און האָבען נישט קיין סוף. פייטעל דערצעהלט חידושים פון שטאָדט. דער טאַטע האָט געהאַט אָנומעלטען איהם מיטגענומען אין שטאָדט. געווען מיט איהם אין מאַרק, געזעהען קלייטען. נישט איין קלייט, ווי ביי זיי אין ווערעביוועקע, נאָר אַ סך קלייטען. און נאָכדעם, פאַרנאַכט, אַזוי דערצעהלט פייטעל, זענען זיי געגאַנגען אין שוהל.

דער טאַטע האָט געהאַט יאָהרצייט נאָך זיין טאַטען. „נאָך מיין זיידען, הייסט עס. דו פאַרשטעהסט, פעדקאַ, צי דו פאַרשטעהסט נישט?"

עס קאָן זיין, אַז פעדקאַ פאַרשטעהט, נאָר ער הערט נישט. וואָרום ער פאָהרט־אריין פּלוצים מיט אַ מעשה, וואָס עס קלעפּט זיך, ווי איין אַרבעס צו דער וואַנט. פעדקאַ דערצעהלט פייטלען, ווי אַזוי ער האָט פאַראַיאָהרען דערזעהען אַ פויגעל־נעסט אויף אַ הויכען בוים. האָט ער געוואָלט ארויף, האָט ער נישט געקאָנט. האָט ער געוואָלט דערלאַנגען מיט אַ שטעקען, האָט ער נישט גע־קאָנט. האָט ער גענומען ווארפען שטיינדלעך, און האָט אַזוי לאַנג געוואָרפען, ביז ער האָט אַראָפּגעוואָרפען צוויי קליינע פאַרבלוטיגטע פויגעלעך.

— דער׳הרג׳עט? — זאָגט פייטעל מיט שרעק און פאַר־קרימט זיך.

— יונגעטשקע. — פאַרענטפערט זיך פעדקאַ.

— אָבער דער׳הרג׳עט?

— אָהן פעדערלעך, געלע פּיסקעלעך, גראָבע בייכעלעך.

— אָבער דער׳הרג׳עט? דער׳הרג׳עט?...

## ח.

ס׳איז שוין געווען נישט פריה, אַז אונזערע יונגע חברים, פייטעל און פעדקאַ, האָבען, נאָך דער זון אין הימעל, זיך ארומ־געקוקט, אַז ס׳איז שוין צייט צו געהן אַהיים. פייטעל האָט שוין געהאַט פאַרגעסען, אַז היינט אויף דער נאַכט איז פּסח. האָט ער זיך דערמאַנט, אַז די מאַמע דאַרף איהם נאָך אויסצוואַגען דעם קעפּעל און אָנטהון נייע הויזען. און ער האָט זיך געגעבען אַ חאַפּ־אויף, און פעדקאַ נאָך איהם, און ביידע האָבען זיי זיך געלאָזט מיט דער זעלבער פרישקייט און מיט דער זעלבער פרייד צוריק

אהיים. און בכדי איינער זאָל נישט קומען פריהער און דער אַנ־
דערער שפּעטער, האָט מען זיך, ווי אמת'ע חברים, גענומען פאַר
די הענט און מע איז געפלויגען פייל אויס'ן בויגען אין דאָרף אריין.
און אַז זיי זענען געקומען אין דאָרף אריין, איז פאַר זייערע אויגען
ארויסגעטראָטען אַזאַ מין בילד:

נחמן ווערעביוווקער'ס שטוב איז באַלעגערט מיט גויים און
גויעס, שקצים און שיקסעס. קורעטשקאַ דער שרייבער און אַפּאַנאַס
דער סטאראָסטע, דער סטאַרשינאַ און דער סאָטסקע און דער או־
ראַדניק — אַלע דאָ. אַלע רעדען, אַלע פּילדערען. און נחמן
מיט דער נחמנ'קע שטעהען אין מיטען, טענה'ן עפּים און מאַכען
מיט די הענט. נחמן האָט איינגעבויגען זיך, ווישט דעם שוויים
מיט ביידע הענט. ביי דער זייט שטעהען די עלטערע קינדער
נחמנ'ס, פינסטער ווי די ערד... פּלוצים בייט זיך איבער דאָס
גאַנצע בילד. איינער טהוט אַ ווייז אויף די צוויי יונגע חברים,
און דער גאַנצער עולם מיט'ן שרייבער, מיט'ן סטאַרשינאַ, מיט'ן
סטאראָסטע, מיט'ן סאָטסקע, מיט'ן אוראַדניק בלייבען שטעהן, ווי
געלעהמטע. נאָר איין נחמן טהוט אַ קוק אויפ'ן עולם, גלייכט זיך
אויס מיט זיינע ברייטע גוואַרדיאַנסקע פּלייצעס: „נו? ? ?" —
און צעלאַכט זיך. און די נחמנ'קע טהוט אַ פּלעסק מיט די הענט
און הויבט גאָר אָן צו וויינען... דער סטאַראָסטע מיט'ן סטאַרשינאַ
מיט'ן סאָטסקע מיט'ן אוראַדניק טרעטען־ארויס און גלייך אויף זיי:

— וואו זענט איהר געווען, אַזעלכע און אַזעלכע?

— וואו מיר זענען געווען? ביי דער מיהל זענען מיר געווען.

. . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . .

## ט.

ביידע חברים, אי פייטעל, אי פעדקא, האָבען געהאט נאָכדעם זייער עהרליך אויסקומעניש. אוןביידע האָבען נישט פארשטאנען, פאר וואָס?

פייטלען האָט דער טאטע, ראשית חכמה, אָפּגעשמיסען מיט דער יאַרמעלקע: „אַ יונגעלע זאָל וויסען". וואָס זאָל אַ יונגעלע וויסען?... און, אפנים, פאר רחמנות האָט איהם די מאמע צו־גענומען פונ'ם טאטענ'ס הענט, איהם איינגעטיילט פון איהר זייט אַ פּאָר סטוסאקעס און טאקי באלד גענומען איהם אויסצוואָגען דאָס שווארצע קעפּעל אויף יום־טוב און האָט ארייננעזעצט איהם אין אַ פּאָר נייע הויזלעך — דער איינציגער גארדעראָב זיינער אויף פּסח — און זי זיפצט. וואָס זיפצט זי?... און נאָכדעם הערט ער, ווי די מאמע זאָגט צום טאטען: „אוי, גאָט זאָל העלפען, מע זאָל שוין איבערקומען אָט דעם יום־טוב! עס זאָל חאָטש אָפּ־לויפען גלאַט... עס וואָלט געמעגט אוועק דער פּסח נאָך איידער ער איז געקומען!"... און פייטעל'ס קאָפּ קאָן נישט פארשטעהן, פאר וואָס זאָל אוועק דער פּסח איידער נאָך ער איז געקומען?... און פייטעל ברעכט זיך דעם מח. ער פארשטעהט נישט דעם טאטענ'ס שמיץ. ער פארשטעהט נישט דער מאמע'ס קלעפּ. ער פארשטעהט נישט, וואָס פאר אַ מין ערב־פּסח היינט איז אויף דער וועלט...

## י.

און וויבאַלד אז פייטעל'ס אידיש קעפּעל פארשטעהט נישט, פארשטעהט דאָך שוין פעדקא אודאי נישט, וואָס דאָ טהוט זיך. פריהער האָט איהם דער טאטע קורעטשקאָ אָנגענומען פאר דער גריווע, גוט אָנגעריסען איהם די ווייסע פלאַכסענע האָר און נאָך געשענקט אַ פּאָר פּאטילעטשניקעס אַ פרידאטאָק. די פּאטילעטש־

ניקעס האָט פעדקאַ צוגענומען, ווי אַ פילאָזאָף: ער איז שוין דערצו געוואוינט געוואָרען. און ער הערט זיך צו, ווי זיין מאַמע רעדט מיט די גויעס און ווי יענע דערצעהלען עפּיס מאָדנע מעשיות. אַ מעשה פון אַ קינד, וואָס אידען האָבען פאַרנאַרט צו זיך אין שטאָדט ערב פסח, אָפּגעהאַלטען אין אַ קעלער אַ טאָג מיט אַ נאַכט און געוואָלט איהם נעמען צו דער אַרבייט. האָט מען דערהערט דאָס געשריי, איז מען זיך צונויפגעלאָפען, און מע האָט אַרויסגעראַטעוועט דאָס קינד. איז שוין געווען ביי דעם סימנים אויפ'ן לייב — פיער שטעך אין פיער זייטען, ווי אַ צלם...

אזוי דערצעהלט איינע אַ חוואַטסקע גויע מיט אַ ברייטען אָטשיפּעק און מיט אַ רויט פּנים. און די איבעריגע גויעס הערען זי אויס און שאָקלען מיט די פאַרבונדענע קעפּ און צלמ'ען זיך: „אוי, האָרענקאָ! אוי, לישענקאָ!"... און פעדקאַ'ס קאָפּ קאָן נישט פאַרנעמען, וואָס קוקען אויף איהם בעת מעשה די גויעס? און וואָס פאַר שייכות האָט די מעשה צו איהם און צו פייטלען? און פאַר וואָס האָט איהם דער טאַטע קורעטשקאָ אָנגענומען ביי דער גריוועֹ, אָנגעריסען ביי די ווייסע פלאַכסענע האָר און געשענקט אַ פּאָר פּאַטילעטשניקעס אַ פרידאַטאָק? עס אַהרט איהם נישט אזוי די גריוועֹ, עס אַהרט איהם נישט אזוי די פּאַטילעטשניקעס. דאָס איז ער ניט זשעדנע קיינמאָל. ער וואָלט נאָר אַ בעלן זיין וויסען: פאַר וואָס עפּיס היינט אַזאַ־נ־אָרענטליכע פּאָרציע — אי געטראָגען פאַר דער גריוועֹ, אי געריסען ביי די האָר, אי פּאַטי־לעטשניקעס אַ פרידאַטאָק? פאַר וואָס?... פאַר וואָס?...

.

. . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . .

— נו? — הערט פּייטעל, ווי דער טאַטע זאָגט צו דער מאַמע באַלד נאָך פּסח מיט אַ שיינענדיק פּנים, גלייך ווי עם וואָלט איהם געטראָפען מי־יודע וואָס פאַר אַ גליק. — איאָ? דו האָסט דאָך איינגעלעגט די וועלט? דו האָסט דאָך מורא געהאַט?... אַ אידינע בלייבט אַ אידינע. אַוועק אונזער פּסח און זייער פּסח, און גאָרנישט!...

— דאַנקען גאָט! — ענטפערט איהם די מאַמע, און פּייטעל פאַרשטעהט ווידער נישט, וואָס האָט די מאַמע מורא געהאַט?... און וואָס איז דאָ די גדולה, וואָס דער פּסח איז אַוועק?... וואָלט דען נישט בעסער געווען, דער פּסח זאָל זיך נאָך ציהען און ציהען?...

פּייטעל באַגעגענט זיך מיט פּעדקאָן אין דרויסען בּיי זייער שטוב, קאָן ער זיך נישט איינהאַלטען און גיט איהם באַלד איבער אַלסדינג, ווי אַזוי מע האָט בּיי זיי געדאַווענט, און נאָכדעם — ווי מע האָט בּיי זיי געגעסען. אוי, געגעסען! און ער גיט איהם איבער דעם טעם פון אַלע פּסח'יגע מאכלים, וואָס מע האָט בּיי זיי געגעסען, און פון דעם זיסען וויין, וואָס מע האָט בּיי זיי גע־טרונקען. און פּעדקאָ הערט זיך צו מיט קאָפּ און פּאַרקוקט צו פּייטלען אונטער'ן לייבסערדאַק. איהם חלומ'ט זיך נאָך אַלץ „מאַצאָ"... פּלוצים לאָזט זיך הערען איבער דער גאַנצער גאַס אַ קוויטש מיט אַ ניגון אויף אַ סאָפּראַן־שטימע:

— חוועד־קאָ! חוועד־קאָ!

דאָס רופט די מאַמע אַהיים דעם קליינעם פעדקאַ, ער זאָל געהן עסען וואַרעמעס. נאָר פעדקאַ חאַפּט זיך נישט. איצט וועט מען איהם שוין נישט טראָגען פאַר דער גריווע! ערשטענס, זענען זיי דאָך נישט ביי דער מיהל. און צווייטענס, איז שוין „נאָך פּסח"... נאָך פּסח איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבען פאַר די אידען... ליגט ער זיך דאָ אין דרויסען אויפ'ן בויך מיט'ן ווייסען קעפּעל אויף די הענט, און אַקעגען איהם ליגט פייטעל אויך אויפ'ן בויך מיט'ן שוואַרצען קעפּעל אויף די הענט. און דער הימעל איז בלוי, און די זון וואַרעמט. און דאָס ווינטעל גלעט און שפּיעלט זיך. און דאָס קעלבעל איז ביי דער זייט, און דער האָהן איז דאָ מיט אַלע זיינע ווייבער. און ביידע קעפּלעך, דאָס ווייסע מיט'ן שוואַרצען, ליגען אָנגעשפּאַרט אויף די הענט, און מע רעדט, און מע רעדט, און מע רעדט, און מע קאָן זיך גאָר נישט אָנרעדען...

יב.

און נחמן ווערעביוועקער איז נישטאָ אין דער היים. ער האָט זיך גענומען דעם שטעקען און האָט זיך פון גאַנץ פריה אָן געלאָזט געהן איבער דעם דאָרף עפּיס האַנדלען. ביי יעדען הויף שטעלט ער זיך אָפּ. גיט־אָפּ יעדען גוי דעם גוט־מאָרגען, רופט אָן יעדען באַזונדער ביי'ם נאָמען, רעדט זיך דורך פון אַלסדינג אין דער וועלט, נאָר נישט פון דער ערב־פּסח'יגער מעשה... נאָר נישט פון די פּסח'יגע פּחדים... און פאַר'ן אַוועקגאַנג שוין טהוט ער אַ טאַפּ אין וואָגען: „געפינט זיך נישט ביי דיר, גוי, עפּיס אַ זאַך, וואָס דו דאַרפסט נישט?" „נישטאָ, לאַחמאַן". „אייזענבערעך, אַ ביסעל הירזש, איין אַלטע זאַך, אָדער גאָר אַ פעלכעל?" „האָב קיין פאַראיבעל נישט, לאַחמאַן, נישטאָ גאָרנישט. אַ ביטערע צייט". „אַ ביטערע צייט? פאַר'שכור'ט מן הסתם? אַזאַ יום־טוב!"... „ווער מיר שכור'ט? וואָס מיר יום־טוב? אַ ביטערע צייט!"...

דער גוי זיפצט, און נחמן זיפצט אויך. און נאָכדעם רעדט מען אַ ביסעל פון זייטיגע זאַכען, אַזוי עס זאָל נישט אויסזעהען, אַז ער איז געקומען האַנדלען. געהט ער אַוועק פון דעם גוי צום אַנדערען, צום דריטען — ביז ער טרעפט אָן עפּיס וואָס, און קומט אַהיים נישט מיט לעדיגע הענט.

און נחמן ווערעביוועקער, איין אָנגעלאָדענער און אַ דערשוויצטער, שפּאַנט מיט זיינע גרויסע גוואַרדיאַנסקע פיס אַהיים און קלערט איצט נאָר פון איין זאַך: וויפיעל שטעהט איהם דאָ צו פאַרדיענען, אָדער צו דערלעגען? פון דער ערב־פּסח׳יגער מעשה האָט ער שוין פאַרגעסען. פון די פּסח׳יגע פּחדים האָט ער שוין פאַרגעסען. און דער שכן קורעטשקאַ מיט זיינע גובערנאַטאָרען און מיט די צירקוליאַרען זענען אין דער מינוט אַרויסגעפלויגען פונ׳ם קאָפּ. ער האָט איהם אין דער לינקער פּאה!...

לאָזען ווינטען בלאָזען. לאָזען שטורעמס פּייפען. לאָז די וועלט זיך קעהרען. איין אַלטער דעמב, וואָס שטעהט מששת ימי־בראשית, וואָס זיינע וואָרצלען דערגרייכען מי יודע וואוהין — וואָס הערט ער ווינטען? וואָס הערט ער שטורעמס?...

# פֶּסַח מִיט אַ קַל־וָחוֹמֶר

בין איך שוין ווידער אין דער היים — אין כּתרילעווקע. א שאָק מיט יאָהרען ניט געווען. איצט בין איך געקומען צו פאָהרען אויף פּסח צו־גאַסט צו מיינע „קליינע מענטשעלעך".

דער ערשטער, וואָס איז מיר געקומען אקעגען, איז געווען מנשה רב יחיאל דעם בעל־עגלה'ס א זוהנדעל, אויך א בעל־עגלה.

איבערגעלאָזט האָב איך איהם א בחור'ע אָהן א באָרד, נאָר מיט א שווארצער, עטוואָס באוואַכסענער גראָבער ליפּ. שבת און יום־טוב אין שוהל פלעגען מיר, קונדייסים, איהם פארשטופּען אין א ווינקעלע און געבען בוכענצים אָהן א שיעור, און ער פלעגט שווייגען. איצט טראָגט ער שוין א קלאָטשקעוואטע באָרד, ווי דער טאטע זיינער, איהם צו לענגערע יאָהר, און א לאנגע, מיט סמאָלע אויסגעשמירטע, נאַקידקע, ווי דער טאטע, איהם צו לענגערע יאָהר. און א באָרדעוודיגער, א ריהרעוודיגער און א פריילּיכער איז ער אויך, ווי דער טאטע, איהם צו לענגערע יאָהר. זיין טאטע יחיאל, איהם צו לענגערע יאָהר, איז געווען ניט גלאט א בעל־עגלה, נאָר א בעל־עגלה א בן־תורה, א בעל־עגלה א למדן, א בעל־עגלה מיט א פּרק משניות, מיט א מעשה, מיט א משל און מיט א מדרש. אויף זייער בעל־עגלה'שען לשון ווערט דאָס אָנגערופען „א בעל־עגלה מיט חריין"... פאר איהם האָט א בעל־הבית גע־האָט דרך־ארץ. איהם האָט קיינער ניט געוואגט זאָגען „דו", נאָר „זייט זשע מוחל, רב יחיאל!"

איך האָב געמיינט, אַז דאָס איז רב יחיאל דער בעל־עגלה, איהם אָפּגעגעבען שלום און געוואונדערט זיך, וואָס ער איז גאָר־ניט געעלטערט געוואָרען, קיין קאָפּ אפילו. לאָזט זיך אויס אַ מעשה, אַז רב יחיאל איז שוין לאַנג אויף יענער וועלט, איהם צו לעננערע יאָהר, און ער איז זיין זוהן מנשה, אָט אַ יענער בחור, וואָס מיט דער שווארצער, גראָבער, עטוואָס באַוואַכסענער ליפּ. אַ שענע מעשה, נאָר אַ קורצע. ווי אַזוי רעדט מען מיט איהם? אויף „דו", אָדער אויף „איהר"?... איך זאָג איהם ניט „דו" און ניט „איהר".

— וואָס זשע מאַכט מען? — פרעג איך.

— וואָס זאָל מען מאַכען? — ענטפערט ער מיר. — מע בעל־עגלה'וועט... ווי דער טאַטע, מיר צו לעננערע יאָהר.

— און מע לעבט?

— מע מוטשעט זיך און מע לעבט, וויאַ! ווי דער טאַטע פלעגט זאָגען, מיר צו לעננערע יאָהר... מע פאָהרט־אַרויס צום וואָקזאַל צוויי מאָל אַ טאָג, טאָמער וועט גאָט צושיקען פּאַרשוינען, און קיין פּאַרשוינען זענען ניטאָ, חאָטש נעב זיי אַ קרענק, ווי דער טאַטע, מיר צו לעננערע יאָהר, פלעגט זאָגען, אַ חלירע זאָל אויף זיי קומען, מיר צו לעננערע יאָהר!...

איך האָק איהם איבער די קללות און טהו איהם אַ פרעג:

— און וואָס הערט זיך עפּיס מיט'ן פּסח?

— וואָס זאָל זיך הערען? — מאַכט ער צו מיר פריילִיך, ווי זיין טאַטע, איהם צו לעננערע יאָהר. — דער פּסח וועט זיין מיט אַ קל־וחומר, ווי דער טאַטע, מיר צו לעננערע יאָהר, פלעגט זאָגען.

— מיט וואָסער אַ קל־וחומר?

— מיט אַ קל־וחומר ווייסט איהר ניט? — און ער דרעהט אויס צו מיר דעם קאָפּ, ווי זיין טאַטע, איהם צו לעננערע יאָהר, און שמייכלענדיג דערצעהלט ער מיר אַ לאַנגע מעשה, וואָס ער האָט געהערט פון זיין טאַטען, איהם צו לעננערע יאָהר, אַ מעשה

מיט אַ רבין, ווי אַזוי דער רבי איז געפאָרן אויף שבת אַהיים מיט אַ קל־וחומר:

„איינמאָל פאָהרט זיך דער רבי אַהיים מיט זיין אייגענעם בעל־עגלה. וויאָ!... פרייטאָג איז דאָס געווען, ערב שבת. פּלוצים — טרראַך! געפּלאַצט אַ ראָד. שטעלט זיך אָפּ דער בעל־עגלה: „רבי, וויאָ! וואָס טהוט מען?"... מאַכט צו איהם דער רבי מיט אַ קל־וחומר: „מה־דאָך אַ בידקע איז נאָר אויף צוויי רעדער, פון דעסטוועגען פאָהרט מען אויף איהר, היינט בפרט דיין וואָגען איז אויף דריי רעדער, וועט ער אודאי פאָהרען"...

„אָפּגעפאָהרען נאָך אַ ביסעל — טרראַך! געפּלאַצט נאָך אַ ראָד. „רבי, וויאָ! וואָס טהוט מען איצט?" מאַכט צו איהם דער רבי מיט אַ קל־וחומר: „מה־דאָך אַ ליסעפּעד, וואָס האָט איין ראָד אַ גרויסע, די אַנדערע אַ קליינע, פון דעסטוועגען פאָהרט מען אויף איהם, היינט בפרט דיין וואָגען, וואָס האָט צוויי גלייכע רעדער, וועט ער אודאי פאָהרען"...

„אָפּגעפאָהרען נאָך אַ ביסעל — טרראַך אַ ראָד! „רבי, וויאָ! וואָס טהוט מען איצט?" מאַכט צו איהם דער רבי ווידער מיט אַ קל־וחומר: „מה־דאָך אַ שליטען, וואָס האָט גאָר קיין רעדער ניט, פון דעסטוועגען פאָהרט מען אויף איהם, היינט בפרט דיין וואָגען, וואָס האָט אַ ראָד, וועט ער אודאי פאָהרען"...

„אָפּגעפאָהרען נאָך אַ ביסעל — טרראַך די לעצטע ראָד! „וויאָ, רבי! וואָס טהוט מען איצטער?" מאַכט צו איהם דער רבי מיט אַ קל־וחומר: „מה־דאָך אַ לופט־באַלאָן, וואָס איז ניט אויפ'ן הימעל, ניט אויף דער ערד, פון דעסטוועגען פאָהרט מען אויף איהם, היינט בפרט דיין וואָגען, וואָס איז אינגאַנצען אויף דער ערד, וועט ער אודאי פאָהרען"...

— גוט, — זאָג איך צו מנשה'ן. — וואָס געהער זיך אָבער אָן דער קל־וחומר מיט'ן פסח?

— עס געהער זיך זעהר אָן! — מאַכט צו מיר מנשה שוין גאַנץ ערנסט. — מה־דאָך גויים, וואָס האָבען ניט קיין מצה און

עסען אכט טאָג כסדר גאָלע חמץ, שטאַרבען זיי ניט, היינט בפרט מיר, להבדיל, כתרילעווקער אידען, וואָס פאַרמאָגען ניט קיין מצה און ניט קיין ברעקעל חמץ, וועלען מיר אודאי ניט שטאַרבען!... טפּררו! אָט זענען מיר שוין אין כתרילעווקע. וואוהין וועט איהר זיך הייסען אָפּוואַרפען, רב שלום־עליכם, ווי מיין טאַטע פלעגט זאָגען, מיר צו לענגערע יאָהר?...

איך קוק אויף מנשה'ן און טראַכט מיר:

„רבונו של עולם! ווי איז דאָס מעגליך? איינס פון די צוויי: אָדער דאָס איז ניט מנשה, נאָר זיין פאָטער רב יחיאל, איהם צו לענגערע יאָהר, מיט אַ יאָהר עטליכע און דרייסיג צוריק, בעת איך בין נאָך געווען אַ יונגעל אַ קונדס און מנשה אַ בחור'עץ מיט אַ שוואַרצער, גראָבער, עטוואָס באַוואַכסענער ליפּ, וואָס מיר פלעגען איהם פאַרשפּאַרען אין ווינקעלע און געבען בוכענצים, אָדער... דאָס איז אינגאַנצען אַ חלום!"

# די וועלט געהט צוריק

א סינעמא־פאנטאזיע לכבוד חנוכה.

געשריבען אין יאהר 1913.

# די וועלט געהט צוריק

## א.

### רב אברהמ׳על וויראך בענטשט חנוכה־ליכטלעך.

אויפ׳ן לייוועגט א נגידיש הויז פון אלטפרענקישען שטאט. אלטפרענקיש, נאר רייך מעבעל. אלטמאדישע בילדער, צווישען זיי נאפאלעאן דער ערשטער, קייסער אלעקסאנדער, אויך אלטע אידישע גדולים און גאונים, מעשענע העסעם אויף די ווענט מיט סטרינעווע ליכט. פון דעם גלעזערנעם אלטען שראנק קוקען־ארויס גאלדענע און זילבערנע כלים. צווישען זיי איין אלטער בעכער, איין אלטער הדס. גאנץ פארענט ביי דער טיר א גרויס זילבערן חנוכה־לעמפעל, פיליגראנע ארבייט, אונטערגעהאלטען מיט צוויי לייבען; אויבען פויגלען מיט מאדנע אויסגעדרעהטע קעפ. אלץ איז פארטיג צו בענטשען חנוכה־ליכטלעך. דער בעל־הבית אליין, רב אברהמ׳על וויראך, א גביר׳ישער יונגערמאן, א טאטע פון קינדער, שטעהט גרייט מיט׳ן וועכסען ליכטעל (דער שמש) אין האנט; ער ווארט נאר אויף דער בעל־הבית׳טע מיט די דיענסטען — זיי זאלען ארייינקומען פון קיך הערען איהם חנוכה־ליכטלעך בענטשען. עס עפענט זיך די טיר און עס קומט־ארײַן פריהער די

בעל־הבית'טע, נחמה ווייראַך, אַ ווייבעל אַ יפת־תואר, אַ סך ציערונג; איהר געהט־נאָך אַ קינד, אַ יונגעלע פון אַ יאָהר זיעבען־אַכט, מיט אַ זיידען העמדעלע און מיט אַ גאָלדגעאַרבייט סאַמעטען יאַרמעלקעלע אויפ'ן קאָפּ. באַלד קומען־אָן אויך די דיענסטען, אַ אידינע אַ קעכין, אַ מיידעל אַ פּאָקאָיאָווע, אַ יונג אַ משרת מיט פעטע באַקען און אַ ציקאַווע אידעל אַ מלמד אין איין אַטלאַסענער קאַפּאָטע מיט אַ פעלצען קאַפּעלישעל אויפ'ן קאָפּ. רב אַברהמ'עלע ווייראַך מאַכט די ברכה, בויגט זיך צו, צינדט־אָן די ליכטלעך, אַ ליכטעל נאָך אַ ליכטעל. דער גאַנצער עולם ענטפערט אָמן. אַלע פּנימ'ער זאָגען־אַרויס פרייד, אַלע אויגען פינקלען. רב אַברהמ'עלע ווייראַך נעמט־אַרויס דאָס בייטעלע, גיט דעם קינד חנוכּה־געלט. די דיענסטען געהען־אָפּ. עס ווערט אַ באַוועגונג אויפ'ן עקראַן — עס קומען־אָן איינס נאָך איינס געסט, קרובים, שכנים און גלאַט אידען בעלי־בתּים פון שטאָדט. אַלע באַגריסען די בעלי־בתּים, געבען דעם קינד חנוכּה־געלט. די געסט זעצען זיך אויס דערוויי'ל ביי די קליינע טישלעך. מע שפּיעלט ווער אין דאָמינאָ, ווער אין שאָך. מע גרייט צום טיש. מע שטעלט־אויס שטוהלען. דער בעל־הבית זעצט זיך אויבען־אָן. די בעל־הבית'טע בעט דעם עולם צום טיש. די דיענסטען טראָגען־אַריין אין גרויסע פּאָלומעסקעס געבאַקענע לאַטקעס, שמאַלץ און גריוועך און אַנדערע גוטע זאַכען. עס גיסט זיך וויין, אַזוי ווי וואַסער. דאָס קליינע איציקעל חאַפּט זיך אַלע מאָל אַרויס פון טיש, שפּיעלט אין דריידעל. אויפ'ן עקראַן שפּיעגעלט זיך אָפּ דאָס דריידעל מיט די אותיות: נ. ג. ה. ש. דער עולם קלויבט נחת פונ'ם קינד. מע טרינקט לחיים.

## ב.

## ביי איסאַק אבראַמאָוויטשען בענטשט מען חנוכה־ליכטלעך.

אויפ'ן עקראַן דאָס זעלבע הויז — באַניִיט. נייע בעלי־בתים. אין די שטריכען פונ'ם בעל־הבית איז צו דערקענען דעם קליינעם איציקעל. ער איז אויסגעוואַכסען. ער איז שוין אליין א גביר, א גרויסער גביר. זיין נאָמען איז שוין איצט איסאַק אבראַמאָוויטש. ער האָט א ווייב א גרויסע אריסטאָקראַטקע. קלעאָפּאַטראַ דאַווידאָוונאַ רופט מען זי — זי פיהרט די שטוב קוממיות'דיג, הויך־הויך אריסטאָקראַטיש. דאָס הויז איז דאָס זעלבע, נאָר אנדער מעבעל, אנדערש באַפּוצט, מאָדערן־סטיל. פון די אלטע העסעם איז נישטאָ קיין זכר. די אלטע בילדער אראָפּ. אויף זייער אָרט הענגען נייע, מאָדערן־בילדער. מע וואַרט אויף געסט. עס שטעהען טישלעך, גרינגע טישלעך. אויף די טישלעך ליגען צוגעגרייט פּעשלעך קאָרטען, שטיקלעך קרייד מיט בערשטע־לעך — דער גאַנצער קלאַפּערגעצייג. אין ווינקעל ביי דער טיר הענגט דאָס אלטע זילבערנע חנוכה־לעמפּעל — פון יוצא וועגען, צוליעב'ן טאַטען — איין אלטע טראַדיציע פאַרבליבען פון אמאָליגע יאָהרען.

איסאַק אבראַמאָוויטש'עס בן־יחיד'על, י א ש ע נ ק ע, שפּיעלט זיך דאָרט ערגיץ מיט דער באָנע (א כּריסטין). אלע מינוט קומט יאַשענקע אריין און ארויס. די באָנע לויפט איהם נאָך און שלעפּט איהם אוועק. איינציגווייז קומען זיך צונויף די געסט, לויטער אריסטאָקראַטען, מיט זייערע ווייבער, דאַמען־אריסטאָקראַטקעס. אלץ איז אויסגעפּוצט אויפ'ן שענסטען אָרט. קלעאָפּאַטראַ דאַווידאָוונאַ נעמט־אויף די געסט. עס קומט־אריין פון א זייטיג חדר דעם בעל־הבית'ס פאָטער, רב אברהמ'על

וויראַך, שוין רעכט וויים, געהט־צו צום לעמפּעל, וואָס ביי דער טיר, בויגט זיך צו, בענטשט חנוכּה־ליכטלעך. עס רייסט זיך אריין דער קליינער יאשענקע. קלעאָפּאַטראַ דאַווידאָוונאַ קוקט בייז אויף דער באָנע; יענע שלעפּט איהם ארוים.

אויף אַ מינוט טהוט דער עולם אָן די היטלען. דער אַלטער בענטשט־אָפּ חנוכּה־ליכטלעך, געהט באַלד אוועק. דער עולם איז איבערגעקומען. דאַנקען גאָט... מע טהוט־אויס די היטלען, מע זעצט זיך אוועק ארום די גרינע טישלעך, מע נעמט זיך צו דער ארבייט.

### ג.

### קלעאָפּאַטראַ דאַווידאָוונאַ האָט געהייסען!

אויפ׳ן עקראַן — אַ קינדער־חדר׳על. אַ סך שפּיעלעכלעך און צאַצקעס. אין ווינקעל צוגעגרייט אַ בוים — אַ יאָלקע — באַ־צייטענס, לכבוד כּריסטמאַס, פּיין צוגעקלויבען, שוין מיט ליכט־לעך, און ווי מיט שניי באַדעקט. יאשענקע רייסט זיך צו דער טיר. ער וויל דוקא אהין, אין זאַל, וואו די געסט. די באָנע האַלט איהם דוקא צו, לאָזט איהם דוקא ניט. ער רייסט זיך, און זי לאָזט איהם ניט. יאשענקע דאַרף ניט זעהען, ווי מע בענטשט חנוכּה־ליכטלעך. קלעאָפּאַטראַ דאַווידאָוונאַ האָט אזוי געהייסען!...

### ד.

### ווער ווייסט, וואָס מיר וועלען נאָך דער־לעבען?

אויפ׳ן לייוועגט די זעלבע זאַל. איסאַק אבראַמאָוויטש וויראַך שוין אויך ווייסליך געוואָרען. קלעאָפּאַטראַ דאַווידאָוונאַ איז די זעלבע קלעאָפּאַטראַ דאַווידאָוונאַ, נאָר שוין ניט אזוי גייציג, ווי

פריהער. אַ שטילע מרה־שחורה ליגט אויף זייערע פּנים׳ער, ווי אויך אויף די פּנים׳ער פון די געסט, וואָס קומען שוין ניט מיט אַזאַ אימפּעט און זעצען זיך ניט אַזוי האַסטיג צו די גרינע טישלעך. קענטיג, אַז יעדער טראָגט אַ זאָרג ביי זיך אין האַרצען, טיעף פאַר־באָרגען. דאָס אַלטע זילבערנע חנוכה־לעמפּעל הענגט זיך אַלץ אויפ׳ן זעלבען אָרט, ביי דער טיר. נאָר נישט דער אַלטער רב אברהמ׳עלע ווייראַך געהט־צו בענטשען חנוכה־ליכטלעך. דער אַלטער רב אַברהמ׳עלע ווייראַך איז שוין לאַנג אויפ׳ן הייליגען אָרט. דאָ אין זאַל, אין אַ שוואַרצער ראַם געפאַסט, הענגט זיין בילד — אַ גרייז־גרויער מאַן מיט טיעף־פאַרזאָרגטע אויגען. חנוכה־ליכטלעך בענטשט אַ יונגער בחור, אַ סטודענטעל מיט רויטע בעקלעך. נאָכ׳ן פּנים איז צו דערקענען, ווער דאָס איז. דאָס איז יאַ־שענקע אַזוי אויסגעוואַכסען. אַרום איהם — נאָך עטליכע סטודענטלעך, אַלע אין די היטלען. נאָך די סימנים פון זייערע פּנים׳ער און באַוועגונגען איז צו דערקענען, אַז די געסט זענען טיילווייז איבערראַשט, טיילווייז צופריעדען: „ווייראַכ׳ס זוהנדעל שיינט אַ ציוניסט"... טאַטע־מאַמע קוקען זיך איבער אַ ביסעל פאַרשעמט. קלעאָפּאַטראַ דאַווידאָוונאַ פייערט. זי האָט זיך קיינמאָל ניט גערעכט, אַז ביי זיי זאָל אויסוואַכסען אַזעלכעס... אַזעלכעס... זי קנייטשט מיט די פּלייצעס, זי ברעכט די הענט, זי קוקט פאַרזאָרגט אויף איהר קינד און אויף די געסט, האַלב געשמייכעלט, האַלב גרייט צו בעטען ביי זיי מחילה, גלייך ווי זי וואָלט זיך פאַרזינדיגט קעגען עמיצען.

איהרע אויגען זאָגען:

— די וועלט געהט צוריק!... ווער ווייסט, ווער ווייסט, וואָס מיר וועלען נאָך דערלעבען?...

# שַׁלַח־מָנות

האַלבּ וואָכעדיג, האַלבּ יום־טוב׳דיג, מיט אַ זיידענער פּעטשיילע און מיט אַ פּאַרטוך, שטעהט די מאַמע ביי׳ם טיש, שטאַרק צעטראָגען. עפּיס אַ ווערטעלע אויסצורעדען — כּמעט אַ מאה שלח־מנות׳ען אָפּנעמען און כּמעט אַ מאה שלח־מנות׳ען אָפּשיקען. קיינעם נישט אָנזעצען, חלילה קיין טעות נישט האָבּען, געדענקען ווען וואָס פאַר אַ שלח־מנות מע בּאַדאַרף אָפּשיקען. צום בּיישפּיעל: אַז יענער שיקט אַייך איין פלעדעל, צוויי קישעלעך, איין מאָהינדעל, צוויי שטיקלעך טאָרט, איין האָניג־טייגעל מיט צוויי צוקער־לעקאַכלעך, — בּאַדאַרפט איהר איהם אָפּשיקען, געוועהנליך, צוויי פלעדלעך, איין קישעלע, צוויי מאָהינדלעך, איין שטיקעל טאָרט, צוויי האָניג־טייגלעך מיט דריי צוקער־לעקאַכלעך. מע בּאַדאַרף האָבּען אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער, חלילה נישט אָנמאַכען אַ חתונה, ווי עס האָט זיך אַמאָל שוין געטראָפען ביי אונז אַזאַ אומגליק, דאָס הייסט, מע האָט אָפּגעשיקט איינער אַ נגידית׳טע צוריק איהר אייגענעם שלח־מנות, האָט זיך דאָס געטהאָן! עס איז אַרויס אַ מחלוקת צווישען די מאַנען, מיט סקאַנדאַלען, מיט פּעטש, מיט מסירות, מיט רדיפות, ווי געוועהנליך... היינט די מענטשען, וואָס בּרענגען דעם שלח־מנות, בּאַדאַרף מען אויך עפּיס שענקען, ווען אַ קאָפּיקע, און ווען צוויי, און ווען נאָך מעהר ווי צוויי... אָט עפענט זיך די טיר און סע קומט־אַריין אַ מיידעל מיט שטאַרק־רויטע האָר און מיט אַ סך קלייען אויפ׳ן פּנים — דאָס איז

מיין רבינ'ס א מיידעל. זי געהט־ארום פון איין בעל־הבית צום אנדערען און נעמט־צונויף די שלח־מנות'ען פאר'ן רבין. זי טראָגט אין האנט א שעלעכעל, איבערגעדעקט מיט א טישטיכעל. אינ'ם שעלעכעל ליגט א לעקאכעל, אינ'ם לעקאכעל שטעקט א ראָזינקע, און אויף דער ראָזינקע ליגט א זילבערנע מטבע. די מאמע דעקט־אויף דאָס טישטיכעל און לעגט־צו צו יענער מטבע נאָך א מטבע. און אויך דעם מיידעל רוקט זי עפּיס אין האנט אריין. דאָס רויטע מיידעל ווערט נאָך רויטער און ווינטשעוועט, ווי איין אַלטע: „דערלעבט איבער־א־יאָהר מיט אייער מאַן און מיט אייערע קינדער"... נאָך דעם רויטען מיידעל קומט־אריין א געשוואָלען בחור'על מיט איין אויפגעטראָגענער באַק, אונטערגעבונדען מיט א בלויער פעטשיילע. איין אויג א קליינס, דאָס אנדערע א ביסעל גרעסער. אין האנט האַלט ער א מעשען טעצעל. אויף דעם טעצעל ליגט א פלעדעל, אויפ'ן פלעדעל איז אויסגעצוויקעלט א פישעלע. דאָס פישעלע איז אָנגעפילט מיט האָניג־פארפעל. און ביי דער זייט ליגען עטליכע זילבערנע מטבעות און א פּאָר קערבלעך פּאַ־פּיערענע. דאָס געשוואָלענע בחור'על געהט־צו גלייך צו דער מאמע און שיסט־אויס אין איין אָטעם, ווי אויסגעלערענט אויף אויס־ווענינג: „א גוט יום־טוב, דער רב האָט אייך געשיקט שלח־מנות און דערלעבט איבער־א־יאָהר מיט אייער מאַן און מיט אייערע קינדער"... דאָס געשוואָלענע בחור'על נעמט־אָפּ זיין רח"ש און געהט־אוועק אָהן א „זייט־געזונט", וואָרום די ווינטשעוואניע האָט ער על־פּי טעות אויסגעהאַפּט פריהער. און עס קומען־אָן אַלע מאָל נייע פּארשוינען מיט נייע שלח־מנות'ען: פונ'ם דיין, פונ'ם חזן, פון די שוחטים, פונ'ם סופר, פונ'ם תלמוד־תורה־מלמד, פונ'ם בעל־תוקע, פונ'ם בעל־מגילה, פונ'ם מנקר, פונ'ם וואסערפיהרער, פונ'ם בעדער (אויך כּלי־קודש!), און נאָך די דאָזיגע אַלע קומט צו געהן וועלוועל דער שמש אליין, נעבאָך א קראנקער, א הייזעריגער, א יאַדעשליוווער. ער בלייבט שטעהן א ווײַלע ביי דער טיר, האַפּט זיך ביי'ם הארצען און פאַרהוסט זיך.

— וואָס וועט איהר עפּיס זאָגען גוטס? — פרעגט איהם די מאַמע שוין רעכט מיעד פון דער אַרבּייט.

— מע האָט אייך געשיקט שלח־מנות — מאַכט וועלוועל און באַווייזט אַ לעקאַכעל אין האַנט. — דערלעבּט איבּער־אַ־יאָהר מיט אייער...

— פון וועמען איז? — פרעגט איהם ווידער די מאַמע און לעגט־אַריין די האַנט אונטער'ן פאַרטוך; זי זוכט אַ מטבּע.

— פון מיר טאַקי אַליין, דערלעבּט איבּער־אַ־יאָהר מיט אייער... — מאַכט וועלוועל און פאַרהוסט זיך. — האָט קיין פאַר־איבּעל ניט, וואָס אַליין... נישטאָ מיט וועמען צו שיקען... געווען איין מיידעל, איז זי, ניט דאָ געדאַכט... איהר געדענקט דאָך מיין פראַדלען, עליה השלום?...

וועלוועל דער שמש פאַרהוסט זיך אויף אַ גאַנצער מינוט, און די מאַמע טהוט זיך אַ חאַפּ צו דער קעשענע, נעמט־אַרויס עטליכע מטבּעות מיט אַ מאָל און רוקט איהם אַריין אין האַנט אַריין, און איז איהם מכבּד, אויסער דעם, מיט אַ שטיק טאָרט און מיט אַ פּאָר פלעדלעך. וועלוועל שטופּט דעם טאָרט מיט די פלעדלעך אין בּוזעם אַריין, דאַנקט און ווינטשעוועט: „דערלעבּט איבּער־אַ־יאָהר מיט אייער מאַן און מיט אייערע קינדער", און פאַרהוסט זיך ווידער אַ מאָל. איך טהו אַ קוק אויף דער מאַמע — און דערזעה, אויף איהרע שענע אויגען הענגט אַ טרער.

וועלוועל דער שמש האָט מיט זיין שלח־מנות, וואָס ער האָט געבּראַכט „פון זיך אַליין", אַ בּיסעל פאַרשטעהרט אונז דעם יום־טוב. אָבּער ניט אויף לאַנג. בּאַלד נאָך זיין אַוועקגאַנג קומען־אָן נייע פאַרשוינען מיט נייע שלח־מנות'ען. און די מאַמע האַלט אין איין טיילען געלט: אַ גראָשען אויף צווייען, צוויי גראָשען אויף דרייען. און איטליכער בּאַזונדער בּאַקומט אַ שטיקעל טאָרט, אַ

פֿלעדעל, אָדער אַ לעקאַכעל — לאָז אַיין אָרעמאַן אויך וויסען פֿונ'ם הייליגען יום־טוב...

— דערלעבט איבער־אַ־יאָהר מיט אַייער...

— גם אתּם! דערלעבט אויך איבער־אַ־יאָהר!...

## די געפעהרליכע מצה

מעשה'לעך פאר אידישע קינדער.

ניט באוואוסט, ווען ס'איז געשריבען
(געדרוקט פון איין איבערגעבליבענעם כתב־יד).

# די געפערליכע מצה

אמאל איז געווען א מלך. דער מלך איז געווען א גרויסער און א שטארקער, נאר ער האט נישט ליעב געהאט קיין אידען. האט ער ארויסגעגעבען אלע מאל אויף זיי נייע גזירות, ווי פרעה מלך מצרים.

איינמאל — פסח איז דאס געווען — האבען זיך צונויפ־געקלויבען ביי איהם אין סענאט אלע מיניסטארען און מע האט זיך אוועקגעזעצט טראכטען, וואס פאר א נייע גזירה זאל מען ארויסגעבען אויף די אידען?

אידען זאלען ניט טארען זיצען אומעטום — איז שוין דא. אידען זאלען ניט טארען זיין קיין אפיצירען — איז שוין דא. אידישע קינדער זאלען ניט טארען לערנען אין די גימנאזיעס — איז שוין דא.

איז איינעם איינגעפאלען, ער זאל ארויסטרעטען קעגען מצה. איז ער ארויס מיט א מסירה — אזוי און אזוי. דיינע אידעלעך, אז עס קומט פסח, באקען זיי זיך אויף אכט טאג כסדר אזעלכע טרוקענע קיילעכיגע קארזשעקלעך, וואס מע רופט זיי מצה. ווער ווייסט, וואס דאס איז פאר א מין מאכל! עס וואלט געווען מעהר ווי רעכט, מע זאל זיי פארבאטען עסען מצה.

האט זיך דער מלך פארטראכט און האט ארויסגעגעבען א באפויל, מע זאל איהם ברענגען א מצה.

האָט מען זיך צעלאָזט איבער דער הויפּטשטאָדט זוכען אַ אידען, נאָר מע האָט נישט געקאָנט געפינען קיין אידען. און אַז מע האָט געפונען אַ אידען און געפאָדערט פון איהם אַ מצה פאַר'ן מלך, האָט ער געשוואָרען, אַז ער עסט ניט קיין מצה. (די אידען האָבען פאַרשטאַנען, אַז דאָ מוז זיין אַ נייע גזירה).

קוים מיט צרות מיט לייד האָט מען געפונען אַ אידען, וואָס האָט ניט מורא געהאַט אויסצוזאָגען, אַז ער עסט מצה. און מע האָט גענומען ביי איהם אַ מצה און מע האָט געבראַכט די מצה אין סענאַט פאַר'ן מלך.

דערזעהען די מצה, איז זי דעם מלך געפעלען געוואָרען, און ער האָט זי פאַרזוכט און שטיקלעכווייז געגעסען־גענעסען, ביז ער האָט זי אויפגעגעסען.

און אַז ער האָט זי אויפגעגעסען, האָט זיך דער מלך געפיהלט נישט גוט. און אַלע מאָל ערגער און ערגער און ערגער. און אַז ס'איז איהם געוואָרען גוט שלעכט, האָט מען אראָפּגעבראַכט די בעסטע דאָקטוירים מיט די גרעסטע פּראָפעסאָרען פון לאַנד, און זיי האָבען אויסגעפונען, אַז ביי'ם מלך אין בויך געפינט זיך עפּיס אַ זאַך, וואָס טהוט איהם צום טוידט.

האָט דער גרעסטער פון די פּראָפעסאָרען צוגעלעגט איין אויהער צום מלכ'ס בויך און גענומען זיך צוהערען. הערט ער, ווי עמיצער זינגט דאָרטען. רופט ער זיך אָן צום מלך: „אדוני קיניג! אויב דו וועסט מיר דערלויבען, וועל איך זיך דורכרעדען מיט דעם, וואָס געפינט זיך ביי דיר אין בויך". זאָגט צו איהם דער מלך: „רעד". רופט זיך אָן ד'ער פּראָפעסאָר צו דעם וואָס ביי'ם מלך אין בויך: „זאָג מיר, ווער ביזט דו?" ענטפערט איהם יענער: „איך בין אַ איד". „וואָס טהוסט דו דאָ?" „גאָרנישט". „אפשר וואָלסט דו ארויס?" „איך וויל נישט". „פאַר וואָס?" „דאָס איז מיין עסק". „געהסט דו ארויס, באַקומסט דו אַ מתנה". „מיר וויסען שוין, וואָסער אַ מתנה: מע שיקט מיך ארויס אין

פיער און צוואנציג שעה". „פאר וואס?" „דערפאר, וואס איך בין א איד, און א איד טאר דא ניט זיין". „אבער אז מע וועט דיר צוזאגען, אז דו מעגסט דא זיין?" „מיר אליין איז בלאטע; איך וויל, אז אלע אידען זאלען דא מעגען זיין".

פונ'ם דאזיגען שמועס האט דער מלך געפיהלט זעהר נישט גוט. דער איד האט גערעדט מיט הענט און מיט פיס און מיט אלע אברים, און דער מלך האט געמיינט, אז ס'איז איין עק פון זיין לעבען. האט ער אנגעהויבען בעטען ביי די פראפעסארען, זיי זאלען זעהען מאכען איין עק. רופט זיך אן דער עלטסטער פון די פראפעסארען צו דעם וואס ביי'ם מלך אין בויך: „דער מלך זאגט דיר צו, אז דו וועסט דא מעגען זיין וויפיעל דו ווילסט". „האב איך דאך געזאגט שוין, אז פאר מיר אליין איז בלאטע; איך וואלט וועלען, אז אלע אידען זאלען מעגען". „גוט, אלע אידען וועלען מעגען, אבי געה־ארויס וואס גיכער". „ווער זאגט דאס?" „דאס זאגען מיר, דאקטוירים, נאר אזוי איז דער ווילען פונ'ם מלך". „פון וואנען ווייס איך דאס?" „האסט דאך געהערט, ווי דער מלך זאגט". „דער מלך זאגט — דאס איז נאך אלץ ווייניג. איצט, אז סע טהוט איהם וועה, זאגט ער; שפעטער, אז ס'וועט איהם אויפהערען וועה טהון, וועט ער זאגען עפיס אנדערש. אזוי ווי פרעה מלך מצרים". „וואס זשע ווילסט דו?" „וויל איך, ער זאל עס חתמ'ענען, ארויסגעבען אויף פאפיער, דורכפיהרען דורכ'ן סענאט"...

און דער איד, וואס ביי'ם מלך אין בויך, האט גענומען אזוי שטארק ווארפען מיט הענט און מיט פיס, אז דער מלך האט שוין מעהר נישט געקאנט איבערטראגען די וועהטיגען. האט ער גע־הייסען, מע זאל צונויפרופען די מיניסטארען און מע זאל אנ־שרייבען א פאפיער, צולעגען דעם מלכ'ס חתימה און דורכפיהרען דורכ'ן סענאט א נייעם געזעץ, אז אידען מעגען וואהנען דא אין דער קרוינשטאדט און אומעטום אינ'ם גאנצען לאנד פראנק און פריי — והכל שריר וקיים.

אונ ווי נאָר דער איד האָט דאָס דערהערט, האָט ער זיך גע־
געבען א שפּאר־ארויס דורכ'ן מינדסטען פינגערל פונ'ם מלכ'ס
לינקער האנט, זיך פארנייגט פאר'ן גאנצען סענאט און איז גלייך
אוועק צו זיינע ברידער זוכען געשעפט.